משה גראָסמאַן

פון דער סעריע:
„פען־ביכער אין ישראל“

# היימישע געשטאַלטן

דערציילונגען, פּאָרטרעטן, מיניאַטורן

פאַרלאַג „פיקציע“

תל־אביב, סעפטעמבער 1953, תשי״ד

# אינהאלט:

## דערשינענע ביכער פון זעלבן מחבר:

„פלאמען און רויך"

ראָמאַן פון אַן ארבעטער־סביבה, ווארשע, 1931.

„האַמער אויף האַרפע"

נאָוועלן, ווארשע, 1933.

„קאַרל מאַרקס"

ביאָגראפישער מאָנטאַזש־ראָמאַן, ווארשע, 1934.

(אין יאר 1935 דערשינען אין א פויל׳שער איבערזעצונג:

M· GROSMAN: KARL MARKS

איבערזעצונג: ס. רעי. פארלאג: „זניטש", ווארשע 1935).

(אין יאר 1936 דערשינען אין יידיש א צווייטע אויפלאגע, ארויסגעגעבן פון פארלאַג מאַרק ראַקאָווסקי, ווארשע).

„דערוואכונג"

ביאגראַפישער ראמאַן (ערשטער באנד, יוגנט־יארן פון ראָזא לוקסעמבורג), פארלאַג „ליטעראַרישע בלעטער", ווארשע, 1937.

„אין פארכישופטן לאנד פון לעגענדארן דזשוגאשווילי"

(מיינע זיבן יאר לעבן אין ראַטנפארבאַנד — 1939—1946).

באנד 1, פאריז, אפריל 1949.

„אין פארכישופטן לאנד פון לעגענדארן דזשוגאשווילי"

באנד 2, אויגוסט 1949, פאריז.

צווייטע אויפלאגע: — 1950, פאריז.

„הארץ האגדית הכשופה"

(שבע שנים בברית המועצות)

הוצאת ספרים נ. טברסקי, יוני 1951. ספר ראשון.

„הארץ האגדית הכשופה"

ספר שני: — אוגוסט 1951.

מהדורה שניה (צווייטע אויפלאגע) 1953.

# עסטערקע

מענטשן פון מײַן דור

אַ ר ײ נ פ י ר

צי דערפֿאַר װײַל ס'איז זעלטן אױסגעקומען צו שפּאַצירן און רעדן מיט איר באַטאָג, — סײַװױ דער אײַנדרוק איז פֿאַרבליבן:

אױב עסטערקע דערצײלט שױן עפּעס װעגן זיך, איז עס נאָר באַנאַכט. לפּחות פֿון בין השמשות אָן.

װען דער שמועס װעגן פּאָליטיק, ליטעראַטור, קונסט, װעגן באַקאַנטע, האָט שױן געזעטיקט, ס'קומט שױן אױס איבערצוקײַען; די נאַכטלאָמפּן זענען שױן מיד ברענענדיק, אָדער די אױגן מיד קוקנדיק; די מידיקײט פֿאַרבײַט זיך שױן ביסלעכװײַז אין אַ פֿאַמעלעכער, געדיכטער פֿליסיקײט פֿון בענקשאַפֿט; פֿון די ברײטערע און באַלעבעטערע גאַסן אין װאַרשע פֿאַרגײט מען אין די שמעלערע, שטילערע געסלעך װאָס פֿירן צו דער װײַסל, —

ערשט דעמלט דערצײלט מען װעגן זיך. לײַבאײַגנס. אינטימס. ערשט דעמלט דערצײלט עסטערקע עפּעס װעגן זיך.

ווי אזוי אפשילדערן עסטערקען? איר אויסזען? אַז מענטשן זענען פאַראַן מילי — מיליאַסן, יעדער האט אַן אַנדער אויסזען, אַנדערע שטים, אַנדער גאַנג, אַנדערע תנועות — און שילדערונגען זענען פאַראַנען באַגרענעצטע. טא ווי אזוי קאָן מען דערגיין דאס אויסזען פון אַ באשריבע־נעם העלד?

וועלן מיר פּרווון זאגן וועגן איר נאָר קוים עטוואס, און צו ביסלעכווייז וועלן מיר אפשר ווערן מיט איר היימישער, אייגענער, און זי באַקענען.

ווען איך האב זי באקענט, האט זי געהאלטן ביים ענדיקן גימנאזיע, נאָר יונג איז זי שוין נישט געווען. וויפל יאָרן זי האט נישט געהאט אויף זיך, זיבעצן, צי גאָר נײַנצן — אלנפאלס זענען דאָס געווען זיבעצן אָדער נײַנצן הארבסטן.

די הויט פון איר פּנים — אַ טונקעלע, נאָר נישט פון דער זון, און נישט פון געבורט אַן, נאָר אַ ליימיקע טונקל־קייט, — די פארב פון מענטשן וואס וווינען אין פייכטע, טוכלע קעלערס. די הויט פון איר פּנים — אַן אויסגעמאַטערטע, שיטערע, אָבער נישט קיין דורכזיכטיקע, — אַן לויטערקייט, אַן ליכטיקייט.

איז זי, הייסט עס, נישט געווען קיין שיינע? אַז זי איז געווען אינערלעך שיין, וויזשע איז דאס מעגלעך, אַז מ׳זאָל עס נישט אָנזען אויך אויסערלעך?

איז זי נישט געווען יונג אין געמיט?

אַזעלכע כאראקטערן מענטשן, מיט אזעלכע איבערלע־בענישן ווי זי, זענען שוין קליינווייז אַלט, — אָבער ביזן טיפן עלטער, — (אויב זיי דערלעבן צו א טיפן עלטער), זענען

זיי נאָך אלץ יונג, אפילו קינדיש.

זי האט אנגעהערט צו א געהיימער, רעוואָלוציאנערער יוגנט־ארגאניזאציע.

וואלט אזא ארגאניזאציע נישט עקזיסטירט, וואלט עסטערקע זי געשאפן.

ווען איך האב זי באקענט, האט זי געוווינט אויף דלוגע גאַס. די דאזיקע גאַס הייבט זיך אָן אויף איין זייט מיט אַ טורמע. די פענצטער דאָרט זענען פארשטעלט מיט רויט־זשאווערדיקע דעכלעך־בלעכן, אין דער שיעף, די ארעסטאנטן זאלן נישט קאנען גארנישט זעען חוץ א שטיק הימל דורך א האלבן קוואדראט־מעטער. אַמאָל פירט מען ארויס עטלעכע קרימינעלע פארן טויער, זיי זאָלן פארקערן די גאַסן. זייערע גראָע ארעסטאנטסקע בגדים, גראָע היטעלעך אָן דאשקעס — פארשעמדן זייערע פנימער און דערשרעקן די דורכגייער, נאכמער — יונגנטלעכע און קינדער.

אַזאַ גאַס איז שוין ממילא מיט אַ ריח פון תמידיקן טרויער, הגם קיינער ניט די טורמע איז פאַראַן אַ רעסטאָ־ראַן, ווו ס׳גרימפלט א פידלער און ט׳באגלייט אים אַן אינ־וואליד אויף א צרהדיקער, האלב־הייזעריקער הארמאניע.

עסטערקע האט אָנגעפירט מיט א געהיימען קרייז חברטעס פון איר שול־קלאס. און מסתם דווקא דערפאר ווייל זי האט נישט געצאלט קיין שכר־לימוד. די שול איז א פריוואטע און ס׳לערנען דאָ נאָר מער־פארמעגלעכע מיידלעך. עסטערקע לערנט דאָ אין דער שולע, ווייל איר מאַמע וואַשט דא די פאָדלאָגעס, רוימט, איז דא די וועכטערין און דינערין. זי וווינט דאָ צוזאמען מיט די צוויי טעכטער אין וועכטער־

שטיבל ביי דער גימנאזיע. קיינע פון די שילעריגס ווייסט נישט אז די וועכטערין און רוימערין איז עסטערקעס מאַמע.

2

## אין איינער א מיטן נאַכט

די נאַכט האָט געפּלאַצט מיט א געשריי. ביי א פּאָעט איז דאָס אפשר א מליצה, אָבער נישט ווען עס זאָגט עס עסטערקע. זי האָט דאָס דעמלט אזוי געפילט, אזוי געהערט. זי איז דאַך דעמלט געווען א קליין מיידעלע.

אַ ווינטערנאַכט. אין אַ הילצערן שטיבל, אויף אַ פאַר־וואָרפן געסעלע אין פּראַגע. מען עסט אָפּ נאַכטמאָל, זי לייגט זיך מיטן יונגערן שוועסטערל אונטערן איבערבעט. די מאַמע האָט שוין פארמאַכט דעם לאָדן, פאַריגלט די טיר, פאַרדעקט מיט די פּייערקעס דאָס אויסגייענדיקע פייער אין קעכל, פאַרצויגן דאָס פוירהענגל. דער טאַטע ליגט שוין אויך אין בעט, כראָפּעט. די מאַמע בעט שוין איר בעטל, לעשט אויס דאָס לעמפל — איז שוין דעמלט די וועלט אָפּגעשלאָסן, פאַרמאַכט דער טאָג. ס'הייבט זיך אָן די אייביקייט פון נאַכט.

ווען איז דאָס געשען? ווען האָט זי דערהערט דאָס אויפגעבראַכענע געשריי? זי הערט עס נאָך עד היום אין די אויערן, ווי פאַרלייגטע מיט וואַטע, אָבער עס שפּיולט נאָך אַלץ אדורך דאָס שפּיציקע, שטעכיקע געשריי:

„געוווואַלד! געוו־א־ל־ל־ד! ענ־קער טאַטע איז אנטל־אָ־פ־ן!!"

די בלעכענע כלים וואס האָבן געהאָנגען אויף דער וואנט האָבן מעטאַליש מיטגעעכאָט דאס געשריי.

ווען זי, עסטערקע, האט זיך אויפגעכאפט, האט די מאמע געבראָכן די פינגער. אויף דער וואנט האָט דאָס זעלבע געטון אַ משוגענער שאטן. דאָס נאפטלעמפל מיטן פארקאָפּ־טשעטן פייערל האָט אונטערגעטאנצט אונטערן שאָטנס הענט. די מאמע האט שוין איצט געקניפּן די באַקן, געריסן די האָר. דער שאטן אויף דער וואנט האט דאס מיט חוזק איבער־געקרומט. דאָס שוועסטערל האט זיך אויך אויפגעכאפט. די מאמע ציט איר תפילהדיק־בראָכיקן „אויוויי!", וויל אים אָבער דערשטיקן צווישן די ציין, שכנים זאָלן נישט דער־הערן. די שויב איז אנגעדיקט מיט בלימעלעך פון אייז. אַ נאַסע קעלט קנייפּט און ציפּט אירע הענטלעך וואס זי האט אפּערגענומען פון אונטערן איבערבעט. צוויקט אין פנים, פרירט אויף די אויערן, נאָז. פון אונטער דער טיר, וואס איז ביי דער פּאָדלאָגע פארשטעקט מיט שמאטעס — ציט אַ קעלט. ס'לויפט נאָך ארום אַ ווינטל וואס איז אוודאי אהער אריין דענצמאָל ווען דער טאטע האט געעפנט די טיר צום אנטלויפן פון שטוב ארויס. און דאָס ווינטל וויל זיך צוריק ארויסרייסן, לויפט פון וואנט צו וואנט.

די מאמע האט געכליפּעט, געהעשעט. נאָר באלד האט זי אוודאי באנומען אז מיט דעם אלעם קאָן זי נאָר פארזוימען, חתמענען איר בראָך. האָט זי גיך פאררייסט אַ דערעלע אויפן קאָפּ, אויפגעריסן די טיר און זיך אַ לאז געטון מיט אַ געריס אין דער פינצטערניש אריין, אין דער זאַוויערוכע, זיך געוואָ־פּן אין אַ תהום אריין.

אין עטלעכע מינוטן ארום האט זי, אסתרל, נאָך א גע־שווינדן דורכבליקן זיך מיטן קלענערן שוועסטערל ברכה'לע, שוין אָפּגעמאכט אז ביידע וועלן זיי נאָכלויפן דער מאמען. האבן זיי א שליידער געטון דאס איבערבעט אויף דער פּאָד־לאָגע, אראָפּגעשפּרונגען און געשטופּט די טיר צום דרויסן ארויס. נאָר דער ווינט האט צוגעהאלטן די טיר, צוריקגע־שטופּט. אביסל נאכגעלאזן און ווידער צוריקגעשטופּט, ווי געשפּילט זיך מיט זיי, אויף צו להכעיס, דווקא אצינד, אין מיטן נאכט, ווען מ'דאַרף נאָכלויפן דער מאמען, וואס יאגט זיך נאכן אנטלויפנדיקן טאטן. זיי האבן דערלאנגט מיט דער טיר א זעץ אין ווינט אריין, אויפגעריסן, אויפגעפּראַלט, און ארויסגעפאלן אין שניי. זיך גיך אויפגעשטעלט. זיי זענען ארויס אין העמדלעך. דער שניי־ווינט האט באלד אָנגעגליט די העמדלעך, געהארטעוועט ווי דינגעם בלעך און געבריט און געשניטן די קינדערישע גופימלעך. האבן זיי זיך איינגע־קארטשעט איינגאנצן אויף קליין, געלאפן טאפּטשנדיק אין שניי, געלאפן, זיך איבערגעקייקלט, ווידער געלאפן און גע־וויינט.

3

## דאס רבילע מיט די קעץ

זייער זיידע איז געווען דער באוווסטער פּראַגער רבילע, ר' יידל. א רבי ס'מיינסט פּאר ווייבער. ס'זענען אויך געקומען צו אים מאנצבילן, אפילו למדנים אויך.

ר׳ יידל, דאָס פּראַגער רבילע, איז געווען אַ ליבהאבער פון קעץ און אליין געכאוועט עטלעכע צענדליק שטיק. ער האט זיי נישט ווייניקער ליב געהאט ווי די צוויי אייניקלעך אסתרל און ברכהלע. אבער די ביידע שוועסטערלעך האבן געפייניקט די קעץ, געשלאגן, אויסגעזאסן זייער עסן, צע־טרעטן, האט דער זיידע אויף זיי אנגעשריגן און פיינט געקריגן. האבן די קינדער פיינט געקריגן דעם זיידן צוזאמען מיט די קעץ.

קיין עסן האט אין שטוב נישט געפעלט. יעדעס ווייבל וואס איז געקומען נאך א ברכה צום רבין, האט מיטגע־ברענגט אין קאשיקל א מענדל אייער, אביסל מעל; ווער — אַן עמער קארטאפלעס, אביסל באריקלעך, מיירעלעך, ציבע־לעס; א קצב האט געברענגט א זייטל קעלבערינס, אַן עופות־הענדלערין — אַ געגזענע אדערקע. עסן איז געווען אין שטוב, אבער מער נישט. קיינמאָל נישט קיין רעכט מלבוש.

תמיד איז די שטוב געפאַקט מיט פרעמדע ווייבער. אַמאָל גאָר קומען נאך א ברכה — קרעציקע, קריפּלען, קאליקעס, קארליקעס, ליגן אין די שטיבער ווי אויף צו פארבלייבן דא, ליגן אויסגעלייגט אין הויף, אויף די שטיינער, מיט אַזאַ תענוג ווי זיי וואלטן געלעגן אין קלאָר־איבערגע־צויגענע, ווייכע בעטן.

אסתרלס טאטע געפינט זיך נישט קיין אָרט. ער לייענט ביכער, גייט אוועק אויף גאנצע טעג שפּילן שאַך. די מאמע זאגט אים אלעמאל צו אז זי וועט פועלן ביי איר טאטן ער זאל איר געבן געלט אויף צו דינגען ערגעץ אנדערש א שטיבל, אבער ער האט נישט קיין געלט, ער נעמט נישט ביי

די ווייבער קיין געלט, זעלטן ווען א ייד א גביר ליגט אוועק א באנקנאט אונטערן תהילימל, וואס ליגט שטענדיק אָן אפנס אויפן טיש, צוגעדעקט מיט א פאטשיילעכל. ר׳ יידל, דאס פראַגער רבילע האט א סך מענטשן צו העלפן, היילן, בענטשן. די קעץ דאַרף מען אויך באזארגן מיט עסן.

איז שוין יארן אזוי צעגערט מען און מען שלעפט מיט די צוזאגענישן אויף דינגען ערגעץ אַ באזונדער דירהלע אין פראַגע, ערגעץ דאָ דאלעבן, אבער דערווייל איז מען אלץ געבליבן אין דעם קעכל ביים זיידן אין דירה.

## 4

### אין געראנגל מיט דער זאוויערוכע

האט דאס זיידעלע זייערס מסתמא יא עפּעס דערהערט אצינד, און אין צייגענעם, געבלימטן שלאף־כאַלאַטל, אין די שקארפעטקעס, איז ער ארויסגעשפרונגען פון זיין שטיבל און נאכגעלאפן נאך די אייניקלעך. ער האט זיי נאכגעשריגן מיט געבעט, אבער דער ווינט האט צעברעקלט זיין געשריי, געכפלט עס, אָפּגעעכאָט, צוריקגעשטופט דאס קול זיינס, אים אליין.

ער האט אוודאי אצינד פארגעסן אז ער איז שוין אַן אלטיטשקער ייד, מיט א גראָער באָרד, וואס איז כמעט א דריטל פון אים די גרויס. ר׳איז מגולגל געווארן אין אַ יונג יונגל. ער האט גיך געפיסלט אין שניי, געשפרונגען, אומגע־פאַלן, געווארפן מיט די הענט ווי געטריבן פון זיך נישט־גוטע, און דעריאגט ברכהלען. ער האט זי פארקלעמט פארן הענטל און צוזאמען מיט איר זיך געיאגט נאך אסתרלען.

אנגעיאגט זי און אנגעכאַפּט זי פאַר די האָר. האָט אים אסתרל אַ כאַפּ געטון פאַר דער באָרד. ביידע האָבן געריסן און אסתרל האָט אים מנצח געווען, זי — מיט אַ קנויל ווייכע, ווייסע האָר פון זיידנס באָרד און ער — מיט אַ פּלעכטל האָר פון אייניקלס קעפּל.

ער איז צוריקגעגאַנגען מיט ברכהלען אין שטוב אַריין און ביידע האָבן געוויינט.

אסתרל איז ווייטער געלאָפן אויפן וועג צו דער קער־בעדזשער בריק. דער ווינט האָט געשניטן מיט אַ שיאַפן שניי. אַ ווייל זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אָרט, זיך געקרייזט אין אַ זייל און באַלד ווידער זיך געלאָזן אין אַ שיאַפן געלאָף. פאַרפרישעט אירע אויגן, אָבער אסתרקע האָט ווי אַ שווי־מערקע געשאַרט מיט די הענט, צוריקגעשלאָגן, אַוועקגע־פּאַטשט דעם שניי אין אַ זייט. וואָס נענטער זי איז געקומען צום בריק, אַלץ שיטערער זענען געוואָרן די הייזער אַרום, אַלץ מער תקיף איז געוואָרן דער ווינט מיטן שניי. כסדר זי אונטערגעהויבן אויף אנידערצווואַרפן. האָט זי אים אָפּגע־נאַרט, זיך אַליין אַוועקגעוואָרפן אויף אַ רגעלע און באַלד פלינק זיך צוריק אויפגעשטעלט און געלאָפן. געפאַלן און געלאָפן. גערופן דער מאַמען, געשריגן. דאָס לויפן מיטן שרייען האָבן זיך צונויפגעמישט, זי איז שוין אויף דער בריק, ס׳בריען די פיס, זי ווייסט שוין נישט וואָס זי שרייט, זי ווייסט שוין נישט אין וועלכער זייט זי לויפט, אויף פאָרויס אָדער צוריק. אָט איז זי שוין גאָר אויפן בריק, דער ווינט שליידערט זי צו די שטאַכעטן, זי פילט שוין נישט די צונג. פריער האָט די צונג געצוויקט, געביסן, איצט איז אַ שטיק

פרעמדע, געפרוּווירן אײַזן אין מויל. זי וויל לעקן דעם שנײ
פון די שטאכעטן אבער עס איז שוין קיין שנײ נישט, עס
איז פײַער. זי זעט פײַער, זי לעקט פײַער. לויפט זי נאָך?
האַלט זי זיך ביי די בריק־שטאכעטן? ליגט זי?

א פארמאכטער, צווײ־פערדיקער פורגאָן וואס צעפּירט
ברויט איבער די געװעלבער, האט זי אין עטלעכע שעה ארום
געברענגט צו פירן אהיים, אין פראַגע. דער פורמאַן האט זי
געפונען ליגן אויף דער קערבעדזשער בריק, א פארפרוי־
רענע. ער האט זי אײַנגעריבן מיט שנײ, דערנאָך מיט
שפּירטעס, זי ארײַנגעלייגט אין פארמאכטן, ווארעמען ברויט־
פורגאָן און ארײַנפארנדיק קיין פראגע איז אים נישט שווער
געווען געוואר צו ווערן וווּהין ער דאַרף זי אפּפירן און וועמעס
זי איז.

דאס איז געשען דעמאלט, ווען אסתרל איז ערשט געהאט
געווען מיט א טאג עלטער פון צען יאר. ברכהלע איז אלט
געווען זעקס יאר. דער מאמען האט געפעלט שוין נישט מער
ווי איין יאר צו די דרײַסיק.

אסתרל איז דעמאלט געלעגן לאנג צו־בעט.

די מאמע איז צוריקגעקומען ערשט קוים פארנאכט, אָן
דעם דערעלע אויפן קאָפּ. ס'האט עס ביינאכט אוודאי אוועק־
געכאפּט דער ווינט אויפן קערבעדזשער בריק. די מאמע איז
צוריקגעקומען מיט פאר'אבל'טע אויגן, אויסגעלאשן פנים,
מיט א פנים פון אן אלטער, פארצאָגטער, לעבעדיקער אלמנה.

זי איז נאָך עד היום פאר'ריח'ט פון יענע רפואות אין
די פלעשלעך מיט ווײַסע רעצעפּטן־פארטעכלעך. און עד היום
עקבערט נאָך אין איר שײדל דאס גאַיִענדיקע געוויין פון דער

מאַמען. דער מעטאַלענער ווידערקלאַנג פון די כלים אויף דער וואַנט. אַ קאַפּיטש פון אַ טענצלדיק פייער פון אַ נאַפט־לעמפל הוידעט זיך תמיד פאַר אירע אויגן בעת זי דערהערט, ווי דורך וואַטע, דאָס שפּיזלדיק־שפּיציקע געשריי:

„געוואַוואַלד! גע־וו־אַ־ל־ל־דד!! ענקער טאַטע איז אַנט־לאָ־פּ־ן!!

דער טאַטע, מיינט זי, איז פון דעמלט אָן ערגעץ פאַר־ווייעט געוואָרן פון שניי. נישט געוואָרן. — עפּעס זענען יאָ געווען אויסגעוועפּטע קלאַנגען, ערגעץ ווו האָט ווער דער־ציילט:

„ער לעבט אין פּאַריזער סאָרבאָנע";

אַ צווייטער:

„ער איז אַ טשעקיסטישער קאָמיסאַר אין רוסלאַנד";

„ער איז אַ מיסיאָנער אין דרום־אַמעריקע".

אָבער פאַר עסטערקען ליגט ער ערגעץ אַ פאַרוויִעטער אין אַ שניי־קבר און עס באַווייַנט אים אייביק יענער געוואַי דער מאַמעס:

„ג־ע־וו־אַ־ל־ד! ע־נ־ק־ע־ר ט־אַ־ט־ע איז אַנט־לאָ־פן!"

5

## סוד און מאַכט

עסטערקע איז צווישן די פעיקסטע שילערינס אין גימ־נאַזיע. געניטער — זי איז טאַקע די סאַמע פעיקסטע פון אַלע; ס'איז דאָך געווען אַ צייט ווען זי האָט באַדאַרפט אַגיאַגן צוויי

קלאַסן מיט איינמאל אויך. זי מוז אויך חוץ דעם זיין די סאַמע בעסטע, די סאַמע ערשטע שילערין, ווייל זי איז די טאָכטער פון דער דינערין און וועכטערין פון גימנאַזיע, ווייל זי האט נישט קיין טאַטן, וואס איז אפילו נישט טויט.

עסטערקאַ פלעגט נאָך די לעקציעס אראָפגיין פון שולע צוזאַמען מיט די איבעריקע שילערינס. אַראָפּ אויף דער גאַס און אוועק ערגעץ אויף א מכלומרשטן אדרעס. זי איז געניט געוואָרן אין אַלערליי טריקן און סטראַטעגישע המצאות ווי־אַזוי צוריקצוקומען אין גימנאַזיע און זיך אריינכאַפּן אז קיי־נער זאָל חלילה נישט באַמערקן.

עסטערקע פילט זיך גוט אין גימנאַזיע אויף די לעק־ציעס, אין קלאַס, ווען זי שטעלט זיך אויף און ענטפערט תמיד ריכטיק אָפּ אויף אַלע פראַגן פון די לערערס. דעמלט יוערט זי באַוווּנדערט פון אירע חברטעס. די קנאה־שפּיזעלעך פון אירע קאָלעזשאַנקעס זענען פאַר איר די לויטערסטע בּונשטראַלן וואס מחיה'נען איר גוף.

אָבער גלייך נאָך די דאַזיקע לעקציעס מוז זי זיין צוריק אין די זעלבע קלאַסן און צוהעלפן דער מאַמען וואַשן די פּאָדלאָגעס, אפּווישן דעם טאַפל, קאַטעדרעס, די בענק, טייל־מאָל פּילט זי די דאָזיקע שול־מכשירים ווי זיי וואָלטן זיין אינקוויזיציע־מכשירים, וואס ווילן זי נאָך פּייניקן און באַ־ליידיקן.

עסטערקע האט זיך געמוזט תמיד און כסדר היטן. מיט איר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט — פאַר דער שול־דירעק־טאָרין; זיך געמוזט היטן פאַר אירע חברטעס מיט איר פּער־זענלעך לעבן; זיך געמוזט היטן פאַר דער מאַמען מיט איר

אויסבאַהאַלטן אין שולע אומלעגאַלע ליטעראַטור, פּראָטאָ־קאָלן, אַפילו דרוק־מכשירים; זיך היטן פאַר פּאָליציי, אַגענטן, פּראָוואָקאַטאָרן.

זי האָט אויף דער גאַס גערעדט הויך, געלאַכט הויך, — נישט ווייל זי איז, חלילה, שלעכט דערצויגן, נאָר געוואָלט אַז מ'זאָל זעען אַז זי האַלט זיך פרײַ, נישט קרעמפּירט. דווקא דערפאַר האָט מען נאָך מער געפילט אַז זי איז כולו סוד און מלא קאָנספּיראַציע. עס האָט געפלעגט טרעפן אַז אין רעכטן מיטן לאַכן זאָל זי געבן אַ פּלוצימען, האַסטיקן האַק איבער, ווי ס'וואָלט אַראָפּ פון ערגעץ הויך אַ שניידמעסער, און ראַפּטעם פאַרבייטן זיך אין אַן ערנסטן, שטרענגן, בייזן פּראָ־קוראָר. איר בליק האָט דעמלט דייטלעך דערקלערט:

— יאָ, מיין לאַכן איז טעאַטער, אָנגשטעל. מיין רעדן און פאַרהאַלטן זיך איז גוט איינגעשפּילט און געשיקט אויסרע־זשיסירט.

האָט עס דיך איבעראַשט, צי גאָר פאַרדראָסן, אפשר אַפילו דערשראָקן. האָסטו זיך אויספאַרשעריש אַ לאָז געטון אַרויספאַנגען עפּעס פון אירע אויגן — האָסטו גאָר דערזעען אַז — זי שיקלט!

און שוין לאַכט זי ווידער. ווייך־ווייבעריש, יונג־מייד־לעריש. און זי וויל דיך בפירוש פאַרבליפן מיט איר מאַנצ־בילשן שאַרפזין. און באַלד פאַרקערט — מיט פרזיערישער סובטעלקייט. דאָס לעצטע פאַרמאַגט זי אין אַ גאַנץ קנאַפּער קאַרגער דאָזע, אָבער זי דראַפּעט עס אַרויס מיט די פינגער פון ערגעץ אַ פאַרבאָרגענעם רעזערוואַר, זי דעראַבערט עס מיט כוח, זאָל באַדאַי זיין אַ מינימום, כאַטש אויף ווייניקע

רגע'ס — אבער זי זאָל נישט אפּשטיין פון אַנדערע יונגע מיידלעך, — דו זאָלסט עס זען!

6

בענקאַפּט, זוכעניש, דיסקוסיעס

אויף פּאַוויע 11, פערטן שטאָק, אין איין קליין צימערל, האָט עסטערקע געוווינט מיט שיען.

עסטערקע האָט שוין לאַנג געענדיקט די גימנאַזיע. שוין נישט געווען אין קרייז פון פּויליש־רעדנדיקע. צוליב שיען איז זי אין אַ סביבה פון ס'מיינסט יידיש־רעדנדיקע. אָבער אַליין האָט זי נאָך ס'רוב גערעדט פּויליש. און גערופן האָט מען זי, ווי תמיד, נישט אסתרקע, נאָר עסטערקאַ, מיט דעם אַקצענט אויף דער פּאָרלעצטער זילב, ווי אין פּויליש.

צוזאַמען מיט עסטערקען און שיען, אין זעלבן צימערל, האָט אויך געוווינט בראָנקע.

די מאַמע האָט שוין דערצו נישט דערלעבט. זי האָט אָפּגעקרענקט עטלעכע וואָכן אין שטאָטישן שפּיטאָל און אויסגעגאַנגען.

עטלעכע וואָכן צייט האָב איך זיך געשעמט, נישט געהאַט דעם מוט, זיך צו באַגעגענען מיט עסטערקען, ווי אויך איך וואָלט געווען אַ מיטשולדיקער אין דעם גרויסן אומגליק פון איר מאַמעס טויט. אַלע, די גאַנצע וועלט איז דאָך דערין שולדיק און דאַרף דערויף טרויערן — ווי וועל איך גאָר וואָגן זי צו טרייסטן?

דאָס צימערל זייערס, וואָס זיי האָבן קוים געקריגן צו דינגען פאַר אַ שפּאָרער סומע שליסלגעלט, איז שוין פאַר זיי אַ גרויסע דערגרייכונג, אַ שטיק גליק. הגם די וווינונג איז אָן די מינדעסטע באַקוועמלעכקייט (דאָס קלאָזעט אויפן הויף), איז דאָס דאָזיקע שטיבל געוואָרן אַ צענטער, אַ מין פּאָליטיש־ליטעראַרישער סאַלאָן פאַר יוגנט. אין דער שטוב זענען געקומען סײַ אַזעלכע וועלכע האָבן אַקטיוו זיך אָפּגעגעבן מיט פּאָליטיש־פּאַרטייאישער אַרבעט, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אויף די אומלעגאַלע אַרבעטער־בערזעס; סײַ אַזעלכע וועלכע זענען געווען אויפן ראַנד פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אָדער געווען אַקטיוו און מיד געוואָרן, אָבער אַלץ פאַרבליבן אין דער אַרביטע. אינטערעסירט זיך מיט אַלע לויפיקע פּראָבלעמען, טעאָרעטיזירט, דיסקוטירט. געגאַנגען אויף סימפאָנישע קאָנצערטן אין פילהאַרמאָניע, קאָנסערוואַטאָריום, געלייענט נישט נאָר ראָמענזראָלאַנען און גאָרקין, נאָר אויך ניטשען, שטירנער, דאַרווין, דזשינס. געלייענט און געקענט זיי נישט גרינטלעך, גיכער אויבערפלעכלעך, פראַגמענטאַריש. נאָר אַזוי ווי מ'באַדאַרף נישט באַנוצן קיין סך פאַרפום אַז ס'זאָל זיך טראָגן פון דיר דער גוטער ריח, אַזוי איז גענוג געווען פאַר די אַלע בלויז עטלעכע טראָפּנס פון דער גייסטיקער מאַטעריע אויף צו באַקומען אַ לייכטן ריח, אָדער שם — פון „אינטעלעקטואַלן". פון אָנגעשמעקטע, אָנגעשטעקטע מיט אינטעלעקטואַליזם. פאַר אַזעלכע האָבן זיי זיך אַלנפאַלס געהאַלטן.

געקיבעיגט אין דעם קרייז האָט, פאַרשטייט זיך, עסטערקע.

אויף נעוויסע געביטן. זי קאָן גאָרנישט דערלאָזן דעם געדאַנק אַז ס׳זאָל זי ווער איבערשטייגן.

חוץ אין אזעלכע פאַלן ווען דער חילוק האָט שוין געגוג בולט געשגיטן אין די אויגן, איז זי ערשט באַשטאַנען אויף אָפּטרעטן דאָס ערשטע אָרט וועמען אַנדערש: ווען אַלס „וויצע־קעניגין" איז איר נאָך אויך גענוג פאַרבליבן אויף צו באַווייזן זיך מיט קענטשאַפט און שאַרפזין.

דאָ האָבן זיך צונויפגעטראָפן סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, אַנאַרכיסטן. דאָ איז מען נישט געווען אַזוי שטרענג־אָרטאָדאָקסאַל. מ׳האָט זיך באַמיט ווייניק צו געברויכן דעם גראָבן פּאָליטישן זשאַרגאָן, דעם לעקסיקאָן פון מאַסנמיטינגען, פּאָפּולערע בראָשורן. מ׳האָט זיך געמיט צו זיין לאָיאַל, אויסהערן די פאַרשידנסטע אויסטערלישע, געוואַגטע, נאַוואַטאָרישע געדאַנקען און מיינונגען.

דאָס וואָס האָט אומבאַוווסטזיניק געוואָרעמט דעם גאַנצן קרייז, זיי משועבד געמאַכט איינער צום צווייטן אין אַן אינטעלעקטועלער, חברישער טוליעניש, האָט אוודאי אויך געהאַט אַ שייכות צו זייערע נישט־גענוג אויסגעלעבטע ליבע־בענקשאַפטן.

דאָס זענען געווען יונגע מענטשן אין די עטלעכע צוואַנציקער יאָרן. ווער עס איז שוין „געגאַנגען" מיט זיינס אַ מיידל, געהאַט זיינס אַ „סימפּאַטיע", אַ פאַרבאָרגענע אָדער אָפענע; ווער עס האָט נאָך קיינעם נישט געהאַט; ווער ס׳האָט שוין אפילו געהאַט חתונה געהאַט. אָדער אַז אַזאַ פּאָרל איז געקומען אין דאָזיקן קרייז, האָבן זיי זיך געהאַלטן אָפּגעזונ־

דערטע, פרייע. דאָס וואס זיי האבן חתונה געהאט — איז לגמרי א פּריוואט־עניין, א שטיקל באַלעבאַטישער שריט, אין בעסטן פאַל — אַן עניין פון צוויי פריינט. אבער אין דער דאזיקער סביבה זענען זיי חברים פון קרייז, פון דער באוועגונג. זיצט זי מיט אַן אַנדערן אויף איין בענקל, זיצט ער מיט א חברטע אויף אַן אַנדער בענקל. איין א וויכוח איז דאָס פּאָרל במעט קיינמאָל נישט איינִיק. די פרוי וועט זיך מיען צו באווייזן אז זי איז אַן אומאָפּהענגיקער מענטש, מיט אייגענע, זעלבסט־שטענדיקע אַנשויאונגען, נישט אונטערגעוואָרפן דעם מאַנס השפּעה.

וועגן ליבע האט מען ווייניק גערעדט. אויף דער דאזיקער טעמע האט זיך גראָד יעדן איינעם געוואָלט רעדן א סך, און הערן פון אנדערע, איז מסתם דווקא דערפאַר האט מען דער־וועגן גערעדט קנאַפּ. איז דאָס נישט־גערעדטע פארבליבן ער־געץ אין די אויגן, פארבאָרגן. סמייכסט, פארשטייט זיך, ביי די איינזאַמע.

די יונגעלייט זענען בכלל געווען צניעותדיקע. מוזיק־קאָנצערטן, ביכער, דיסקוסיעס, פּאָליטישער קאַמף — האט זיי פארטרעטן אין א געוויסער מאָס דעם נאַטירלעכן סעקסועלן דראַנג.

די מיידלעך פון אַזעלכע מיני קרייזן האָבן נישט גענוצט קיין שמינקע צו די ליפּן. אַנפּודערן דאָס פּנים האט זיך שוין גערעכנט פאר א בורזשואַזער צעבאַלעוועטקייט.

אָבער האָט מען יאָ געפּראַוועט ביבקעס. ביי א גלעזל בראָנפן, ליקער, האט מען זיך שוין יאָ דערלויבט צו קושן. און דאָס גיכער אין טאָן פון גוטברודערשאַפט. פלעגן אפילו

אנקומען צו דער קינדערשער שפּיל פון פאַנטן. ווער ס׳האָט געוווּנען אַ פאַנט, האָט געהאַט רעכט אויף אַ קוש טון איינער פון די חברטעס. דאַבײַ זיך נישקשה אונטערגעשעמט. וואָרן אָט האָט מען דאָך ערשט געריידט וועגן באַפרייען וועלטן, אַנפירן מיט מאַסן, רעוואָלוציעס, פילאָזאָפישע אידייען — און דאָ מוז מען אַנקומען צו אַ פאַרשטעלטער שפּילערײַ כדי צו קאָנען זיך אַביסל קושן.

צווישן די חברטעס האָט עסטערקע תמיד געהאַט דעם גרעסטן אויטאָריטעט. זי האָט פרײַ דיסקוטירט וועגן אַלע מיני פּראָבלעמען. פלינק, מיט ישוב הדעת, קאָנצענטרירט אַרגומענ־טירט, שטענדיק געדענקט דעם נייטיקן, פּאַסיקן ציטאַט. מיט זיכערקייט באַשטאַנען אויף אירע מיינונגען, נישט פאַרענדיקט דעם שטרייט אויב זי איז נישט אַרויס די זיגערין. זי האָט אין איר דיסקוסיע־געפעכט זיך באַנוצט מיט אַ געווער, וואָס דער קעגנער איז געווען קנאַפּ דערמיט באַוואָפנט — מיט פּונקטלעכע סטאַטיסטישע ציפערן. ספּעציעל ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין עקאָנאָמישע, פינאַנסיעלע פּראָבלעמען. זי האָט געוווּסט וויפל באַנקנאָטן די מלוכה־באַנק האָט אַרויסגע־לאָזט אין יעדער עמיסיע, וויפל ס׳איז פאַראַן גאָלד אין מלוכה־אוצר, וויפל ס׳זענען ווערט די מלוכהשע פעלדער, גיטער, וויפל ס׳איז פאַראַן פרײַ פּאַשע־פעלד, די צאָלן פון עקספּאָרט און אימפּאָרט.

אין וויכוחים מיט חברים האָט זי, מחוץ דעם סטאַטיסטיק־געווער, אויך גענוצט דאָס אייגנטימלעכע מין פּרויען־געווער, וואָס האָט בײַ איר לעצטנס, מיט יעדן טאָג און שעה, אַזוי זיך אויסגעפיינערט, אויסגעאײַדלט:

חן, ווייכער שמייכל.

נאָך אלץ האט זי איר האָרטן, שיער נישט מענערישן טריט; דאָס פּנים נאָך תמיד פאַרלאָפן מיט זארג — וואס פארטרייבט דאָס ביסל אויסגערוטע שיינקייט, — אבער זי דערראַבערט פון ערגעץ, אויף אַן אומוועג, פון אַ נויט־רעזערוו, אירס אַ דאָזע חן און צאַרטקייט, צירלעכקייט, לייטזעליקע האַרמאָניע — אָבער נאר אין נייטיקע פאַלן. אזוי איז גע־ווינלעך שטענדיק גרייט אויף איר פּנים:

אָפּוועך און אנגריף.

7

## בראָנקע

א שוועסטער פון איין טאטע־מאמע, מיט פיר יאָר יונגער, אבער מרחקים־וויט פון עסטערקען. אַן אנדער טיפּ, אנדער כאראקטער, אנדערער באנעם. האָט זיך געלערנט שלעכט, קוים עפּעס אויסגעלערנט, לייענט זעלטן א ביכל, און דאָס אויך פון ביליקן, סענסאציאנעלן זשאַנר. ס׳אינטערעסירן זי נישט קיין אידייען, פּארטייען, געזעלשאפטלעכע פּראבלעמען. זי איז א מיידל וואס וויל א באלעבאטיש יונגל פאר א חתן, ער זאָל זי הערן, מורא האָבן פאר איר. בראָנקע איז תמיד אַן אומצו־פרידענע, אַ בייזע. זי האט פיינט דער שוועסטערס חברים, זייערע שמועסן, זייער בטלנישקייט, זיך פארנעמען מיט וועלט־ענינים אנשטאט זארגן פאר זיך, אז דער קאַלנער זאל זיין ריין און געפּרעסט. זי האט אפילו פיינט דאָס יידיש־רעדן

פון די חברים. עפעס רעדן זיי אויף שטאלצן, פארצויגן, צי גאר אביסל ליטוויש. זי רעדט אויך יידיש, אבער דעם פּראָסטן, פּראַגער־ווארשעווער יידיש, די רייד אין דער ברייט, לויז, נאכגעלאָזן. אבער זי האט קראנטערשט ליבער צו רעדן פויליש. און מיט דער שוועסטער רעדט זי סמיינסט פּויליש.

עסטערקע האט בראנקען ליב, קוקט אויף איר ווי אויף א קינד, באַציט זיך צו איר ווי א מאמע, און בראנקע שרייט אויף איר, האט תמיד טענות. א סך מאל איז גראָד צו מיינען אז דווקא עסטערקע איז דאָס קינד און זי, בראנקע, איז די תכליתדיקע, שכלדיקע, פּראקטישע, פארשטייט דאָס לעבן בע־סער איידער עסטערקע, וועלכע וויל אלץ איבערקערן, וויל רעוואָלוציעס — וואס עס פאסט גארנישט פאר א מענטש וואָס האט ליב אָרדנונג, ריינקייט. איז גאר בראנקע די מאמע צו עסטערקען. זאָל נאָר ווער פרווון זאגן א האלב קרום ווארט אויף עסטערקען, ווייסט בראנקע וויאזוי אויסצוקראַטשען די אויגן, צעדראפּען, צעקרעלן א פּנים — אז א ריבאייזן וועט שוין אויסזען גלאַטיקער.

זינט בראנקע וווינט אין איין צימער מיט עסטערקען און שיען, הייבט זיך אָן א באזונדער קאפּיטל, וואס פארדינט א באזונדערע סטודיע. דאָס גייט אבער נישט אריין אין די ראמען פון דער דאזיקער סכעמאַטישער פארצייכענונג. גענוג איז נאר אויף א רגע א טראכט צו געבן וועגן א יונג מיידל, וואס וווינט צוזאמען מיט א חתונה־געהאט פּאָרל, אין איין קליין צימערל. אלערליי צעראצטע, פארוווּנדעטע געפילן, רעאקציעס, העמונגען, זשעניִרונגען, שפּאַנונגען, שטערונגען — נישט נאָר פון בראנקען — פון אלע דריי.

8

## די ליבע לעשט זיך

אין דער באוועגונג, אין דער פארטיי, זענען פארגעקומען גרויסע געשעענישן. דאס זענען געווען אפקלאנגען פון יענעם לאַנד פון פארווירקלעכטן אידעאַל, פון סאָציאלן יושר. דאָרט האבן זיך אנגעהויבן אידעאישע שטרייטן אין דער אנפירונג פון דער פאַרטיי און די דאזיקע שטרייטן זענען געלעזט געווארן מיט דעם ארגומענט — פון א קויל אין קאפ.

ווען דער אָפקלאנג צוזאמען מיט אינסטרוקציעס זענען אנגעקומען פון דאָרטן קיין ווארשע, האט מען די אפנייגלער פון דער אינסטרוקציעס־ליניע גיך אויסגעשלאסן, באקעמפט. היות ווי א קויל אין קאָפ אריין במקום אַן ארגומענט האט מען דא נישט געקאָנט באנוצן, האבן גענוגנט זלזולים, בלבולים, אין נייטיקע פאלן — אויך קלעפ. די מער גייסטיק־זעלבסט־שטענדיקע, וואס אידעאַל איז ביי זיי געבונדן מיט עטישע ווערטן, וואס זענען מוחל די מאטעריעלע דערלייזונג אויב זי גייט נישט געפּאָרט מיט גייסטיקער, עטישער דערלייזונג — אָט די אַלע האבן געהערט צו די אפנייגלער. זיי זענען דערפאַר גראָב באליידיקט געווארן פון די מערהייטלער. איז מען גע־וואָרן וואס א טאג אלץ מער פארביטערט, געצוווּנגען געווארן צו איזאלאציע, אייניקע דערפירט צו ווערעטאציע, און אפילו צו פסיכישער דעפרעסיע.

צו די אָפנייגלער האבן, פארשטייט זיך, אויך געהערט עסטערקע און שיע.

האט מען אנגעהויבן לעבן שטוביקער, באלעבאטישער. האט מען געגומען טראכטן וועגן מער פאַרדינען, טוישן דאָס איינצימערדיקע דירהלע.

האט שיע געפועלט ביי זיין עלטערן ברודער ביי וועלכן ער האט ביז איצט געארבעט ווי א געוויינטלעכער פועל, אַלס קירזשנער, צו ווערן א שותף צום ווארשטאט. דערנאך איז שיע געווארן א קאמיסיאנער, א וואיאזשער פון פוטערוואַרג. גענומען ארומפארן איבער די פראווינץ־שטעט צו פוטער־סוחרים, ווייזן מוסטערן, אננעמען באשטעלונגען. עס איז אים אויסגעקומען צו זיצן מיט די סוחרים אין קאפעהייזער, רעסטאראנען. אויך זיצן ביי זייערס א קאָרטן־טישל און ווערן „אַ האנט" צום קאמפלעט.

שיע האט שוין לייטיש פארדינט, זיך געקליידט סאליד־סוחריש. אויך עסטערקע האט זיך גענומען קליידן אנדערש. ווען זי איז פארבעטן געווארן צוזאמען מיטן מאן צו א קאָלאציע ביי א סוחר, אדער צו די שותפים, אויף א גלאָז „שווארצע" אין קאָפעהויז, האט זי שוין געפרווט אמאָל לייכט אנשמירן די ליפן. בראנקע האט דערפון אנגעקוואלן און עסטערקע — זיך גענומט. שיע האט חטאתי׳דיק אונטערגעשמייכלט, נאָכגעגעבן די פירעכצן פון דער באלעבאטישער וועלט.

שיע איז שוין לאנג געשטילט פון זיין ערשטן, גרינעם ליבע־הונגער. א זעטיקייט און מידיקייט האבן גענומען אויס־קיילעכיקן און פולער מאכן זיינע באקן. גלייכגילטיקייט האט זיך גענומען פארשארן אין די אויגן־ווינקלען. געווארן פוילער. נאָך א שטאפל: אומצופרידענער. א נאך־שטאַפל: איבערקליי־בערישער.

און דערצו האט נאך איין פלוצימע געשעעניש א שארפן קער געטון זייער צוזאמענלעבן:

## 9

### דער טאטע איז געקומען!

יאָרן לאנג האט זיך שיע געהאט אנגעהערט וועגן זייער, עסטערקעס און בראנקעס טאטן. ער האט געהערט האלבע רייד, געהילטע אין לעגענדארישן זייד; אמאָל האט ער געהערט הארבע רייד, ביטערע רייד, כעסדיקע, ווי זיי וואלטן געהאלטן געוואָרן אויף היי־גאָפּלען. און ווידער נישט דעררעדט. יענע געשטאלט איז וואס אמאָל מער פארוויקלט און מייסעדיק פאר־הילט געווארן, געהיימנישפולער. אמאָל א מלאך און אמאָל א דעמאָן.

ס׳איז שוין בערך צוועלף יאר זינט יענער געשעעניש. און וואס יונגער מען איז, אלץ לענגער זעט אויס דער טאָג, און א יאר איז א מהלך רב אין צייט. און אז די מיידלעך זענען אויסגעוואקסן, איז די געשטאלט פון טאטן געוואקסן, אין דער גרויס און פאַרנעם, סיי אלס מלאך סיי אלס טייוול — געווארן פאנטאסטיש, עטעריש.

— און אָט איז עס געשען

דא, אויף זייער אדרעס, אין דעם קליינעם איינעם שטיבל אויפן פערטן שטאָק, אויף פּאַוויע 11, איז געקומען יענע ווייטע געשטאלט.

דער ערשטער איז פון אים געוואָר געווארן שיע. און

ער האט אים דאָס באַדאַרפט אַריינפירן אין שטוב אַריין, זיך זעען מיט זיינע קינדער. מ׳האט זיי באדארפט ווי געהעריק צוגרייטן, זיי זאלן חלילה נישט איינברעכן זיך פון איבעראַ־שונג, קענען אויסהאַלטן אזא מין באַגעגעניש.

עטלעכע שעה איז געווען דעמלט פאַרמאַכט די טיר אין יענעם שטיבל. דאָס פענצטער פארהאַנגען. מ׳האט נישט גע־ווּסט וויאַזוי זיך דערצו צוגרייטן, ווי אזוי אים אויפנעמען.

קיין סך זענען מיר, די נאָנטע פריינט פון עסטערקען און שיִען, נישט געווען. מ׳ווייסט נישט פונוואַנען ר׳איז געקומען — צי פון רוסלאַנד, צי פון פאַריז, צי פון ארגענ־טינע. מ׳ווייסט נישט צי ער האָט ערגעץ ווו א פרוי, נאָך קינדער. מ׳ווייסט נאָר, אז נאָך דער ערשטער באַגעגעניש האט דער פאטער גאָר געפאָדערט געלט פון די קינדער, א גרעסערע סומע. און נאָך דער צווייטער באַגעגעניש, האט שיִע אים אַרויסגעוואָרפן פון שטוב, אַראָפּשטופנדיק אים פון די שטיגן. דאָס האט ער געטון, פאַרשטייט זיך, מיט דער הסכמה פון עסטערקען און בראַנקען.

אויך דעמלט, פונקט ווי נאָכן טויט פון זייער מוטער, בין איך, ווי די אַנדערע פריינט און חברים, נישט אַרויפגעקומען צו זיי אין שטוב אַריין עטלעכע וואָכן. זיך געשעמט מיט זיי צו באַגעגענען. געוואָלט אויסמיידן אז עסטערקע זאָל זיין גע־צוווּנגען אַראָפּצולאָזן די אויגן, אָדער דווקא ווערן נאָך מער טראַציק, און קוקן מיט צו־להכעיס־פייער פון אָפּווער און אַנ־גריף.

שיִע האט גענומען אהיימקומען שפּעט אין די אָוונטן. אָבער באַלד נאָכן ערשטן מאָל, ווען ער זאָל נישט נאָר האָבן

אהיימגעקומען שפעט, האט ער עסטערקען אין שטוב נישט געטראפן. בראנקע האט אים קיין ווארט נישט געענטפערט און ער האט נאָך געמוזט דאנקען גאָט דערפאר, וואס זי ענטפערט נישט, ווייל ווען זי רעדט יא, וואלט געווען ערגער.

אזוי א נאכט נאך א נאכט. א גאנצע וואָך. ער קומט אהיים שפעט און עסטערקע איז נישטא אין שטוב. ער גייט אוועק אינדערפרי צו זיין באשעפטיקונג — זי איז נישטא. עס איז געווען אין די חדשים יאנואר־פעברואר, בעת די גרויסע פרעסט.

ערשט נאכן איבערבעטן זיך איז ער געוואָר געווארן, אז עסטערקע איז אין ערגעץ נישט געהאט אוועק, נאר געלעגן אונטן אין הויז, אין קוילן־קעלער. אירע קליידער זענען געווען צעריסן פון די שטשורעס. זי האט פאַר דער וואָך צייט כמעט ווי געפאַסט. אפילו בראנקע האט ביי איר גאָרנישט געקענט פועלן.

דורך דער איינער וואָך האט עסטערקע זיך געעלטערט אויף יארן, פארענדערט, אויסגעזען געגוי אזוי ווי איר מאמע בעתן ליגן אירע לעצטע וואכן אין שפיטאל.

אָבער ווי שטאָל, גראָער, זידנדיק־צעגליטער שטאָל, האט געזידט אין אירע אויגן, געפייערט, טריומפירט:

אויסדויער און ניצחון. אָפּווער און אנגריף.

## 10

### היוצא מזה

נאָך אין דעם זעלבן יאר, אין אַ נאוועמבער־טאָג, איז עס־טערקע געווארן א מאמע צו א טעכטערל.

שיע האט זיך שטארק ארײַנגעטון אין מסחר. שײַן פֿאַר־דינט. ווען עסטערקע האט באדארפט צוריקקומען פֿון קינדל־הויז, איז שוין געווען גרייט א נייע דירה, פֿון 2 צימערן מיט א קיך, אויסמעבלירט, אויף שווענטאיערסקע 32, אין דעם גרויסן פרידמאנס הויף.

דעם קומענדיקן זומער האבן זיי געדונגען א דאטשע אויף דער אטוואצקער ליניע און דארט געווױנט ביזן הערבסט ארײַן.

עסטערקע האט זיך גענומען קליידן מיט שיק און עלע־גאַנץ, איינארדנען אויפנאמעס אין שטוב. תחילת — באזונדערע פֿאַר די סוחרים און באזונדערע פֿאַר די חברים־פֿרײַנט. שפּע־טער שוין צוזאמען. ס'האט זיך ארויסגעוויזן אז צווישן די סוחרים זענען אויך פֿאַראַן געוועזענע פּאַרטיי־מענטשן, נישט אלעמען פֿון זיי איז פֿרעמד א בוך. טייל לאָזן זיך קאסטן נאָך היינט פֿאַר פֿארשידענע פּאליטישע אינסטיטוציעס.

פֿונדעסטוועגן האט זיך זעלטן געענדיקט אַן אויפנאמע אָן א קערטל.

צום ערשטן געבוירנטאג פֿון הדסהלע, וואס איז געפּראַ־וועט געווארן מיט א ברייטער האנט, האבן מיר, די פֿרײַנט, זיך שטארק געפֿרייט מיט דעם געראטענעם קינד. עסטערקע האט אונז באוויזן אז ווען זי זינגט צום קינד די אריע פֿון „טאָסקאַ", צעוויינט זיך הדסהלע, זינגט זי דעם מאַרש פֿון „אַאידאַ", הייבט אָן דאָס קינד צו פֿרייען זיך, לאַכן, צוטופּן מיטן פּיסל צום טאקט. עסטערקע האט דעם דאזיקן אוונט דאָס איבערגעחזרט עטלעכע מאָל.

אויפֿן דאזיקן אוונט האט בראנקע פֿארגעשטעלט איר חתן.

ביידע האבן אונז אלעמען פארבעטן צו דער חתונה וואס איז באשטימט געווארן אויף עטלעכע וואכן ארום.

און איצט רייסן מיר איבער. איך געדענק נישט גענוי ווי לאנג עס איז אונז נישט אויסגעקומען זיך צו טרעפן. בין געווען פארנומען. זיי זענען געווען פארנומען. זיך נישט געזעען אוודאי א יאר, צי אפשר צוויי, צי אפילו מער נאָך. אפשר האבן מיר זיך יא געטראפן, נאר צופעליק, אויף א קאנצערט אין פילהארמאניע, אין טעאטער. אמאָל אנגעקלונגען דורכן טעלעפאן און קעגנזייטיק זיך אויסגעפרעגט וואס מען מאכט, וועגן א פאליטיש געשעעניש — און ס׳רייסט זיך איבער — עס קומט אָן די עפּאָכע היטלער, מלחמה — — — —

## 11

### אין ביאליסטאָק הערבסט 1939—ווינטער 1940

הערבסט 1939 אין ביאליסטאק ווו עס איז שוין געווען די רויטע ארמיי, אין דער שטאט ווו ס׳זענען געווען צענדליקער טויזנטער פליטים, דער עיקר פון ווארשע, לאָדזש, לובלין, בין איך געוואר געווארן אז שיע געפינט זיך אין ווילנע, ביי די ליטווינער. ער איז אנטלאפן פון ווארשע דעם 6־טן סעפּ־טעמבער, אין יענער באוווסטער נאכט, ווען עס זענען געלאפן הונדערטער טויזנטער מענער צו דער דרום־מזרח ריכטונג פון פוילן.

אין ביאליסטאק זענען פול אלע מארקן, געסלעך, שטיבער,

שולן, שוועלן — פול מיט פליטים. מ׳זוכט אײנער דעם צװײטן, מ׳וויל געוואר ווערן דעם גורל פון די פארבליבענע אויף יענער זייט. און אט דערזע איך אומגעריכט עסטערקען. מיט א פויעריש טיכל ארומגעבונדן דעם קאָפּ, ווי די פויערטעס, ווי די רוסישע פרויען וועלכע קומען איצט אויף קאמאנדיר־ראוועקעס צו זייערע מענער. עסטערקע האט אַן אָפּגעברוינט פנים, ווי ס׳וואלט געווען מיטן־זומער. די אנטשלאסנקייט אין אירע אויגן איז איצט נאך פילפאַך געטאפּלט. עקשנות אין מינדעסטן שטריך, אין איר געשטעל. פון אירע קליידער — אַ ריח פון ווינט און ווייטן וועג.

מ׳באגריסט זיך מיט איבעראשונג און פרייד, אבער דאָך שוין אָן יענער פאמיליארישקייט, נאָנט־חברשאפט. די טעג און וואָכן ליגן אין קעלערס אונטער באָמבארדירונגען, דאָס לויפן פון דער היים הונדערטער קילאמעטערס, יעדן האלבן טאג בייטן זיך די באדינגונגען, סביבה, מענטשן, געשעענישן — עפּעס האט זיך שוין ערגעץ ווו איבערגעריסן. דערצו נאָך האָט מען זיך אזא לאנגע צייט שוין נישט געזעען. נו, אבער דאָך — יוגנט־פריינד.

— עסטערקע, קומט ארויף דארט ווו איך האלט זיך אויף, נעכטיק, לאָמיר זיך אביסל אויסשמועסן.

זי צעגערט, קלערט א ווײלע:

— המ, נייך, היינט שוין נישט, מאָרגן באלד איגדערפרי. כ׳בין פארנומען.

מ׳רעדט נאָך אביסל, די זאצן זענען הארטלעכע, קיימלען זיך נישט, און מ׳געזעגנט זיך גיך, טאָקע צוליבן פארדרוס פארוואס עס קייטלט זיך נישט דער שמועס.

צומארגנס איז זי געקומען נאָך פריער ווי געריכט, גאנץ פארטאג.

אין די צוויי קליינע שטיבלעך אויף מלינאַוואַ גאַס, די „כאַנאַיקעס" אין ביאַליסטאָק, האָבן געגעדיכטיקט 26 מענטשן. אויך אונטער די טישן און אונטער די בעטן. מ'איז געלעגן אויף א זייט, פארוויקלט אין קאָלדרעס, קאָצן, טיכלעך. אנשטאט קישנס האָבן געדינט אלטע פּאַלטנס, ברעטלעך, פּעקלעך צייטונגען. די פענצטער זענען געווען פארהעמערט. אויך קינדער זענען דא געווען, איז דער ריח געווען זויערלעך־געדיכט, שווער־חלשותדיק. עסטערקע האט א קרום געטון די נאָז, אבער תיכף זיך צוריקגעכאַפּט.

זי איז געזעסן אויפן קאַנט פון בעט ווו איך בין געלעגן, און במשך עטלעכע מינוט איז שוין געווען אויסדערציילט און אויסגעפרעגט דער עיקר. זי האט געשמוגלט די גרענעץ פון ווארשע אהער, דורכן בוג. דורכגעשמוגלט די דייטשישע וואַך, די סאוויעטישע וואַך. מער געגאנגען צופוס ווי געפארן. בראנקע איז פארבליבן מיטן קינד אינדערהיים. בראנקע האט געהאט געוווינט מיט איר מאַן אין א צימער אויף אקאפּאווע, האָבן זיי זיך איבערגעטראגן צו איר אין דירה אויף שוויענטאיערסקע. זי גייט איצט שמוגלען די גרענעץ קיין ווילנע, זעען זיך מיט שיען. יאָ, זי מאכט שוין ס'צווייטע מאל דעם דאזיקן מארשרוט. זי איז שוין איינמאל געווען אין ווילנע, זיך געזעען מיט שיען. אין איין וועגס האט זי שוין געקויפט אביסל פוטערוואַרג, זי בינדט דאס ארום אויף זיך און שמוגלט דאָס דורך. ס'ערשטע מאל איז איר געלונגען. זי האט שיין פארדינט. פאַר דעם געלט וואס זי וועט פארדינען, וועט זי האָבן

אויף צו באצאלן פאַר דורכשמוגלען ס׳קינד, בראַנקען מיטן מאַן — אלע אריבערפירן קיין ווילנע. ביי די ליטווינער קאָן מען לעבן. נאָר מ׳איז נישט זיכער מיט די רוסן. זיי וועלן אוודאי נישט שענקען ווילנע צו די ליטווינער. זיי האבן עס אוועקגעגעבן צוליב פאליטישער סטראטעגיע, א טאקטיק אזא, א טריק, זיי וועלן אין א צייט ארום צוריקנעמען נישט נאר ווילנע, נאר מסתם גאנץ ליטע. קלאר, וועט מען דאַרפן אויך פון ווילנע אנטלויפן. לויפן ווייטער, אויף דער גרויסער, פרייער וועלט ארויס. דערצו דאַרף מען האבן א סך געלט.

בלייבן ביי די רוסן? דאָס הייסט:

געלייגט זיך מיט שוידער, אויפגעשאנען מיט גרויל, און די רעשט טאג ארומגעגאנגען אין א גארסעט פון פחד. דערויף האבן זיי צוואנציק יאר נישט דערשפייזט די בירגער? זיי איינגערעדט אז מ׳דאַרף דאָס געלט אויף באוואפענונג, און איצט פאַראַדירן זיי מיט ביקסן וואס זיי טראגן אויף שטריק־לעך?

— וואס אַרט עס אייך, עסטערקע, אז זיי טראגן די ביקסן אויף שטריקלעך? דאָס איז דער חיסרון? מילא, אַ־עמקייט איז נישט קיין חרפה. דאָס אַרט מיך גראָד גאנץ קנאַפּ.

עסטערקע נעמט באלד אָפּערירן מיט גאנצע טאַבעלעס ציפערן פון די פינפיאר־פלענער. וויפל מ׳האט אויסגעגעבן אויף שפייז, וויפל מ׳האט פראדוצירט שטאָל, און גומי, מיט וויפל פראצענטער עס איז געשטיגן די פראדוקציע אין פאַר־גלייך מיטן יאר 1913, וויפל ס׳איז געשטיגן דער פאַרזיי־שטח
— איז דאס דער סך הכל פון די אלע גערימטע דערפאלגן? ביקסן אויף שטריקלעך? די קאמאנדירן זאלן באשטעלן אין

די רעסטאראנען און גארקיכן צו אכט זופן מיט זעקס קאַ־טלעטן ? זייערע ווייבער זאלן אזוי קויפן קילאס פוטער, זיך אנטון אין נאכטהעמדער אנשטאט באַל־קליידער, מגושמדיק פארבן די נעגל, די ליפן. די קאמאנדירן ווייסן נישט ווי צו עסן מיט א גאָפּל, כאפן דעם שניצל אין האנט אריין, באשפריצן און באפלעקן די אנצעגער פון די געסט. זענען פּרימיטיוו, ליג־נעריש, פרעסעריש.

— וואס אַרט דאָס אייך אלץ, עסטערקע ? דאָס זענען דאָך פאלקסמענטשן. קוקט נישט אזוי באלעבאטיש, סנאָביש. די ראפינירטקייט פון די דייטשע קולטור־כאמעס געפעלט אייך בעסער ? א דייטשישער אפיציר קאָן קארעקט האלטן אַ גאָפּל, ער קאָן אבער אויך קאלט־קארעקט דערשיסן א קינד. זיין ביקס איז אויף א שיינעם לעדערנעם רימען, אבער צום טייוול מיט זייער טעכניק, קולטור, ארגאניזאציע — וואס דינט זיי נאר צו מארד. בעסער די רוסישע שטריקלעך ביי די ביקסן, איידער די דייטשישע שטריקלעך אויף וועלכע זיי הענגען יידן.

ווי א ראקעטע האט א לויכט געטון א בייזער פלאם אין אירע אויגן:

— די דייטשן זענען פרעמדע ! מיר האבן זיי קיינמאל נישט אוועקגעגעבן קיין גראם פון אונזערע געפילן. אבער דער רויטער ארמיי האָבן מיר אוועקגעשענקט אַלדאָס שענסטע, די ביכּורים — יאָ ? — די ביכּורים פון אונזערע געפילן. די רויטע ארמיי האט דאָך באדארפט זיין די דערלייזערין און באפרייערין פון אלע יידן, פון אומגערעכטיקייט, פון אונטער־דריקונג. זי האט דאָך באדארפט באווירקן צום אויפבליִען פון

דעם סאמע שענסטן און דערהויבנסטן אינעם מענטש. דערי־
בער־אָט, אז איך זע ווי גיך די דאזיקע אידייע איז געוואָרן
פארקריפּלט, דעגענערירט, ווי דער דאזיקער גלויבן ליגט
איצט געפּאלמעסט, באדעקט מיט א רויטער פאָן וואס וויל
שנעל ווערן שווארץ, אין טרויער, ווען הייליקייטן ליגן פּראפּא־
נירט, געשענדט — איז מיין גאנצער כעס, שנאה, פאראכטונג
— דווקא קעגן זיי! טאקע דווקא דערפאר וואס מיר לויפן
נישט אוועק פון די דייטשן זיך ראטעווען ביי זיי, ביי די סאָ־
וויעטן — אונזערע ברידער! דווא זיי, די סאָוויעטן, האבן
שותפות געמאכט מיט אָט דעם דייטש. איך וועל דאָ נישט
בלייבן און וויל אויך נישט אַז מיין קינד זאָל דאָ זיין.

זי האט אויסגערעכנט אז אין א חודש־צוויי ארום וועט זי
דורכגיין ביאליסטאָק אויפן לעצטן טור. שוין מיטן קינד,
שוועסטער און שוואגער, פונדאנען שמוגלען די סאָוויעטיש־
ליטווישע גרענעץ קיין ווילנע. פון דארטן וועט מען שוין ווײ־
טער זען.

און מיר האבן זיך געזעגנט. און היות מיר האבן נאך
א סך נישט געהאט דערערדט, ביידע האבן מיר נאך געהאט
גענוג זיך וואס צו זאגן, אויסצודערציילן, אראפּרעדן פון
הארץ, און נישט דווקא וועגן פאליטישע, געזעלשאפטלעכע
ענינים — האבן מיר ביידע זיך געדריקט די הענט איינמאל,
און נאכאמאל, און א דריט מאל, און ערשט ביים לעצטן
מאל דריקן די האנט — איז אַריין די שרעק אין די פינגער:

אַז טאָמער וועלן מיר זיך שוין מער נישט זען —

האט עס שוין געהאלטן ביים ארומנעמען און צעקושן
זיך, נאר מסתם כדי נישט צו באשטעטיקן אָט יענעם חשודיקן

געפיל אז מ׳זעט זיך טאקע שוין צום לעצטן מאל, האט מען עס נישט געטון, נאר נאכאמאל זיך געדריקט די הענט:

— נו, אסתרקע (איך האב זי דאס מאל גערופן מיטן יידישן אקצענט), זייט מיר געזונט, מיטן קינד, שיען, אייער שוועסטער און שוואגער, און לאָמיר זיך טרעפן אין ווארשע. אדער — אין תל־אביב!

זי האט זיך פארלוירן, ווייל זי האט פארלוירן א טרער — ניט איר טבע, און זי האט אויף גיך א זאג געטון:

— אָמן!

11

## אויף יענער זייט פון אלץ

וואס עס האט ווייטער פּאַסירט מיט עסטערקען און ווי אזוי איך האב זיך וועגן דעם דערוווסט, וועל איך דער־ציילן ביים סוף. איך וועל זיך באמיען איבערגעבן נאר דעם סאַמע קארגסטן בקיצור פון אייניקע מאמענטן פון דעם וואס עס איז מיט איר פארגעקומען. אייגנטלעך איז דאָך דאס וואס עס איז פאָרגעקומען מיט איר, אויך פאָרגעקומען מיט אַלע איבעריקע. דער וואס איז דארט נישט געווען האט בכלל נישט די רעכט צו דערציילן פרטים פון דאָרטן, ווייל עס זענען פאַראַן לעבנפארבליבענע פון יענער זייט און נאָר זיי האבן די רעכט צו דערציילן וואס דארט, אויף יענער זייט פון אַלץ — איז געשען. עס האנדלט זיך נישט וועגן רעכט. קיין שום מענטשלעכער דמיון קאָן דאס נישט משיג זיין,

און קיין שום פּען קאָן דאָס נישט אַרויסברענגען — וואָס דאָרט איז געשעען. עס קענען עס קוים די וואָס האָבן עס צוגעזען. אָבער ווען עס ווילן שרייבן דערוועגן די וואָס האָבן דאָס נישט צוגעזען — איז ווי וועלן מיט אַ קידוש־בעכערל אויסשעפּן דעם פּאַציפיק.

*

ווען עסטערקע איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע האָט שוין געהאַנגען אויף די ווענט די פאַראָרדנונג וועגן איינפירן אַ געטאָ. עסטערקע, נישט געקוקט אויף איר קריסטלעכן אויסזען, האָט נאָך באַוויזן געכאַפּט צו ווערן אויף דער גאַס צו אַרבעט, צו וואַשן די פּאָדלאָגעס אין אַ דייטשישער קאַזאַרמע. ביי די דייטשן אין וואַרשע איז שוין דעמאָלט געווען דער מנהג אַז די פרויען זענען מחויב אויסצוּווישן די פּאָד־לאָגעס מיט די אונטערהייזלעך, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט פון זיך אַראָפּציִען. אַז עס איז געקומען די ריי צו עסטערקען, האָט זי זיך פאַרטראַכט:

אַראָפּציִען אירע אונטערהייזלעך, אָדער גאָר דערלאַנ־גען אַ כמאַל איך די אויגן אַריין דעם דייטש. ער טראָגט ברילן און ס׳וואָלט גאָר פיין געווען ווען די שטיקלעך גלאָז פון די צעבראָכענע ברילן וואָלטן אים אַריין אין ד׳אויגן. ער וואָלט אַזוי גיך נישט געזען צו כאַפּן זיך צום רעוואָל־ווער. און אויב יאָ, וואָלט די קויל נישט געטראָפן אַזוי פּינקטלעך. אָבער דער דייטש האָט שוין דערווייל געקנעפּלט דאָס רעוואָלווער־טעשל. עסטערקע האָט אַ טראַכט געטון:

זי האָט נאָך היינט נישט געזונגען פאַר איר הדסהלען די אַריע פון „טאָסקאַ“. הדסהלע איז שוין אַ היפּש מיידעלע,

אבער עס איז שוין געווארן א געוווינהייט, אז די מאמע האט איר יעדן טאג געמוזט זינגען — אין פרימארגן — דעם מארש פון „אַאידאַ"", און פארן שלאפן גיין — די אַריע פון „טאָסקאַ". נו, מילא, וועט זי אראָפציען די הייזלעך און דערפאר נאך קאנען זינגען פאר הדסהלען די אריע פון „טאָסקאַ".

נו, דערמיט איז נאכגישט געענדיקט. נאכן אויסוווישן די פאָדלאגעס מיט די הייזלעך איז דער אין די ברילן צוגעגאנגען צו די פרויען און ביי יעדער איינער אונטערגע־הויבן ס׳קלייד. עפעס א זאג געטון, א לאך, אדער א קללה. עסטערקע האלט די נאסע הייזעלעך אין האנט, דרענגט זיי נישט אויס פון וואסער, האלט זיי גרייט — קינד, אַריע, — אז פאר די אויגן מישן זיך געלע פינטעלעך, ס׳בלוט רוישט און רייסט די האנט — אָט מיט די נאסע הייזעלעך אים א פראסק טון אין פרצוף — און —

ער איז צו איר נישט צוגעקומען. עפעס א הינטישן ברום געטון און זי אויסגעמיטן.

*

דער הויף שוויענטאיערסקע 32 איז דער גרעסטער הויף אין ווארשע. דארט האבן נארמאַל געוווינט עטלעכע טויזנט נפשות. איצט, ביים געטא, ווען ס׳קומען אָן ארויס־געטריבענע פון אלע זייטן, פון אלע גאסן, געגענטן, אויך מחוץ ווארשע, וווינען אין יעדער שטוב צו עטלעכע משפחות.

ס׳האט זיך שוין אנגעהויבן די שלאכט פאר דעראבערן א ברייטל, א שטיקל ציבעלע, א קארטאפל, א שטיקל פעטס, א פיצל זייף.

מ׳׳האט באדארפט זיך דורכגנבענען דורך די דראט־פארצוימונגען, מ׳האט באדארפט אויסזען אַריש, האבן די נייטיקע דאקומענטן. מ׳האט באדארפט האבן געלט פאר די פּאָליאקן־שאנטאזשיסטן.

ס׳האט דערקוטשעט די ענגשאפט, שמוץ, לייז, טיפוס, אוויטאמינאָזע.

ס׳האט זיך אנגעהויבן די פּלאָג פון גנבות, מסירה, רויב. ס׳האט זיך אנגעהויבן די פלאג פון אויסגעלאסנקייט, הולטאיסטווע, שיכּורן. נאנטע זענען זיך פרעמד געווארן. ביי מענטשן מיט שוואכערע כאראקטערן איז פונקט ווי ביי שלעכט־געזילבערטע לייכטער — ס׳נעמט זיך גלייך אפּשיילן דער זילבער און ס׳נעמט ארויסקוקן דער געל־מגושמדיקער מעש — אזוי האבן אנגעהויבן זיך צעשמעלצן און אַראַפּרינען אלע באפוצונגען, באצירונגען, פארשמירונגען און מ׳איז געווארן נאקעט. און וואס מער נאקעט, אלץ מער נענטער צו חיה. מ׳האט אנגעהויבן פון זיך ווארפן אלע באלאסטן — מאָראַל, געוויסן, אחריות. ווארפן פון זיך אזוי, ווי מ׳ווארפט פון א צעבראכן שיפל אויפן צעבושעוועטן ים אלע לאסטן כדי נישט צו פארגיכערן דאס זינקען אין ים.

פרומע יידן האבן שוין נישט געטראגן די יידישע היטע־לעך, לאנגע קאַפּאָטעס. דער רוב האט גענומען אפּשערן בארד און פאות.

צניעות איז געווארן א לאסט. אָן אמאליקע איינגערעדעניש. אַ נאַרישקייט. האט בכלל קוים א ווערט. מיט צירונג, איידל־שטיינער האט מען זיך געקאָנט איבערקויפן. האט מען גע־קאָנט קויפן פאפירן. האט מען געקאנט קויפן ברויט. האט

מען געקאנט ווערן א שותף צו א בונקער וואס מ'האט שוין געצומען גרייטן. קאן מען קויפן ציאַן־קאַלי צו האלט תמיד גרייט, און בשעת א נויט, א כאפעניש, ארייננכאפן די פאסטיל אין מויל אריין און פטור פון פיין.

טויטע ליגן אויף די גאסן צוגעדעקט מיט צייטונגען.

תחילת זענען געווארן געטא־פאליציאנטן נאר לאבוסעס, דערנאך שוין אויך מענטשן וואס האבן אמאל אנגעהערט צו קאמפס־פארטייען, דערנאך — באלעבאטישע יונגעלייט, דערנאך — שוין דיפלאמירטע אינטעליגענץ.

דער נידעריקער עלי־כאַנע, מיט די געל־רויטע פיעגעס ווי קעפעלעך פון פארזשאווערטע טשוועקעס — אויפן פנים און אויגן־דעקלעך, געפינטלט מיט די שליפּיעס, מיט דער צונג, — געשטאמלט, גיך גערעדט; מיט עטלעכע שפיציק פארזשאווערטע ציין אין מויל; האט געהאט געארבעט פאר דער מלחמה ביים טראגן די בליי־פלאטן אין א רעדאקציע — ער איז געווען פון די ערשטע מוסרים און אונטערהעלפער ביי די געטא־פאליציאנטן.

אמאָל, איידער ר'האט נאך געארבעט אלס פלאטן־טרעגער אין א רעדאקציע, איז ער געווען א שותף צו א קליינעם טאנץ־זאַל אויף די מיראווסקע ביי די האליעס. דערנאך איז ער געווארן א שותף צו א „הייזל". נאר אזוי ווי די שותפים האבן אים בעת א סכסוך אראפגעווארפן פון די שטיגן — האט ער זיך גענומען צו אַן ארנטלעך פאַך, ארבעטן.

אין דרוקער־פאריין איז ער אריין אין דער כאמע לינקסטער פראקציע, געגאנגען אויף פארטייאישער געשלעגארבעט ווען מ'האט באדארפט. אבער יום־כיפור איז ער גע־

גאנגען צום דאווענען. ווען ער איז ארויס פון שול אויף קערמעליצקע און געזעען אז דאס קאָאָפּעראַטיוו־געוועלב פון „בונד" איז אָפן, האָט ער געכאַפּט שטיינער און געוואָרפן אין פענצטער אַריין, צעבראָכן די שויב און אַריינגעשריגן:

„קאָנטררעוואָלוציאָנערן! אַ רוען אין ענקער האַרץ אַראַן! יאַמקיפּאָ עט עץ האַלטן אָפן דעם קאָאָפּעראַטיוו?!"

עלי כאַנע האָט נישט געהאַט קיין קינדער. ווען ער האָט שוין געהאַט געאַרבעט עטלעכע יאָר אין רעדאַקציע ביים טראָגן די פּלאַטן, געוואָרן אַ „סטאַטיק", איז ער אַוועק צו אַ דאָקטאָר פרעגן אַן עצה ווי אַזוי צו האָבן קינדער. דער דאָקטאָר האָט געהייסן ברענגען אַן אַנאַליז פון די זוימען. ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאָקטאָר מיטן פלעשל און דער ענטפער איז געווען: „טויטע זרע", איז עלי כאַנע אַרומגעגאַנגען אין אַלע צימערן פון דער זעצעריי, דרוקעריי, אַדמיניסטראַציע, רעדאַקציע און זיך באַרימט פאַר אַלעמען און געוויזן דאָס פלעשל:

— טויטע זעירע, צ'זעט?

קאָן זיין אַז ר'האָט אפילו רעכט נישט געוווּסט וואָס דאָס מיינט, געטראַכט אַז עס איז אַ זאַך צום באַרימען זיך.

אָט דער עלי כאַנע איז עס געוואָרן פון די געמיינסטע געטאָ־מוסרים און פּאָליציי־באַהעלפער.

ער איז געוואָרן רייך, האָט געהאַט געלט, איידלשטיינער, האָט געניצט נאָר פּערצעניעריקע מיידלעך צו זיין אויסגעלאַסנקייט און ער האָט דאָס לייכט באַקומען. מאַמעס האָבן פאַרקויפט, אפילו אַליין צוגעשאַנצט זייערע טעכטערלעך.

בראַנקעס מאַן איז שוין נישטאָ, געכאַפּט געוואָרן ביי אַן

אקציע. אסתרקע מיטן קינד זענען געלעגן קראנק. אין שטוב איז נישט געווען וואס אפצוקאכן און נישט געווען פונוואנען עס צו נעמען. בראנקע האט שוין דעם דריטן טאג נישט געהאט קיין קריש ברויט אין מויל. פארנאכט איז בראנקע געקומען צו לויפן מיט א בייטעלע פערלגרויפן אין איין האנט און א שטיק ברויט, די גרויס פון א פויסט, אין דער צווייטער האנט. אסתרקע (זי האט זיך שוין לעצטנס נישט געלאזט רופן עסטערקע) האט זי א פרעג געטון:

— פונוואנען האסטו דאס?

בראנקע האט נישט געענטפערט.

— פון מאַניעקן? עלי כאַנעס חברה? ר'איז מיט דיר געלעגן?

— יא, יא, יא! וואס ווילסטע!

אסתרקע איז אראפ פון בעט, צוגעלאפן צו בראנקען, איר דערלאנגט א פאַטש, ארויסגעריסן ביי איר דאָס בייטעלע גרויפן מיטן שטיקל ברויט, אויפגעריסן דעם לופטשיק און עס ארויסגעווארפן.

*

בראנקע איז געווארן געווארן פון עלי כאַנעס, אז מארגן דאַרף מען זיך ריכטן אויף אַן אקציע אין דער געגנט. וואס טוט מען? וווהין לויפט מען? ווי אזוי זיך אויסבאהאלטן? בראנקע ווארפט אַן פלענער. אסתרקע שווייגט. דער קאָפּ איז איר פארבונדן מיט א נאַס האנטעך. איין ווינקל קאָפּ איז ווי געליימט, אין א צווייטן ווינקל קאָפּ שטעכט. זי האלט פארמאכט די אויגן. ס'קינד שלאפט, עפנט זי די אויגן, קוקט אַן בראנקען, ענטפערט נישט.

אין שטוב געפינט זיך צווישן ביסל פוילישע ביכער און שיעס עטלעכע יידישע ביכער, אויך א בוך וואס שיע האט עס געקויפט נישט לאנג פאר דער מלחמה — א תנ״ך אין א יידישער איבערזעצונג. זאָל אַזאַ זאַך אויך זיין אין שטוב — האט ער דעמלט זיך פארענטפערט. שיע האט גע־האט פאר איר פארגעליינט עטלעכע מאָל צו קאַפּיטלען און דערוועגן גערעדט ווי וועגן אַן אנדערער ליטערארישער שאַ־פונג.

זי האט עס איצט ארויסגעשלעפט פון שענקל.

— נו, פארוואס ענטפערסטו נישט? — האט בראנקע געפרעגט מיט געשריי.

— שטער מיר נישט! — האט אסתרקע געענטפערט מיט א שטים ווי פון ווייטער פארהוילנקייט. זי האט זיך צוריקגעלייגט אין בעט אריין. דאלעבן איז געלעגן הדסהלע און שנעל־אטעמענדיק געשלאפן. זי האט צוגעשלעפּט בראנ־קען צו זיך אויפן קאַנט פון בעט, זי געהאלטן פאר דער האנט און גערעדט צו זיך:

— געענדיקט. גענוג. די רעוואלוציע האט פארשפילט. גאט האט פארשפילט. די קולטור האט פארשפילט. די מענטשן — פארשפילט. נאָ וואס איז געבליבן?

און זי האט גענומען מישן אין תנ״ך, עפּעס זוכן. אָט, דאָס איז עס. זי האט געפונען:

— די תוכחה איז פארבליבן. אָט, נאָ:

און איך וועל אנשיקן א מגפה צווישן אייך און איר וועט געגעבן ווערן אין דער האנט פון דעם פיינט. אז איך וועל צעברעכן דעם אונטערלען פון

ברויט, וועלן צען ווייבער באקן אייער ברויט אין
איין אויוון. און אז זיי וועלן אָפּברענגען אייער ברויט
אויפן וואָג און איך וועט עסן און ניט זאַט ווערן.

— הער שוין אויף — האט בראנקע א ריטש געטון —
און איר געוואלט ארויסשלעפן דעם תנ״ך — עסן און נישט
זאַט ווערן, צען ווייבער באקן ברויט אין איין אויוון — זאָל
זיין די תוכחה, זאלן באַדאַי הונדערט ווייבער באקן ברויט
אין איין אויוון — אָבער ווו איז דאס ברויט ?! זאל זיין נישט
צו דער זעט!

אסתרקע האט נישט געלאזט ארויסרייסן דעם תנ״ך און
ווייטער געלייענט:

און איר וועט עסן דאָס פלייש פון אייערע זין, און
דאס פלייש פון אייערע טעכטער וועט איר עסן".

בראנקע האט דאָך א ריס געטון דאָס ספר און עס
געווארפן אויף דער פאדלאגע —

— לאמיר עס ארייגלייגן אין קעך אריין און איינהייצן,
וועט ווערן ווארעמער אין שטוב.

זי האט ווייטער גערעדט וועגן פאנטאסטישע פלענער
ווי אזוי זיך אויסצובאהאלטן, זיך ארויסקריגן פונדאנען אויף
דער אַרישער זייט. אין שטוב איז געווארן פינצטער, נישט
געווען וואס אנצוצינדן, האט זי זיך אוועקגעלייגט אין אָנטו־
עכץ אויפן בעט און אלע זענען איינגעשלאפן.

*

שוין אויפצומארגנס פארטאג איז געקומען יענער טאג
פון די טעג. די דייטשן האבן ארומגערינגלט דעם הויף, אריינ־
געקומען און גערופן אַלע איינוווינער צו פארלאזן די שטובן,

קעלערס, באהעלטענישן און אויסשטעלן זיך אויפן הויף.

אסתרקע איז פון די ערשטע אראָפּצוגיין. בראנקע שרייט אויף איר איילעניש, אבער אסתרקע איילט זיך. הדסהלען טוט זי אָן אין בעסטן און שענסטן. נאכהער האט זי גענומען הדסהלען, וואס איז שוין א דערוואקסן מיידעלע, און זי צו־געבונדן צו זיך מיט א לאנגן וויקלשנור. זיך אין עפעס דערמאנט, אפּגעבונדן דאס קינד, צוגעלאפן צום טיש ווו ס'איז געלעגן אויפגעמישט דער תנ"ך, גענומען שוועבעלעך, אים אונטערגעצונדן און אוועקגעווארפן א ברענענדיקן אויפן קיך. האט הדסהלען צו זיך צוריק צוגעבונדן. דאָס קינד האט גארנישט גערעדט, נאר געקוקט אויף דער מאמען. האט זי גארנישט פארשטאנען? צי עפעס יא פארשטאנען?

אין הויז האט זי שוין געטראפן אראפגיין דעם שכן, דעם הויכן אלטיטשקן ר' יחזקאל בערנצווייג, א ייד א ירא שמים, מיט א ווייסער בארד שיער נישט ביזן גארטל, מיט א גוטן זיידענעם בליק אין די אויגן. ער איז ערשט נישט לאנג געווארן אַן אלמן, אויך פארלוירן דעם זון מיט די אייניק־לעך. ער האט גאָר געוואלט טרייסטן אסתרקען און זאגט צו איר:

— איך פארשטיי דאָך זיכער וואס עס מיינט:
נצח ישראל לא ישקר.

— שקר! האט אסתרקע צוריק א ריטש געטון דעם אלטן אין דער בארד אריין.

זי האט זיך א וואקל געטון. בראנקע האט איר אפּגע־בונדן הדסהלען און ביידע געפירט ביי די הענט.

זי גייט אראָפּ פון די שטיגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זעט:

הייזער זינקען, מענטשן זינקען, די וועלט זינקט און לאָזט זיך אַראָפּ אינעם אָפענעם מויל פון דער ערד. און פוילישע שקצים אויף יענער זייט געטאָ רייטן אויף קאַרו־זעלעס און זינגען. שיקסעס לאַכן אַצינד און לאָזן זיך קנייפּן פון די שיכּורע אוקראַינער.

„...און כ׳וועל מאַכן אייער הימל אַזוי ווי אײַזן,

און אייער ערד אַזוי ווי קופּער...״

— ביסטו נאָר שטראָפער פון די ייִדן? צי ביסטו בלויז אפשר נאָר אַ גאָט פון קאָסמאָס, אייביקייטן? אויף אַלדע שוואַרצע יאָר דאַרף איך אַ גאָט פון אייביקייטן און קאָסמאָס. איך וויל אַ גאָט אַ בעל רחמים. מוזטו זיין אַ גאָט פון נקמה, רחמנות איבער אונז און נקמה איבער זיי. —

זי שטייט שוין ביים אַרויסגיין אויפן הויף. דער הימל איז פון ברודיקן שטאָל, שמוציק און שווער און האַרט. און די ערד — אָט שטייען אויף איר די דייטשן, דאָ אויפן הויף. אָט, איינעם פון זיי דערקענט זי, דאָס איז דער זעלבער אין די האַלב־געשליפענע ברילן וואָס האָט זי געהייסן דעמלט וואַשן די פּאַדלאָגע און אויסווישן מיט די אונטערהייזלעך. זי וואָלט געשווירן אַז דאָס איז געווי דער זעלבער.

עס איז אַנצוּנעמען, אַז אין דאָזיקן אויגנבליק האָט אַסתרקע אַ טראַכט געטון אַז זי האָט געזינדיקט, אַז עס איז איר כּדאַי כאָטש חרטה האָבן אין דער מחשבה. עס איז איר שוין אַצינד ליבערשט יענער רויטאָרמייער מיטן שטריקל ביי דער ביקס, איידער דאָס דאָזיקע דייטשישע אויסגעפּוצטע

אונטעראפיציַרל מיט א רוט אין שטיוול און א פנים פון א גענימן און ראפינירטן רוצח. די רעוואלוציע קען נישט און טאָר נישט דערלאזן קיין פרייהייט דעם אוקראינישן מערדער. ער איז א חיה און די „רויטע" צוימען זיין חיהשקייט. די דייטשן צערייצן נאָך מער די חיה. זי באדויערט איצט, אסתרקע, וואס זי האט נישט געזוכט קיין קענטשאפט מיטן אונטערערד פון איר אמאליקער פארטיי. ווייניקער מסכים, מער מסכים, אבער אויף צו הרגענען דייטשן וואלט עס גענוג געווען אז זי זאל אנגעהערן צום געהיימען פארטיי־קעמערל. אפשר וואלט זי, אין דעם פאַל, געהאט ביי זיך א רעוואלווער און זי וואלט שוין אצינד געעפנט אויף די דאזיקע דייטשן א פייער. קודם כל אויף דעם דאזיקן דייטשל מיט די געשליפענע האלב־ברילן. זי שטייט שוין אין מיט הויף. ראשית נעמען די דייטשן צו די קינדער פון די מאמעס און שטעלן זיי אוועק אויף א באזונדערער זייט. אסתרקע כאפט ארויס דעם וויקל־שנור און בינדט צו זיך צו דאס קינד. דאס דייטשל לאכט. אסתרקע רעדט איצט ווידער אריין אין שכן, אין ר' יחזקאל בערנצווייגס לאנגער, ווייסער בארד:

— וואס? האט מיר דערויף גאט געגעבן א קינד אויף אומצוברענגען? וויפל עקדות וויל ער? ווו זענען די מלאכים וואס זאלן אוועקכאפן די אויסגעשטרעקטע חלפים? כ'האב שוין היינט אונטערגעצונדן דעם תנ"ך. אַלע ספרים און אלע ביכער דאַרף מען אונטערצינדן און פארברענען.

אסתרקע נעמט בילן: האַו! האַ־אַו־ו!

א גרופע דייטשן דערנעענטערט זיך צו איר. אסתרקע פארייסט דעם קאָפ צום הימל:

— איך יואלט געוואלט דיך אומברענגען, גאָט, צוזאַמען מיט דער זון, צוזאַמען מיט די דייטשן, מיט זייער געטע און שילער בראַש. כ׳וואלט פאַרברענט די פּאַליאַקן צוזאַמען מיט אַלע הילצערנע און מעשענע יויזלעך זייערע. איך וואלט די אוקראַאינער מיט זייערע לייז דערטרונקען אין אַ זומפּ פון וואָדקע, דענאַטוראַט. גאָט, גאָט, אַזוי זעט אויס דיין באַשאַף און אַזוי דיינע באַשעפענישן. איך שפּיי אויף דיין באַשאַף און אויף דיינע באַשעפענישן, און אויך אויף דיר, באַשעפער! דו האָסט זיך געררימט: און איר וועט עסן דאָס פלייש פון אייערע זין און דאָס פלייש פון אייערע טעכטער וועט איר עסן — בראַוואָ, — מיט אַ גוטן אַפּעטיט! עס! פרעס!! —

און זי האָט אַ שפּיי געטון צום הימל:

— טפוי!

ווען דאָס שפּייעכץ איז צוויקגעפאַלן אויף איר פּנים, האָט זי ערשט דערהערט דאָס געלעכטער. די דייטשן שטייען לעבן איר און לאַכן. איינער פון זיי, דאָס דייטשל מיט די געשליפענע ברילן און שפּיצרוט אין שטיוול, שטייט גאָר נאָנט נעבן איר און גאָטירט אין אַ נאָטבלאָק. ער האָט נאָך צו איר אַ זאָג געטון אַז זי זאָל זיך נישט שטערן, נאָר ווייטער רעדן. זי האָט אים אָנגעקוקט דאָס דייטשל, אָנגעקוקט אַלע אַרום. דער הויף איז שוין דאַן געווען פול, אַלע אויסגעשטעלט, די קינדער אויף אַ צווייטער זייט. זי, אַסתרקע, האַלט נאָך דאָס קינד נעבן זיך. בראַנקע האַלט זי אונטער. די דייטשן שטייען און קוקן אויף איר לאַכנדיק, מיט נייגיר. מען וויל ביי איר צונעמען דאָס קינד, עסטערקע גיט זיך

אַ ריס. דאָס דייטשל אין די ברילן מאַכט אַ צייכן מיט דער רוט זי נישט צו רירן. זאָגט צו זיי אסתרקע:

— אייערע געשלעכטס־גלידער זאָלן ווערן באַשאָטן מיט קרעץ און געשווירן. די געבערמוטערס פון אייערע ווייבער זאָלן ווערן בעכערס מיט צואה און אייטער! אַז איר וועט זיך לייגן און אויסטערכניקעווען ממזרים, זאָלן זיי אייביק קריכן אויף אַלע פיר. די ווערים פון דער ערד זאָלן זיך משמח זיין מיט אייערע לייבער — ניין, ניין, זיי זאָלן זיך מיאוסן צו קריכן אויף אייך. שאַקאַלן זאָלן זיך אויסמלאכהנען אויף אייערע קברים! די זון זאָל שוין אויף תמיד בלייבן באַדעקט מיט שוואַרצער קרעפּע אַז ס׳זאָל אייך זיין אייביקע נאַכט פאַר די אויגן. די לבנה זאָל באַלייכטן נאָר די קברים, די מתים, די ביינער פון די וואָס איר האָט אומגעבראַכט, ברענגט אום און וועט נאָך אומברענגען. אייביק זאָל אייך באַגלייטן דאָס שפּילן פון אַ טרויער־מאַרש פון טרומייטן. אָבער בעסער וואָלט געווען, אַנשטאָט מוזיק, זאָל אייך באַגלייטן דאָס געשריי פון די אומגעבראַכטע קינדער. די אויגן זאָלן אייך אַריין אין די פּיאַטעס און די מוחות זאָלן זיין ביי אייך אָפּגעדעקטע, אַז די שיידלען, און ס׳זאָלן זיך אין זיי ראַיען ווילדע בינען. עס זאָלט סרחנען, שטינקען, ווי עס שטינקט אייער מאָראַל, אייער גייסט, אייער טעכניק!

און באַלד האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו די יידן און אויפגעריסן ס׳גאַנצע מויל צו אַ רוף:

— פאָלק פון קידוש השמניקעס! שטאַרבט שיין, מיט ווערדע. קוקט נישט אויפן צלם אלהים. אויב דער דייטש איז

באשאפן אין צלם אלהים, איז גאָט א דייטש! ער הייסט אַדאָלף גאָטמאַן! פריץ גאָטזאָן! —

און זי האט זיך צוריק אויסגעדרייט צום דייטשל אין די געשליפענע האלב־ברילן:

— און איצט, שיס! שיס אין די אויגן, כ׳זאל דיין צורה נישט זעען. איך בין אויבערמענטש און דו ביסט אונטערחיה! שיס, דייטש, א וואנץ איז דיין גאָט, דיין מלאך. דו ביסט דאָס דרעק פון דער מענטשהייט!

און ווידער געווענדט מיטן פנים צו די יידן:

— יעדער ייד וואס וועט בלייבן לעבן און וועט נישט פערזענלעך הרגענען כאטש איין דייטש — זאל ער אויך פארשאלטן זיין! ער זאל נישט קאָנען שטארבן פריער ביז ער וועט נישט דערשטיקן א דייטש, און דאביי זאל ער אזוי לאכן, ווי אצינדער דאס דייטשל אין די ברילן!

דאס דייטשל האט אריינגעלייגט דעם בלאקנאָט מיט די סטענאגראפישע צייכנס אין טאש, געהייסן ביי איר צונעמען דאס קינד. מ׳האט עס א ריס געטון און אויפן אָרט דער־שאָסן. טויטן־טויטן־טויטן־שטילקייט. אסתרקע זינגט. זי זינגט רואיק די אַריע פון „טאָסקאָ״.

די דייטשן זענען געשטאנען רואיק. דאס דייטשל אין די ברילן האט אפילו צודיריגירט מיט א פינגער צו איר געזאנג. אסתרקע האט דאס נישט געזעען. דערנאך האט ער ארויסגעצויגן דעם באגנעט, א ריס געטון ביי אסתרקען די בלוזקע און דערלאנגט א האסטיקן זעץ מיטן מעסער צווישן די בריסטן.

א שפריץ בלוט איז איר ארויס דורכן מויל. ס׳האט נאָך

ביי איר אין האלדז און מויל גערייזלט און געכארכלט. מסתם א קללה. די נאנט־שטייענדיקע האבן געהערט ווי ס'האט זיך אויסגעריזלט, אויסגעכארכלט א פארכריפעטער, הייזעריקער רעווע פון אַט דער קללה:

— ד־ד־דדדיי־ייטטש־שש!

## 12

קיין שוועדן זענען געראטעוועט געווארן עטלעכע טויזנט באפרייטע יידישע פרויען פון די לאגערן אין ראווענסברוק, טערעזיענשטאט, בערגן־בעלזן. פסח, יאר 1947, האט די „מאַזאַיסקא", די יידישע קהילה אין שטאקהאלם, איינגע־אָרדנט א סדר פאר אלע געראטעוועטע, און פליטים. נאך דעם סדר אפריכטן, נאך דער סעודה, נאך די רעדעס, גע־זאנג, זענען געזעסן די יונגע פרויען און זיך דערציילט זכרונות פון זייערע איבערלעבענישן אין די לאגערן. האב איך דערהערט ווי זיי דערמאנען אָפט דעם נאמען פון איינער בראנקע, פון ווארשע, וואס האט אויסגעהאלטן אוישוויץ, גע־קומען קיין בערגן־בעלזן און זיך דערוווארט ביז ס'זענען אריין די ענגלענדער און אלעמען באפרייט. אבער זי, בראנקע, האט זיך צוגעכאפט צום עסן און אויפן דריטן טאג אוועק־געפאלן, צום טויזנטסטן מאל זיך ווידער געראנגלט מיטן טויט און ער איז זי דאס מאל ביייגעקומען. בעת די דאזיקע ראנגלענישן האט זי דערציילט פאר אירע חברטעס ווי אזוי ס'איז אומגעקומען אירס א שוועסטער אסתרקע, מיט אירס א קינד מיטן נאמען הדסהלע.

נאך דעם ווי איך האב זיך אויסגעפרעגט ביי די דאזיקע פרויען אלץ מער און מער פרטים, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז דאס איז אוודאי געווען די זעלבע בראנקע, שוועסטער פון אסתרקע.

און הערנדיק פון אנדערע וועגן אומקום פון די יידן אין יענער צייט, אין יענער געגנט אין ווארשע, און קענענדיק אסתרקען אזויפיל יארן, איר כאראקטער, אירע אייגנשאפטן — איז מיר פארגעקומען כמעט מיט זיכערקייט אז דאס האט מען זי געמיינט — און פון דעמלט אָן האב איך דאָס אלץ אפט איבערגעלעבט, דורכגעלעבט, איבערגעלעבט שוין אויך דאס וואס ס'האבן איבערגעלעבט מיינע פארשניטענע, די נאָנטסטע:

קינד, ווייב, מאמע, שוועסטערן, ברודער, זייערע קינדער.

און נישט געקאנט רוען ביז כ'האב נישט פארצייכנט אָט די דאזיקע שורות. הגם, אמת, עס איז נאָר קוים אַן עוקץ אויפן דנאָ פון אַ קידוש־בעכערל, וואס האט קוים ארויסגעשעפט א טרער־טראפּן פון דעם בלוטיקן ים, נאר זאל כאטש אַזאַ איינער בלוט־טראָפּן תמיד טריפן פאר די אויגן, ביז מיר וועלן אויך נישט שליסן אונזערע אויגן און קומען נענטער צו יענע, די הייליק־אומגעקומענע אונזערע, אָמן.

רמת־עמידר (רמת־גן), תשי״א־תשי״ג, 1951־1953.

# ישראל שטערן

ישראל שטערן, געבוירן שבועות 1894 אין אסטראלענקא, לאמזשער געגנט. זון פון אַן ארעמען מלמד, אייניקל פון א סופר, געלערנט אין די ישיבות פון לאמזשע און סלאבאדקע. אַ מוסרניק. בעת וועלט מלחמה — אין ווין, אלס רוסישער בירגער אינטערנירט אין א גע־פאנגנלאגער. 1917 צוריקגעקומען קיין פוילן. דע־ביוטירט אין 1919 אין וואָכנבלאט „דאָס פאָלק" מיט לידער. בארימט געווארן פון זיין פּאָעמע „פרילינג אין שפיטאל". געווען א גייסטרייכער עסייאיסט און ליטעראטור־קריטיקער. . . .

אזוי איז שוין די טבע — הערט מען א באשטימטן עפּיזאד אדער באצייכנונג וועגן א שרייבער, און דער עפּיזאד אדער באצייכנונג האט אַן און פאר זיך אַ געוויסן קאָלאָריט, צי עס אנטשפּרעכט פּאקטיש דעם באהאנדלטן שרייבער אדער בוך, צי נישט — עס פארבלייבט שוין אזוי אין זכרון אויף לאנגע צייטן.

זאגט מען ישראל שטערן — זעט מען באלד די סצענע, וואס מ'האט זיך דערציילט — ווי הערש דוד נאמ־בערג שפּאצירט ארום נערוועז איבער זיין צימער און קאן זיך נישט אוועקזעצן, איז אין עקסטאז־מצב. דאס האט ער

איבערגעלייענט אצינד עטלעכע לידער פון אַן אומבאַקאַנטן און מאָדנעם, טשודאַטשנעם בן אדם. ער האָט איבערגעלייענט די „שפּיטאַל־לידער" פון ישראל שטערן. אַט זיצט ער אין צימער ביי נאָמבערגן. ישראל שטערן מורמלט עפּעס צו זיך אַליין, שפּילט זיך פאַרטראַכט מיט זיינע פינגער.

ער האָט אנגעשריבן עטלעכע לידער, אבער זיי נישט פאַרענדיקט. פאַרמעל — יאָ, זיי זענען פאַרענדיקט. עס לייענט זיי איצט הערש דוד נאָמבערג. גייט הין און צוריק איבערן צימער. אבער ישראל שטערן האָט געדיכטעט — פּערמאַנענט. בייטאָג און ביינאַכט, ביים גיין אין גאַס, אין די גערטנער, ביים עסן, ביים שפּילן שאָך — אייביק האָט ער צו זיך עפּעס געמורמלט. מ'זעט בפירוש אז ער גייט גלייכצייטיק אין צוויי וועלטן, טראַכט צוויי־וועלטיש, איז גלייכצייטיק דאָ און דאָרט.

ישראל שטערן — דער דיכטער, וועלכער איז געווען אזוי געשעצט און געערט און שיער נישט פאַרהייליקט פון אלע יידישע שרייבער אויף דער גאָרער וועלט — האָט קיין איין בוך נישט אַרויסגעגעבן.

איך בין אים אמאָל נאָכגעגאַנגען העכער א שעה צייט איבער די וואַרשעווער יידישע גאַסן, אים נאָכגעקוקט, אָבּ־סערווירט. ער טראָגט אַלטע, אָפּגעטראָגענע, אָפּגעבליאַקע־וועטע מלבושים, אזוי אויך די שיך און אזוי אויך — זיין פּנים — פאַרמאַטערט, אָפּגעטראָגן, צעקנייטשט, פאַרשטויבט. נאָר די אויגן — העלע, בראשיתדיק קינדערישע, מיט אַ פייערל פון אמונה־ליכט, מיט אייביקייט־אמתן. אויף די גאַסן, צווישן די סוחרים, אַרבעטער, האַנטווערקער — ער איז דאָ

א פרעמדער. פון די מויערן שטעקן ארויס אזעלכע אייזנ־דלעך אויף קיילעכיקע שרייפלעך. אזוי פארטראכטערהייט טרעפט ער צו צו יעדן אייזנדל און גיט עס שנעל אַ דריי איבער מיט אַ פינגער און גייט ווייטער.

מיט דער שפּיל פארנעמען זיך קינדער — און דאָ זע איך א באיארטן מענטש, ביי די פערציק, און מיט וויפל הנאה ער אנטדעקט דאָס פארבארגענע אייזנדל, קערט דאס שנעל איבער און גייט ווייטער. ער וויגט זיך אין גאנג, פאר־דבקהט, א משולח, א פרעמדער גאסט, אַן אומבאקאנטער אורח.

ער גייט אין רעדאקציע „פאלקסצייטונג" אויף נאָוואָליפּיע. אפנעמען האנאראר פאר א געדרוקטן עסיי, אדער אפגעבן א נייעם עסיי צום דרוקן.

איך וואַרט אויף דער גאס. ער קומט שנעל ארויס פון דאָרט און גייט ווייטער. אזוי דערגייט ער ביז דזשיקע 12, אין דעם בארימטן אדורכגאנג־הויף, גייט אריין אין דריטן הויף, אין דער אלטער שול. ער נעמט ארויס א ספר, זעצט זיך ביי א שטענדער און וויגט זיך, פארקוועטשט די אויגן, מורמלט צו זיך עפּעס און מישט איבער א בלאט.

אין דער זעלבער וואָך טרעט ער ארויס אויף אַן אוונט אין ליטעראטן־פאריין אויף טלאמאצקע 13 מיט א רעפעראט וועגן סלאוואַצקין.

א קליינער עולם אין זאַל, אבער ערנסטע צוהערער. ישראל שטערן שטייט נישט אין אויף דער בינע, שפּאצירט הין און צוריק, וויגט זיך, און ציטירט סלאוואצקין מיט א גמרא־ניגון:

— אוי סמוטנאָ מי, באָזשע! אוי סמוטנאָ מי, באָזשע!

די שרייבער, וועלכע זענען פארזאמלט אין הינטער־קוליסן־שטיבל און הערן זיך איין צו זיינע רייד — גאַפן, קוקן זיך איבער מיט א בליק וואס זאגט:

„דיכטונג? אויב נישט נאך העכער!" אבער זיי לאזן צוריק אראפ די אויגן.

אציַנד זינגט א דיכטער אַן אייביקייטס־ניגון. אָט שמו־עסט ער זיך איצט אדורך מיט ניגון־לשון מיט זיינעם א חבר ביים שטענדער אין בית־המדרש. איז דען יוליוש סלאוואַצקי דאָרט נישט געזעסן? זיי ביידע צוזאמען ציען דאָך דעם ניגון פון תהלים, איין ליד ווערט דאָך געזונגען דורך אלע דיכטער, אין אלע געאגראפישע ברייטן, אין בערג און אין טאָל, אין וועלדער און אין איינזאמען דיכטער־צימערל — איין געזאנג, איין ניגון ווערט געזונגען אין אלע צייטן.

צוויי לידער זיינע האב איך דא אויסגעפונען געדרוקט מיט 18 יאָר צוריק. פאר די גאנצע 18 יאר האב איך זיך נישט געקאנט באפרייען פון דעם טעם, פון דעם איינדרוק, וואס די צוויי לידער האבן איבערגעלאזן, זיי האבן מיך ארומגעוויקלט — ווי רצועות אויף דער האנט פון א מתפלל.

„די תפילה פון א מענטשן בייטאג" הייסט דאס ערשטע ליד. איך נעם ארויס נאר אייניקע ציטאטן, כאָטש עס איז אַן עוולה פאר יעדער שורה, וועלכע ווערט נישט נאָך אמאל דערמאנט.

...אין זיי אלע, אין יעדן שטיין, אין יעדן שטרוי,
אין אלע זאכן
זיצט די גוטסקייט, טאג, שיינענדיק און וואַרעם,

ווי עס לעבט אין זילבערנע לייכטער אַ ליכט, —
איך בין אויך אַ זאַך און וויל פילן אויף מיר דיין
לייכטנדיק געזיכט.
איך וויל דיינע שלייפן זאלן ארויסווישן פון מיינע
קנייטשן
יעדע פארבארגנקייט און איך זאל געבענטשט זיין
מיט אפנקייט.
...זאל יעדע פארשטעלטקייט פארשווינדן פון מיין
געמיט,
ווי עס שטארבט אַפּ די שווארצקייט פון אייזן, ווען
דאס אייזן גליט
לאָמיך אין דיין ברענענדיקן שיין געלייטערט זיין
און זען דאָס, וואס קיינער זעט נישט, און זען מער
ווי עס איז געשען.
לפּחות, כאָטש לאָמיך אליין אָן זינד, אָן צוים ווערן
געזען.

פאַרוואס איז יעדער סלופּ און יעדער דאַך
איבער זיין אייגענער געשטאַלט אַ האַר
און פאַרוואס לאז איך אראָפּ די ברעמען?
צי בין איך ערגער פון דעם טראָטואַר,
וואס ליגט צופרידן און דאַרף זיך נישט שעמען
צו קוקן דעם הימל אין די אויגן?...
זאָל יעדע באהעלטעניש פון מיר אַנטרינען,
כ׳וויל מיין לעבן אין סודות נישט פארשפּאַרן,
איך וויל אין דיינע הענט, טאָג, מיך געפינען,
העלף מיר זיין ווי דו און קיינעם נישט נאַרן.

...איך וויל נישט אין מיינע הייסע געבעטן
זאָל אריינכאפּן זיך א פּרעמדער געדאנק.
צי קאָן איך נישט פרייען זיך ריין, ווי א זאנג,
ווען ער האט זיך דערוואַרט, אז דו זאלסט אים גלעטן?
איך בין דאָך אויך אַ באַשעפעניש, טאָ פארוואס
זאָל די נאכט
מיך אומעטום יאָגן מיט איר לעצטן ביסל קלאָג!
בין איך ערגער פונעם הונט, וואס לויפט אום און לאכט
און טראגט אין די קודלעס דיך, פולער טאָג?
...זעסט? כ'האב פארגעסן אלע שפּרוכן פון ביינאכט.
נישט אויף פּחד הענגט מיין האַרץ ווען איך בין מתפלל
איך וויל נישט, אז די פינצטערניש
זאָל אראפּשווערן מיין האנט,
ווען איך שטרעק זי צום געבעט.
ניין, גראָד דענסמאָל, ווען איך הער דיינע טריט,
הויכער טאָג,
ווען די פרייד צעוויקלט זיך ווי א פאָן אין אלע עקן,
און מענטשן ווילן נישט דאווענען, ווייל זיי דאַרפן זיך
נישט שרעקן —
גראָד ווען איך הער דיינע שפּרייזן, גרויסער טאָג,
וויל איך, אז מיין תפילה
זאָל זיין טיף און אָן אַ פּגם —
ווי דער געלעכטער פון די קינדער אויפן הויף, —
וויל איך, אז מיין תפילה
זאל זיין טרייסטנדיק און פרום,
ווי די לידער פון מיין שכן זיצנדיק ביים ווארשטאט,

ווייל איך, אז אין מיין תפילה
זאל זיין אזויפיל הייליקייט און געוויינערײַ,
ווי אין דעם שפּרײַזן פון א דיכטער דורכן צימער
נאכן אויספירן דעם אמת אין א ווערק, —
ווייל איך אז מיין תפילה
זאל זיין א ליבעס-בריוו צווישן אונז,
ביז דו וועסט ארויפפאלן אויף מיין האלז, ווייסער טאג,
און איך וועל אויפגיין אין דיר אינגאנצן, ווייסער טאג.

און נאמבערג האט שפּאצירט הין און צוריק איבערן צימער, דער קלוגער נאמבערג, וואס איז שוין, דאכט זיך, קולטור-איבערזעטיקט, דרייט זיך אויס מיטן פּנים צום פענצטער, שעמט זיך נישט אפצווישן א טרער, און ניגונט צו זיך און פון זיך:

„ווייל איך, אז אין מיין תפילה,
זאל זיין אזויפיל הייליקייט און געוויינערײַ —
ווי אין דעם שפּרײַזן פון א דיכטער דורכן צימער
נאכן אויספירן דעם אמת אין א ווערק".

און ישראל שטערן שפּרײַזט שפּעט בײַנאכט ביי מיר אין צימער און רעדט וועגן פּרצן.

געקומען איז ער צו מיר, ווייל ער האט נישט געהאט וווּ צו שלאפן. אַ גרויס יידנטום אין ווארשע, 13 טאָג-צייטונגען, הונדערטער יידישע זשורנאליסטן און שריפט-שטעלער, אַסך געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס, א ליטע-ראטן- און זשורנאליסטן-פאַריין — ישראל שטערן האט נישט וווּ איבערצושלאפן א נאכט.

ער שפּרייזט איבערן צימער, מורמלט צו זיך, דאָס איז זיין שווייגן און זיין רעדן. איך פּראָוואָציר אים — רעד וועגן דער רעוויזיע איבער פּרצן און שטעל זיך טיילווייז אויף דער זייט פון די „רעוויזיאָניסטן" — דערצייל אים, אז איך פלעג אַמאָל טראָגן ביי זיך אין טאַש א לאַנגע צייט „באַנטשע שווייג" פּרצ'ס, געווען דערמיט אנטציקט און פּלוצלונג האָב איך דערזען, אז עס איז בלויז א געלונגענער פּובליציסטי־שער פעליעטאָן.

ער קוקט מיך אָן, מיט חידוש, צי מיט כעס? הייבט אויף די אויגן צום פענצטער, פאַרקוקט זיך אויף דער לבנה און דאַווענט:

— פּרץ איז דער גרעסטער, צו זיין גרויס איז מען נאָך נישט דערגאַנגען. פּרץ! „מסירת נפש"! לייענט מאָרגן נאָך אַמאָל „מסירת נפש", און אין אַ וואָך ארום — ווידער.

און אנדערטהאַלבן שעה, ביז טיף אין מיטן נאַכט, שפּרייזט ער איבערן צימער, רעדט איבער ליטעראַטור און איבער פּרצן. זיינע אויגן עמאַנירן עקסטאַטיש ליכט, ער שמועסט איצט מיט פּרצן, דעם אלטן שמועס, דעם באַקאַנטן און אייביקן שמועס, וואָס ענדיקט זיך קיינמאָל נישט.

ישראל שטערן — דערשטיקט אין אַ גאַז־קאַמער, צו־זאַמען מיט באַקעטע קינדערלעך. עס איז געווען ענג, שפּרייזן האָט מען נישט געקאָנט, נאָר בלויז הייבן די הענט אין דער הייך, כאַפּן זיך פאַרן האַלז. ער, צוזאַמען מיט דער תפילה פון א מענטשן בייטאָג — דערשטיקט. טרעבלינקע האָט פאַרענדיקט דאָס ליד —

און מער זאָל נישט געזונגען ווערן!!!

וואַרשע, 1946.

# די משפחה רייזבלאט

(פון די אמאָליקע יאָרן אין וואַרשע)

א

מיט דרייסיק יאָר צוריק האָבן זיי זיך אַריבערגעצויגן פון דעם קליינעם שטעטעלע וואָהין ביי ריפּין, אַהערגעקומען אין דער גרויסער וואַרשע, און וווינען נאָך אַלץ אויף דער זעל־בער פּאַוויע גאַס נומער 51.

דער הויף איז מיט אַ סך געראָטן אין יענעם שטעטעלע. חוץ גויישן סטרוזש, וווינען דאָ בלויז יידן, ס׳מיינסט אָנגע־פּאַרענע פון דער פּראָווינץ. די ערד אין הויף איז נישט אויסברוקירט. ווייך, קנעט זיך אונטער די פיס, נאָך אַ רעגן — יערט זי, פרייכט, פאַרעט פאַרדומפּן, שוין אַ גוזמא יאָרן ווי דער ווירט זאָגט צו דעם הויף אויסצוברוקירן, נאָר דער זשאַנדצע ר׳ שלום שלאַיען, שלעפּט כסדר אָפּ און פאַר־גלעטיקט עס מיט אַ ווערטעלע:

— טאָמער פאַלט חלילה אום אַ קינד, זאָל עס זיך נישט צעקלאַפּן ס׳קעפּעלע. און זוילן ווערן אויך ווייניקער צעריסן.

דער הויף איז אָפּגעגרענעצט פון שכנותדיקן הויף נישט מיט קיין מויער, נאָר מיט אַ פּלויט פון אומגעהובלעוועטע ברעטער. אויף די רוקנס פון די ברעטער זעט זיך נאָך אָן

די קאָרע, סימנים פון ביימער־אפשטאַם, פון א יחוסדיקער וואלד־משפחה. דאָס טויער צו דער גאַס איז נישט פון אייזן, נאָר אויך פון אזוינע אומגעהיבלעוועטע ברעטער. דאס טירל אין טויער איז געוווג נידעריק, אפילו נישט קיין הויכער מוז זיך איינבייגן ביים דורכגיין.

דער מויער גופא זעצט זיך שוין אין פונדאמענט, דער פאַרטער און ערשטער שטאָק זענען שוין אַנגעשוואָלן, ווי ביי אַן ארטרעטיקער ביי וועלכן ס'ווייטיקן און בייגן זיך די קני. ער שוויצט שוין אפילו נישט בעת א היץ, און דער טינק, ווי א שלעכטע הויט פון א קראנק פנים, שיילט זיך און קרישלט, אדער אנגעבלאזן, געפלאצט, און גרייט זיך צם פאַלן, וואַרט נאָר אויף א פאסיקן ווינט אָדער לייטישן רעגן.

די משפחה רייזבלאט וווינט אויפן פערטן שטאָק. ר' יחיאל, דער ראש משפחה, קאָן נאָך אלץ נישט שלום מאכן מיט די דאזיקע 130 שטיגן. און ווען ער גייט ארויף, חזרט זיך אים איבער אין דער מחשבה די טענה פון מיט דרייסיק יאר צוריק, ביים ערשטן מאָל ארויפקלעטערן דאָ:

— תבואה וואקסט נאנט צו דער ערד, וואַסער פליסט פון דער ערד, דאַרפן מענטשן אויך וווינען נאנט צו דער ערד. גיי קלעטער יעדן טאָג, עטלעכע מאָל, צו הונדערט דרייסיק שטיגן.

אין דער שמאלער אפיצינע איז אפילו באטאָג טונקל, עס האלט זיך נישט דארט קיין ליכט. די קליינע שייבלעך אין די פענצטער זענען פארלאפן מיט פאַרע און שטויב, זאַיען קוים אדורך א פארנעפּלט, פארפעצט ליכט. תמיד איז

דא בין השמשות. „נאָך וואס פענצטער? — אז זיי מאַכן פֿינצטערער״ — וואָרטשען די לאַקאַטאָרן. נאר קיינער וועט זיי נישט אפּוואשן, דאס געהערט צום סטרוזש, און ער האלט, אז ס׳איז נישט כדאי צו וואשן, ווייל אין א שעה ארום ווערן זיי צוריק פֿארשמאָדערט. ס׳איז א הויף אַזאַ — זאגט ער — ריינקייט האלט זיך דא נישט.

אין די דירות איז נישט היימלעכער. די מויערן אקייגנ־איבער די פענצטער פֿארשטעלן ס׳טאָג־ליכט און ערשט פֿארנאַכט, ווען די זון זעצט זיך שוין אויפֿן גענשער בית־עולם, גליטשן זיך אריין פֿון א זייט עטלעכע פֿארמאטערטע זונשטראלן און באלייכטן א ווינקל אין שטוב. איז ווי צוויי קלימאטן וואלטן געהערשט אין דער זעלבער וווינונג. אין איין ווינקל איז אביסל ליכטיק און ווארעמלעך, אין צווייטן — קאלט און טונקל. זעצט מען זיך אויף דער קורצער ווײַלע אין באלויכטענעם ווינקל. ציען זיך די פּאָר שטראַלן צוריק ארויס, ווערט א ניסעניש און ס׳נעמען טרערן די אויגן. עס ווערט אומהיימלעכער, און דייטלעכער דערהערט זיך דאס טריפֿן פֿונעם צעבראכענעם וואסער־קראַן. טריפֿט מיט שווערע טראָפּנס איבערן זליעוו. אין די אויגן זשאווערט עס אצינד.

דרייסיק יאר שוין אזוי אין זעלבן הויף און זעלבער דירה.

ב

ר׳ יחיאל איז נאך קיינמאל נישט ארויס ווייטער פֿון

דעם שטיקל פּאַוויע גאַס, ביז דער סמאָטשע. וואָרום צו וואָס? אין צווייטן הויף האָט ער ס'מלומדות, אין דריטן הויף דאָס „שטיבל" און מרחק. אַ סברה אַז ס'איז פֿאַראַן נאָך אַ סיבה צוליב וואָס ער גייט נישט ווייטער פֿון דעם שטיקל גאַס, נאָר עס איז אים נישט ניחא וועגן דעם צו רעדן:

אויף ראָג פּאַוויע און סמאָטשע, אויפֿן טראָטואַר, איז אויפֿגעשטעלט אַ שמאָל גלעזערןביידל און אינעווייניק שטייט אַ ווייבעריש יויזל פֿון ליים, אַ געטשקע. איבער איר קאָפּ הענגט אַ רויט, ברענענדיק לעמפּעלע, אויפֿן האַלדז זענען איר אָנגעלייגט קרענצלעך פֿאַרדאַרטע בלעטער און בלומען. זי האַלט אויפֿן האַנט אַ קינד צום זייגן. זי איז גע־פֿאַרבט אויף העל־בלוי, נאָר אויף עטלעכע ערטער פֿון איר „גוף" איז אָפּגעקראַצט די פֿאַרב און ס'זעט זיך אַרויס געלער ליים. אויף די פֿינגער פֿון די פֿיס איז אויך געפּלאַצט די בלאָע פֿאַרב און ס'זעט אויס ווי פֿון דאָרט האָט אַמאָל אַרויסגעשפּראָצט בלוט און איז גלייך פֿאַרגליווערט געוואָרן.

ר' יחיאל האָט זי, פֿאַרשטייט זיך, נישט אַזוי גענוי באַקוקט. נישט דערויף זענען ביי אים אויגן אויף איינצוקוקן זיך אין אַ געטשקע. עס איז גענוג געווען דער ערשטער אָנבליק און אַ פֿאַרייליצטער ריח מיט האַרבקייט פֿון פּחד האָט אים אַ קרעל געטון אין קעל:

— טומאה. שייטער!

און ער האָט זיך אויסגעדרייט אויף צוריק און אַוועק־געאײַלט צו זיך אין דירה. די מחשבה האָט זיך אויסגעטענהט מיטן שכל:

— אַזוי לאַנג נישט געגאַנגען ווייטער פֿון דריי טויערן,

איז משמע אז סינישטא וואס צו זשאלעווען, אָן היזק. נמצא — אין גלות איז די שטוב און דאס „שטיבל" — דיין גאַס און דיין וועלט. מאַ, מהיכא תיתא.

ג

צוויי טעכטער און פינף זין קיין עין הרע אין שטוב. ר' יחיאל, אַז עֶר דערהערט פון זיינס א קינד אים רופן „טאַטע", ראָזלט זיך נאך אַלץ זיין פּנים. ער וואָלט זיינע דערוואקסענע קינדער גערן געאירצט. דער ראש פון שטוב איז די מאמע, מאַטעלע. ער, ר' יחיאל, פילט זיך אויך ווי אירס א קינד, הגם ער איז שוין גוטע עטלעכע פופציק און מיט פינף יאר עלטער פון מאַטעלען. ער האט זיך נאך קיינמאל אויף קיינעם נישט געבייזערט. ווי אזוי קאָן מען דאס וועמען זאגן א דעה און ווי אזוי קאָן מען און מעג מען זיך אויף וועמען כּעסן? און אז אייגענע קינדער, איז וואס? ער איז דאָך נאָר א שליח, געברענגט זיי אויף דער וועלט, ער דאַרף זיי שפייזן, אויפהאָדעווען, אבער ווען זיי האבן שוין זייער אייגענעם שכל, וועט ער זיי זאגן דעות? און וואס — ער האט זיי געשפייזט? געכאָוועט? — ער האט נאר אהיימגעברענגט דאס וואס מ'צאלט אים אין גמינע פאר מלומדות. געשפייזט און געכאָוועט האט מאַטעלע. האט ער איר געוואָלט אין עפּעס באהילפיק זיין, פארעכטן א בענקל, וואַשן די פאדליגע, האלטן ס'קינד אויפן האנט — מאַטעלע האט נישט דערלאזן. ער גיט געגוג כוחות אוועק די ייגגלעך אין חדר. נאָכן אהיימקומען דאַרף ער ארייננקוקן אין א ספר,

און פּאַר איר, מאַטעלען, איז די שטוב דאָס ספר, דער מאַן
און די קינדער — די בלעטלעך.

דאָס אריבערציען זיך אהער פונעם קליינעם שטיבל איז
געשען צוליב א מכשול. ר׳ יחיאל איז געווען אויף קעסט
ביים שווער דעם שוחט שיינע עטלעכע יאר. שוין געהאט
פיר קינדערלעך און ער האט זיך נאָך אַלץ געלערנט שחיטה
ביים שווער. אַז דער שווער איז געשטארבן, האט יחיאל
איבערגענומען בירושה דאָס שחיטות, אבער גלייך ביים
ערשטן מאָל קוילען אַ קעלבל איז געשען מיט אים דער
מכשול. די אויגן פונעם קעלבל האבן אים פארקלעמט ביים
האַרץ־גריבל, ס׳האט אים א מיש געטון אין קאָפּ, די האנט
האט א ציטער געטון און מיט דעם חלף זיך אפגעשניטן
א האלבן פינגער. דאָס קעלבל האט ער נאר צעקאַליעטשעט.
מ׳האט ר׳ יחיאלן באגאסן מיט אַן עמער וואסער און אַ
פארחלשטן אהיימגעטראגן אין א ליילעך.

ער איז געלעגן עטלעכע טעג צו־בעט. ווען ר׳איז גע־
קומען דאווענען אין בית־מדרש מיט דעם באנדאזשירטן
האלב־פינגער, האבן שוין לצַ־יב געפּ־יגט די קשיה וואָסער
ברכה מען מאַכט ביים קוילענען אַ פינגער. אין מאַרק האבן
די ווייבער דערקוטשעט מאַטעלען מיט שטעכווערטלעך און
אָנצוהערענישן:

— נאָך גוט וואס אייער מאן איז נישט געווארן קיין מוהל,
ער וואלט נאָך, חלילה, ביי די יינגעלעך די בעז אפגעשניטן.

דעמלט איז אין שטוב באנאכט באשלאסן געווארן:
אוועקפארן פונדאַנען. וווהין? — קאַ ווארשע. פיר קינדערלעך

זאלן געזונט זיין, דערין צוויי מיידלעך — אַ תכלית קאָן זיין נאָר אין א גרויסער שטאָט.

ר׳ יחיאלן איז נאר דעמלט געבליבן צוצושאקלען מיטן קאָפּ: מילא, מהיכא תיתא, וואָרום וואס איז די נפקא מיניה ווו?

שוין דרייסיק יאָר זינט דענצמאל.

צו א בוים קומט צו יעדעס יאר א רינג, — וואס איז צוגעקומען ר׳ יחיאלן? נאָך דרייסיק יום־כיפור׳ס און זעכ־ציק פסח־סדרים. די באָרד איז שוין דערווייל א העלפט גראָ, אבער דאס פנים נאָך אַלץ פריש, לויטער, די אויגן — ווי אמאל, נאָך אַלץ תמימותדיק, קינדיש. און ער גייט דאָך דא נישט אין ערגעץ. אמאל, אין שטעטל, פלעגט ער ליב האבן ארויסשפאצירן צום שאָסיי, צו די פעלדער, צו־קוקן זיך צום געבענטשטן ווייץ, אפצופּן א זאנג, פארזוכן א קערעלע, ארונטערגיין צום סטאָק און דערקוויקן דעם גומען מיט א פרישן טרינק וואסער. לעבן סטאָק האט גע־ווּינט סטאַך דער מייסטער, זומער א פויער, ווינטער א זדון אין שטעטל. סטאַך פלעגט תמיד האלטן די האנט גרייט ביים היטל, עס אראפּצוציען פאר יעדן איינעם. פאר ר׳ יחיאלן האט ער צוויי מאל אראפגענומען דאס היטל און שטענדיק האט ער אים געפרעגט (ווער ווייסט צי דאס איז געווען מיט אונטערטעניקייט צי גאר מיט חוזק):

— אייער גאָט מוז אייך שטארק ליב האבן, דאריבער פּיקעט ער אייך אזוי מיט צרות. ווי לאַנג וועט ער אייך נאָך אזוי שטארק ליב האבן? — פּאַניע ראַב חיל.

פלעגט אים ר׳ יחיאל מכבד זיין מיט א שמעק טאביק

פון זיין טאַבאַקערקע, און גאָר אים, סטאַכן, זאָגן „דזשענ־קויען!". פלעגט סטאַך ווידער צוויי מאל אראפכאַפּן ס'היטל זיינס, באגלייט מיט א „בוג זאַפּלאַטש!" און פארקוקן זיך אין הימל אריין.

ווי לאנג איז עס דען זינט דענצמאל? די מאַמע זיינע איז יעדן שבת אינדערפרי געקומען צוגאסט, מיטגעברענגט אין א טיכל מערביקע קיכלעך, געלע מייערן־קיכלעך און בלאָע באָרקע־קיכלעך, און מאַטעלעס יעדעס וואָרט צו זיין מאַמען איז געווען נגינה. און דאס פּנים דענצמאל אזוי לעבעטיק, נו, מילא, גוט געווען. הגם צוריקגעשמועסט: אויב דער אמאל איז געווען גוט, מוז דער היינט אויך זיין גוט, ווייל דער היינט וועט דאָך אויך ווערן אַן אמאל. איז נישט פאַר אים, איז פאַר זיינע קינדער. ס'איז דאָך איינס.

די קינדער זיינע פעלט נישט דער אמאל, זיי זענען שוין ממש'ע ווארשעווער. ווילע קינדער, גוטע קינדער, אבער — אנדערע. יונגעלייט אָן בערד, חוץ בערטשען, ביי וועמען ס'וויל דווקא נישט וואקסן קיין בארד, נאר קוים א בערדעלע, די גרויס פון א פינגערהוט. שיטער, געקרויזלט, פארקרוטשעט, ווייל נישט וואקסן אין דער לענג, נאר אין א רעדעלע. ווען ער, ר' יחיאל, איז אלט געווען דרייסיק יאר, איז שוין די בארד זיינע אוודאי געווען אזוי לאנג און ברייט ווי היינט, און פון ריינעם זייד. אפילו א שטיקל שם דבר איז געווען זיין בארד. די שכנה'ס פלעגן זאגן צו מאַטעלען:

— אַזאַ באָרד ווי ענקער מאן, ר' יחיאל האט, האט געמוזט האבן נאר דער כהן גדול אליין.

אויך דא זאגן אפט די שכנטעס צו מאַטעלען, אז איר

מאַן האט א באָרד קיין עין הרע פון אליהו הנביא. און מסתמא מחמת אָט דער רחבותדיק־געפוצטער, זיידענער באָרד טראָגן אים די שכנים שטענדיק אקייגן אַזאַ דרך־ארץ'דיקן:

„רב יחיאל!“

ד

אין שטוב זענען דאַ פינף זין און צוויי טעכטער. דער עלטסטער איז בערטשע, זיבנאונדרייסיק יאָר אַלט. בעתן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז בערטשע פונקט אַלט געוואָרן איינאונצוואַנציק יאָר און מען האט אים גלייך גענומען אויפן פראָנט. פון אָפליגן עטלעכע חדשים אין די אָקאָפּעס, האט אים רעוומאַטיזם דעפאָרמירט די געלענקען, אויסגעקרומט די פּלייצע. ער איז בכלל צוריקגעקומען עפּעס אַזוי אויסגעקרומטער. עטלעכע יאָר געווען דאָרט אין רוסלאַנד. צוריקגעקומען א געביטענער אויפן אויסזען, אַן אויסטערלישער אין געדאַנק. אויפן וואַנט אין שטוב האט ער אויפגעהאָנגען צוויי בילדער:

פון קראָפּאָטקין און טאָלסטאָי.

מיט יעדן איינעם אַמפּערט ער זיך, עקשנט זיך, און טאָמער גיט מען אים נישט נאָך, וואַרפט ער יענעם צו א זאָגעכצל:

„סאָמעטענער סוואָלאָטש!“

בערטשע גרויסט זיך מיט זיין נידעריקן וווּקס. וועט ער — זאָגט ער — ווייניקער פאַררייסן דעם קאָפּ פון גאווה. ער האט אוודאי הנאה אויך דערפון וואָס ער איז א מאַגערער,

מיט א קנאָכיק, סענקעוואַטע פּנים. דאָס בערדעלע אויף א זייט גאַמבע, באַשטייט קוים, ווי שוין דערמאָנט, פון א פּאָר שיטערע, אומגעלומפּערט־געקרייזלטע הערעלעך, וועלכע עס שטייט גיכער אָן אָנצוואוקסן אין אַן אויער, איידער געגוגענען באָטש אויפן מינדעסטן בערדעלע. דער קאָפּ ביי אים, זעט אויס ברייטער ווי ער איז פאַקטיש — צוליבן פלאַכן, פלאַ־טשיקן היטל מיט דער שטייפער דענקע. איבערן דאַשעק איז נאָך פּאַרצויגן אַ ברייט, שוואַרץ בענדל אויף צוויי טוכענע קנעפּלעך — ווי מען פלעגט עס זען אמאָל ביי די ליטווישע מגידים. אַנשטאָט א מאַנאַרקע טראָגט ער א גרויע „טאָלסטאָ־יאַווקע". די שיך — אויף הילצערנע זוילן.

ער איז צוריקגעקומען אַן אנאַרכיסט און וועגעטאַריער.

ר' יחיאל הערט זיך צו ווי דער זון דרשנט אין אים אַריין די נייע תורה, גלעט ער אויס די באָרד, שאָקלט מיט איר צו אויף „יאָ" און ענטפערט:

— נו, מילא, האַסטו אַזאַ מין דרך. דו מיינסט דאָך דער־מיט גוט, איז דאָך נישט שייך.

ער קאָן זיך אָבער נישט איינהאַלטן פון א זיפץ, אָבער מאַטעלע דערלאָזט דערצו אויך נישט און זאָגט אים דערנאָך:

— וואָס ווילסטו פון אים? א שוואַך אָבער גוט קינד.

ער איז דער איינציקער פון די קינדער וואָס גיט אָפּ אין שטוב דעם גאַנצן פאַרדינסט זיינעם. ער לאָזט זיך אפילו נישט איבער קיין פינף גראַשן אויף א טרינק סאָדע־וואַסער.

ענטפערט איר ר' יחיאל: — נו, מהיכא תיתא — און קוקט אויף די צוויי פּאָרטרעטן וואָס בערטשע האָט געלאָזט הענגען אויף דער וואַנט, די צוויי שוועסטערן (וועלכע רעכענען זיך

שוין פּאַר אַלטע מיידלעך) און די רעשט ברידער, חוץ דעם יונגסטן, געהערן אַלע צו פּאַראַיינען און פּאַרטייען. יעדער איינער פון זיי האט זיך זיינע באזונדערע אידייען און מיינונגען. אפילו אויך דער יונגסטער, דער פופצניעריקער חנן. ער איז דער איינציקער פון די קינדער וואס איז פרום. גייט דאווענען מיטן טאטן אין שטיבל אריין און לערנט א האלבן טאג אין ישיבה. אבער ער לייענט ביכער אויך. גרעץ'ס געשיכטע, פּרץ'ס פאלקסטימלעכע געשיכטן, „חיים גראַוויצער" פישל שניאורסאָנס, הלל צייטלינען. ער לעזט אפילו די אלע פּאַרטיי־צייטונגען וואס די ברידער און שוועסטער ברענגען אנצוטראגן אין שטוב אריין.

ער ווייסט — זאגט חנן וועגן זיך — שוין פון זיין דרך נישט אראָפּ. קיין ביכער און צייטונגען וועלן אים שוין נישט קאַליע מאכן, ווייל ער איז פול מיט גאָט, נישטאָ קיין אָרט פאַר עפּעס אנדערש. גאָט וועט דערצו נישט דערלאָזן. דאס ביסל נאַטורוויסנשאַפט, פיזיק, זענען נאכנישט עלול צו פאַרטרעטן גאָט. ביליקע פרומקייט האט ער דווקא פיינט, דעריבער האט ער אויך טאקע אזוי פיינט די ביליקע אפּיקורסים. וואָסי? — מאַרקסיזם? — צו א טייל דערפון איז דאָך דער שכל אליין מחייב.

נאָר בערטשע איז קרום־עקשנותדיק, אויך חנב'ען שאָנעוועט ער נישט און זאגט צו אים:

— זייד־סאמעטענער סוואָלאָטש!

נעמען זיך שוין פאר אים אָן די שוועסטערן און אָטאַקירן בערטשען:

— מילא, חנן, איז נאכנישט געקומען צום באוווסטזיין,

אבער דו האסט אים שוין פארלוירן! נישט געקוקט אויף אַלעם, ביסטו א רעאקציאנער! א פארשטעלטער, א זיידע־נער, א סאמעטענער, אבער רעאקציאנער, סאָציאַל־שעדלעך!

אפילו דאס וואס בעתן מאַליעווען די וועגט אין שטוב, נעמט ער פאַרזיכטיק אראפ די שפינעץ, לייגט זיי אין א זייט, זיי חלילה נישט צעקוועטשן, אפילו דאס זעט זיי איצט אוים רעאקציאנעריש און זיי שרייען צו אים אָן אויפהער:

— רעאקציאנער!

בעט זיך ביי זיי דער טאַטע:

— ניטע!

שטיקט זיך שוין די מאַמע מיט איר געבעט:

— קינדער!

פארשעמען זיך די טעכטער, נעמען זיי ארום די מאַמען, גיבן א גלעט ביים טאטן די באָרד און זעצן זיך צוריק אוועק לייענען זייערע ביכער.

נאָך דעם זעלבן טאג האט חנן געברענגט פון ערגעץ צו טאשטשען א גרויס בילד פון ווילנער גאון און אויפגע־האנגען אויף דער קייגנאיבערדיקער וואנט, אקעגן די ביל־דער פון קראָפּאָטקין און טאָלסטאָי.

די מאַמע האט געווישט די טרערן פון די אויגן, א פריי־דיקער צאַפל האט געצענצלט אויף איר אונטערשטער ליפּ בעתן קוקן אויף דעם בילד פון הגאון רב אליהו, און דער טאַטע האט שנעל משלח געווען זיינע שמייכלען טיף אין דער באָרד אריין.

ס׳קומט זעלטן אויס אז אלע זאלן זיין ביים מיטאג צו־זאמען. יעדער קומט אין אַן אנדער צייט. די מאמע וואַרט געדולדיק אָפּ יעדעס קינד באזונדער, ציט ארויס פון אייוועלע ס׳ביסל געקעכץ און דערלאנגט צום טיש. זיי טרעפן זיך אפילו זעלטן ביי די אנבייסנס און נאַכטמאָלן. אַן אויסנאַם זענען נאָר די שבתים און יומטובים.

פונקט ווי מיט דרייסיק און פינפאונדרייסיק יאר צוריק, איז די מאַמע מאַטעלע נאָך אלץ די גרויסע בריה אויף צוגרייטן געשמאקע מאכלים. דאס מינדעסטע געקעכץ באַ־קומט ביי איר א טעם. באקומט זי נאָר אביסעלע פראדוקטן אין שטוב אריין, הייבט זי אָן דערביי זיך צו פּאָרען ווי אַן אַלכימיקער ביים באשאפן גאָלד. ווי דורך א כישוף־שפרוך באקומט זי ארויס מאכלי מלכים. פון א קאָפּעלע מעל, א שטויבעלע מאָן, א פּאָר טריפלעך האָניק, א ברעקעלע צימע־רינג, א מייערל, אַ באָריקל, א צוגעלעגן, גערינצלט עפּעלע, א צווייג שיפטאָלן, אַ „קנייטשל" — און עס קומען ארויס קאָלירטע קיכלעך, געפילטע פלאדנס, אין האניק־געטונקענע שטעפּנס — וואס ווערן באוואונדערט אפילו פון די שכנטעס.

שבתת איז מאַטעלען נישט צו דערקענען. אַן אנדערע הויט אויף איר פנים. וווהין פארשוווּנדן ערגעץ דעמלט די קנייטשן פון איר פנים? געלייטערט ליכט שיינט נחתדיק פון אירע אויגן. און איר קול ווערט צוריק, ווי אין די אמאָ־ליקע יונגע יארן — נגינה. ווי די זעקס וואכנטעג וואלטן געווען די משרתים פון זייער זיבעטן טאג, דעם האַר זייערן, שבת, און אלץ וואס זיי טוען — איז נאר פאר אים, לכבוד שבת, אזוי איז מאַטעלע א גאנצע וואך — א שווארצער

קנעכט, אלץ כדי צוצוגרייטן און באדינען דער ליכטיקער האַרינטער אונזערער — שבת. און צו זיך אליין, אדער צו איר מאַן יחיאל, זאגט זי אמאל:

— די וואכנטעג זענען גלות, און שבת איז — ירושלים. מ׳זאל נאר נישט פארזינדיגן — רבונו דעלמא כולא!

און זי דערלאנגט צום טיש די צוגעגרייטע שבתדיקע מאכלים. אבער די קינדער, נאך איידער זיי עסן רעכט אָפּ (בערטשע עסט אין א באזונדער ווינקל זיינע מילכיקע שפייזן) הייבן זיי גלייך אָן די וויכוחים, דיסקוסיעס. געהערן דאָך די זיבן צו פינף פאליטישע שיטות, ווערט אָן אידייען־שלאכט. פינף פראנטן. איינער גרייפט אָן דעם צווייטן און אמאל אלע זעקס קעגן איינעם. די פּאָזיציעס פון די קעמפנדיקע צדדים בייטן זיך כהרף עין. מ׳באוויזט נישט רעכט צוצו־קומען צום „שונא" און שוין האט ער זיך בלאקירט מיט א צווייטן. מען באשיסט יענעם מיט ארגומענטן ווי מיט סנאַריאדן. דאס מלחמה־פעלד שרפה׳ט פון די קעגנזייטיקע אטאקעס. בערטשע רעדט העכער פון אלעמען, שפּיציקער, שארפער, קוויטשיקער, פאמעלעכקע, אנגעעקשנט, און מיט א פינגער נאגלט ער צו די ארגומענטן און מאָטיוון צום טיש:

— זאל יעדער אויסבעסערן נאר זיך אליין! אויף מיין לונג און לעבער האט קיינער נישט קיין דעה. איין מענטש טאר נישט הערשן איבערן אנדערן. וואס ווייניקער ער וועט קאָנען הערשן איבערן צווייטן, אלץ ווייניקער סוואָלאָטש וועט ער זיין. אנארכיזם איז א גוט היילמיטל צו אַזאַ מין קרענק. אבער אנארכיזם אָן וועגעטאריאניזם — איז ווי א צאָן וואס איז נישט ארייגעפעסטיקט אין די דזשאנסלעס, א צאָן וואס

ליגט — אין וועסטל־קעשענע. ווײל א בן אדם נישט ווערן אויפגעפרעסן פון א צווייטן, מוז ער קודם אליין אויפהערן עסן יעדעס לעבעדיקע באשעפעניש. מוז ער אויפהערן שעכטן אָקסן, און טייבעלעך!

נעמט ער זיך צערעדן, נעמען זיך זאמלען אין זיינע אויגן בלאַנדזשענדיקע פּייערלעך. ער בייגט זיך אצינד ווי ער וואלט געגאנגען צו א „נאַ שטיכי" און שפּיזט מיט די פינ־גער זיינע קעגנער אין די פּנימער אריין:

— מילא, דער טאטע, די מאַמע, חנן, זיי מאכן כאטש א ברכה מיטן גאנצן הארץ איבער יעדעס פּיצל בהמה און עוף־קערפּער, בעטן אזוי ארום מחילה ביים קרבן, אבער איר, וואס פארא תירוץ וועט איר דערויף האבן?! — טרפה־נע אידעאַליסטן מיינע!

די שוועסטערן, די פּועלי ציוניסטיקעס, זיי זענען שוין טיילווייז מסכים מיט בערטשען. זיי וואלטן שוין באשטאַנען זיך אפּצוזאגן פון עסן פליייש און פיש, זיי זענען נישט אזעלכע עגאָאיסטן ווי די מאַנצפּערשוינען. הגם חברים, פּאַרטיי־מענטשן, גרויסע אידעאַליסטן, מארטירער, נאָר אז ס׳קומט צו מיידלעך, האַ־האַ! ווילן זיי דווקא האבן די שענ־סטע, און געפּוצסטע. זי זאל זיין הויך און שלאַנק, האבן רויטע בעקעלעך, ראָזע ליפּעלעך, גלאַנציקע אייגעלעך — און פונוואנען זאלן נייטאָרינס און העפּטעריִנס, נאָך פּופּצן יאָר אפּחושכן אין ווארשטאטן, האבן ראָזע בעקעלעך? אין דעם פּרט — זענען אלע מענער עגאָאיסטן!

די מאמע פארשלינגט גיך א פארבארגענע טרער אין האַלדז.

יאסל, דער יונגסטער פאר חנן, ער איז שטרענג און האַרט:

— דאַ רעדט מען וועגן פּאָליטישע וועלט־פּראָבלעמען און זיי באַלד מיט זייערע ווייבערישע ענינים! אַט אַזוי דערציט מען דאָס פּאָליטיש אין אייער פּאַרטיי.

יאסל, דער שלאָסער, איז דאָ איינער אליין. פון זיין פּאַרטיי איז קיינער מער נישטאָ דאָ. קומט ערשט דער אָנ־גריף פון אלע. צום שאַרפסטן אורטיילט דער מוזיניק, חנן:

— אַ רויטער ווי אלע „רויטע". אַ פרעמד געוויקס אין דער שטוב. פּועלי ציון איז דאָך אויך לינק, אָבער פּאַרט אַ יידישע זאַך, אָבער ער, יאסל, רעדט אַזוי רוי ווי אַ כולו גוי.

בערטשע טאַקעוועט צו מיט אַ שפּיציק געלעכטערל:

— פּראַווילנאָ!

די מחלוקה און דיסקוסיע, אַמפּערניש, שטילט זיך נישט איין, ביז אברהמטשע נעמט נישט אויפזינגען דאָס ליד „ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער". אברהמל זינגט ווי אַ געניטער אָפּערן־זינגער און גוטער היימישער חזן צוגלייך. אַ טענאָר מיט מעטאַל, מיט זילבער, דורכגעפלאָכטן מיט אלע יידישע רחמים־חנ'דלעך און קרעכץ־קנייטשן, עלעגאַנט און מיט מתיקות. מיט דעם ליד ליקווידירט זיך די שלאַכט. אלע זיצן פאַרטראַכט, ווער ס'פאַרמאַכט די אויגן, ווער ס'האַלט דעם ווייזפינגער אויף דער נאָז, ווער עס האַלט זיך ביים שטערן — אלע זענען פאַרטון אין עולמות פון נגינה און דער זכות פון ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער און אבהמלס קול — זענען מנצח די שונאים און ס'הערשט ווידער שלום, שלוה און מנוחה ביים טיש.

ז

מ׳האט אנגעהויבן שליסן פאבריקלעך און ווארשטאטן.
א פחד־וואָרט בושעוועט:
קריזיס.

גראָער איז געווארן אויף די גאסן דזשיקע און פאַוויע. אַרבעטער גייען מידע און בלייכע איבער די טראטואַרן, אַ גיין וואס מ׳וויל נישט אז ס׳זאל זיך ענדיקן, ווייל ס׳איז נישטא וווהין. שלעפן זיך מידע, פארוואקסענע, מיט שווערע, אַפּגעלאזענע הענט, איבריקע, מיט פארחלשטע אויגן.

בערטשע דער שילדן־מאָלער האט נישט באַ וואס צו פארדינען. מ׳עפנט נישט קאַ נייע געוועלבלעך, און מ׳דאַרף נישט זיינע שיין־געצירקלטע און געדרוקטע אותיות:
„די בעסטע און ראיעלסטע וואַרע״.

פון צייט־צו־צייט־ פלעגט ער אמאָל כאפּן א פארדינסטל ביי מאָלן אַפּישן אין די ארבעטער־קלובן. כאפּט ער זיך אבער גלייך צו דיסקוסיעס אין די דאזיקע קלובן, צעזידלט מען זיך — איז מיט די קליינע פארדינסטלעך אויך געענ־דיקט. שלענדערט ער זיך איבער די גאסן, וויל אפּשטופּן די פּאָר ליידיקע שעה, זיצט ער איצט אָפּ גאַנצע טעג אויף קאַפּוצינער גאַס, ביי די מיסיאַנערן. ער פירט מיט זיי וויכו־חים, ווייל אז זיי זאלן איינטוישן זייער קאטאליציזם אויף אנארכיזם, נו, און דאָרט באליידיקט מען נישט, און מ׳איז אמאָל נאָך מכבד מיט זעמל און א גלאז קאווע.

די צוויי שוועסטערן די נייטארינס, חיים און אברהמל

די ארבעטסלאזע, זיצן שוין גאנצע טעג אין שטוב. אינדער־וואָכנס איז דא גאר געווארן היימלעכער, דערפאר איז שוין דער שבת — וואָכעדיק. אפילו מאַטעלע די בריה קאָן שוין קיין סך נישט אויפטון. פון שניי וועסטו דאָך קיין צוקער־לעקעך נישט מאכן. עסט מען אָפּ א פּאָסנע גרויפּן־זופּ, פאר־ביסן מיט קארטאפל אין די שאָלן. דער איינציקער פארדינער איז אַצינד געבליבן דער טאטע — דער גמינע־מלמד.

איז חיים איינמאל אהיימגעקומען און מען איז פון אים געוואָר געווארן אז ער האט זיך פארליבט אין א חברטע און ס׳האלט ביי ווערן עפּעס. קאָנען דאס די שוועסטערן נישט פארשטיין און אים מוחל זיין:

— אין אַזאַ צייט — פארליבן זיך?

אברהמל האט שוין אויך עפּעס אויסגעפונען — ער גייט אין אוונט אויף דראמאטישע קורסן. מ׳האט שוין ענדלעך אין אים אויסגעפונען די ארטיסטישע פעיקייטן זיינע. ער חזרט אין שטוב די לעקציעס, מאכט משונהדיקע האַוואַיעס, מאכט קונצן מיטן קול, צעפיצלט עס, שפרינגט איבער פון באַס צו דיסקאַנט, ברומט און פייגלט און פייפט און הוסט — דאס איבט ער אזוי — זאגט ער — די דיאפראגמע. אויך דאס קאָנען די שוועסטערן נישט פארטראגן — אין אַזאַ צייט איבן די דיאפראגמע? ווערן אַן ארטיסט פאר אומ־זיסט?

יאָסל ארבעט אויך נישט. אבער אים זעט מען נישט שוין לעצטנס ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין. ער איז אויף מאסוווקעס, פארזאמלונגען, מאניפעסטאציעס, טיילט בלעט־

לעד אויף די פלעצער. ער קומט אהיים א הונגעריקער, פאר־מאטערטער, אבער איז שטארק צופרידן:

— נישקשה, די ארבעטסלאזיקייט וואקסט! אדרבא! וואס ערגער איז בעסער, אלץ נענטער צום ציל. עס לייכט שוין דער שיין פון דער אנקומענדער רעוואלוציע!

חנן איז שטארק פארנומען אין לערנען, שוין גאר ווייט אוועק און באקומען סמיכה אויף רבנות. אצינד ווארט ער ס׳זאָל ערגעץ ליידיק ווערן אַ שטעלע, חתונה האבן און קריגן ערגעץ אין א שטעטעלע דאס כסא רבנות.

אין שטוב האבן זיך גענומען מערן די קריגענישן, שוין נישט צוליב פּאָליטיק, ס׳געטנוגט א ליאַדע נארישקייט.

דער טאטע גייט ארום פארטראַכט. ער גלעט זיין ווייך־זיידענע הדרתדיקע בארד, וויל פון איר א תירוץ אויף די פארשידנסטע קשיות, אבער באקומט נישט. ער קוקט אויף די דערוואקסענע קינדער זיינע, וועלכע מאַרנעווען זיך אזוי גיך, אויסגעבלייכטע, פארטרוקנטע, אנגעכמורעטע, פארגרי־זשעטע — וואס עס מאכט אַלץ דאס נישט־ארבעטן! ווילע, ערלעכע קינדער, האלטן גרייט די הענט צו יעדער מלאכה, האָרעווען, פראַצעווען, אוועקגעבן די כוחות — אבער מען נעמט נישט, מ׳דארף נישט. די הענט דאַרן אָפּ. די הערצער שרומפּן איין. איי, גאָט, גאָט, גיב ארבעט מיינע קינדער! גיב עפּעס אַן אויסוועג!

און א שטיקל אויסוועג האט זיך באוויזן. חיים איז געקומען צו לויפן און מודיע געווען מיט פרייד:

— זיין חברטע, אדער זאל עס הייסן זיין כלה, האט באקומען פון איר ברודער פון קובא, האַוואַנאַ, פּאפּירן פאר

זיי ביידן. אפילו שיפסקארטן זענען שוין דא. בקרוב פּאָרט ער אוועק. אוועק פונדאנען!

די מאמע — זי שלינגט שוין די דערשטיקטע טרערן אין האלדז. האט שוין חיים דערציילט, דערציילט שוין אויך אברהמל, אז אויך ער האט שוין א מיידל, זי האט דארט א ברודער, שוועסטער און שוואגער אין אויסטראליע, אין סידנעי, צי מעלבורן, גרייט מען זיך דארט אויך זיי צו שיקן פּאַפּירן.

איצט גייט שוין די מאמע אוועק צו א שכנטע דאָרט זיך אויסוויינען.

א בהלה האט ארומגעכאפּט די שטוב, ווייל זי צעטרייס־לען, די ווענט צעוואַרפן. אויך בערטשען איז שוין דאַ ענג געווארן. א יונגער קריסט האט אים אויף דער גאַס דערלאנגט א קאָפּע אין בויך אריין, איז ער פון דאמאָלסט אָן שוין לגמרי א פארלוירענער. אפילו אויפן שלאכטפעלד — האט ער צו זיך גערעדט — ווען ס'זענען געפלויגן די שראפּנעלן און סנאַריאדן איבערן קאָפּ, האט ער נישט געפילט אַזאַ פחד, ווי נאָך דעם קאָפּע אין בויך פון דעם שגץ. ער קוקט שוין אויף דער גאַס א דערשראקענער יעדן גוי אין די אויגן אריין:

„גייט ער מיך שלאָגן?"

ניין, ער וועט דא נישט בלייבן. ער האט שוין אפּגעגעבן א „שאלון" אויף א סערטיפיקאט קיין פּאלעסטינע. א גוטער שילדן־מאָלער וועט אומעטום אויסגעפינען זיין חיונה. וואָט!

די שוועסטערן האבן דעריבער גענומען איינטענהן מיטן טאַטן:

— אפשר וועלן מיר אויך נעמען קלערן וועגן פאָרן? וואס וועלן מיר דא בלייבן אליין? אויף וואס איז דא צו האָפן און וואס וועלן מיר שוין דא דערלעבן?

עס שטעלט זיך אקייגן יאסל:

— פחדנים! וואס עפעס אנטלויפן? דא זענען מיר געבוירן און דא וועלן מיר ס׳אונזעריקע אויסקעמפן! ארבעט מוז זיין פאַר אלע! און דער אנטיסעמיטיזם וועט אויך פאר־שווינדן! דאס איז נאר א פראדוקט — — —

חנן רייסט אים איבער:

— לאָז שוין צורו, יאסל, דאס סאציאליסטישע מענה לשון. ס׳איז נישט א פראדוקט, נאר א חולאת. נישטא נאָך אַזאַ פארגעניגן ביי א גוי ווי שיסן האָזן און שלאגן יידן. פונדעסטוועגן מיין איך אז מ׳דארף נישט פאָרן פשוט דערפאַר, ווייל גאָט איז אומעטום! ער האט אונז קיינמאל נישט פאר־לאָזן און וועט אונז אויך ווייטער נישט פארלאזן.

— בטחון איז וועלוועלער פון קארטאפליעס — האט בערטשע א שפיציקן קידערווידער־לאָך געטון.

— ביטחון איז דער טייערסטער אוצר וואס ס׳פארמאָגט דער בחיר היצירה, און מכל שכן — דער ייד! — האט חנן דערווידערט.

ר׳ יחיאל איז צופרידן פון חננס ענטפער. ס׳דערמאנט זיך אים איצט אין דעם שמייכלענדיקן פויערל סטאָך דער מייסטער, וואס האט געוווינט דאלעבן סטאָק, אין שטעטעלע וואָהין ביי ריפּין; דערמאנט זיך אין דעם געבענטשטן ווייץ אויף יענע פעלדער, אין דעם פרישן קאַלטן סטאָק־וואַסער. ער גלעט אויס די בארד, איינמאל און נאכאמאל, ווי ביי א

וויכטיקן ישוב הדעת, פארקוועטשט די אויגן און ענטפערט מיט עפּעס אַן ענטפער ווי פון ווייטע ווייטן:

— איר, קינדער, טוט לויט אייער אייגענעם שכל הישר. איר מעגט און דאַרפט פאָרן. א סכנה דאַרף מען אויסמיידן, און אויף קיין נסים דאַרף מען זיך נישט סומך זיין. איך אָבער, איך וויל האבן מיין קבר צווישן אייגענע, היימישע, אָט דאָ, אויף געגנשע גאַס. איך וויל נישט ליגן אין דער פרעמד. און דערפאַר פארבלייב איך דאָ!

ז

בריוו האבן אנגעהויבן אנקומען פון ווייטע, פרעמדע לענדער. די מאמע האט זיי געזאמלט אונטערן קישן, געלייענט זיי צו עטלעכע מאל, געגלעט די אותיות, דאס פּאַפּיר, דעם קאנווערט, אַנגעטאפּט נאכאמאָל דאס פאפיר, ווי ס'וואלט געווען דאס פנים פון איר קינד, נאכאַמאָל א גלעט געטון, נאכאַמאָל דערויף ארויפגעוויינט, און די אותיות צעפליסן זיך פון די טרערן, און די מאמע וויל זיי דאָך לייענען נאָך און נאכאמאָל. און זי איז שוין היימיש געווארן מיט אזעלכע פרעמדע און מאדנע ווערטער ווי:

שאפּ, באָס, לעטער, פּיקטשור.

און מיט די שפּאנישע ווערטער:

אָבראַ, מאנופאקטוראַ, סאלוברידאַט.

בערטשע האט חתונה געהאט און לעבט דארט אין ארץ־ישראל גליקלעך און צופרידן. זיינע בריוו פארענדיקט ער אָפט מיט דעם זעלבן פזמון:

„דאָס ווייב איז א ווילע, כאָטש נישט קיין וועגעטאריע־רין. קאָ סאָמעטענע סוואלאטשעס פעלן דא אויך נישט, נאָר זיי זענען סימפאטישער".

אויך דער יונגסטער חנן האט חתונה געהאט, געווארן א רב'ל אין א קליין שטעטל הינטער לאדזש.

איצטער שדכנט מען דאָ דער עלטסטער, צפורהן, אַן אלמן פון דער פראווינץ. צפורה וויינט אויף איר גורל, אבער די מאמע, וועלכע ליגט שוין א יאר צו־בעט, געפינט אויס פאַר איר א טרייסט:

— נאַריש, גוט קינד מיינס, דו מוזט זיין מיט אלעמען צוגלייך, דו מוזט האבן א קינד. דערום מוזטו זיך איילן און יאגן ווי א יונגער הערש, אַן אינדין, ווייל די מוטער־צייט — — — אנטרונט גיך.

ס'האט קיין סך צייט נישט געדויערט. העכער א יאר צייט איז מאַטעלע אפגעלעגן צו־בעט און זי האט זיך גע־נומען צוגעוויינען צו איר מצב. אויך די ארומיקע האבן זיך גענומען צוגעוויינען, ס'האט זיך נארמאליזירט דער אומנאר־מאַלער צושטאנד. אבער ראַפּטעם, נאך איינע דריי טעג, האט זיך די קרענק פארערגערט, פארשארפט. ביז איצט איז זי געקראכן, די חולאת, און איצט האט זי גאלאפירט, זיך אפ־גענומען פאר דער גאנצער צייט פאמעלעכער קריכעניש, און אויפן פערטן טאָג שוין האט מאַטעלע דעם לעצטן קרעכץ געטון, רעכט נישט פארמאכט די אויגן און אויסגעהויכט די נשמה.

אצינד איז אין שטוב שוין כולו חושך. ר' יחיאל האט פלוצים פארלוירן כמעט ס'קול, ווי ס'וואלט פון אים ארויס־

גערעדט א קינד, א פרעמדס, וואס האט ערשט קוים אנגע־
הויבן רעדן.

נאָך די שלושים האט צפורה געפאלגט דער מאַמען,
אוועק אין שטעטל צום אלמן און מיטגענומען מיט זיך די
יונגערע שוועסטער.

ח

אין שטוב איז מיט ר׳ יחיאלן פארבליבן נאָר איין יאסל.
ער האט זיך אויסגעלערנט קאָכן און גלייך נאָך דער ארבעט
געקומען שנעל צו לויפן אין שטוב אריין און פארטיק גע־
מאכט א געקעכץ פאַרן טאַטן און זיך. נאכן עסן פלעגט
יאסל פאַרלייענען פארן טאַטן א שטיקל צייטונג, דערציילן
נייעסן און דערנאָך גלייך אוועק צו זיין פאַרטיי־ארבעט.

געקומען איז ער שפעט אין דערנאכט און אריין מיט
שטילע טריט נישט אויפצוּוועקן דעם טאטן.

איינמאל, א ווינטער פארטאג, ווען יחיאל האט זיך אויפ־
געהויבן און גענומען זיך פאַרען ביים איינהייצן, צוגרייטן
אַביסל וואַרעמס, האט ער אויף יאסלס געלעגער דערזעען
ליגן נאָך עמיצן, אַ לגמרי פרעמדן, אַ בלאָנדער, מיט א
פלאקסענעם קאָפּ האר, פארשניטענע און פארשפיצטע נאָז
און העל־בלאָע אויגן —

א שייגעץ!

ס׳איז אים ארויסגעפאלן דאס האלץ פון דער האנט.
ער האט נישט באוויזן א קלער טון, ווי זיי האבן זיך ביידע
מיטאמאָל אויפגעכאפּט.

יאָסל האָט אָן שהיות אויפגעקלערט:

— טאַטישי, דאָס איז מיינס א פוילישער חבר, ער מוז זיך אויסבאַהאַלטן, ס׳דראָט אים תפיסה.

דער שייגעץ האָט זיך ברייט צעשמייכלט, ארויסגע־צויגן פון אונטער דער קאָלדרע א מיט קאַשע באַפּינטלטע האַנט און זי האַסטיק דערלאַנגט יחיאלן:

— טשעשטש, פּאַניע איזראַעלו!

ר׳ יחיאל האָט זיך נאָך מער צעטומלט און אפגעענט־פערט מיט א מורמל:

— דזשענקויען!

ער האָט נאָר אויסגעטרונקען א גלעזל וואַסער מיט מילך, נישט געשטעלט זיך דאַווענען, נישט גענומען קיין אנבייסן און אוועק אין חדר.

א גאַנצן טאָג האָבן די מחשבות זיך היינט פאַרפּלאָנ־טערט אין דערנער, שטעכלקעס, פאַרטשעפּעט זיך. ס׳לערנען מיט די קינדער האָט אונטערגעהונקען. ער איז שוין בכלל מיד. שווער מיד. ס׳קומט אים שוין שווער אָן דאָס קנעלן מיט די יינגלעך. נו, ער האָט שוין לאַנג אריבערגעשפּאַנט די זעכציקער און איז אויפן וועג צו די זיבעציק. ער וואָלט שוין וועלן באַקומען די עמעריטור, אפרוען! די הענט טרייסלען, פאַר די אויגן שווינדלט, ס׳ברעכט אין די גע־לענקען. זאָל ער באַקומען די עמעריטור, וואָלט עס אים נאָך אוודאי אויפגעהאַלטן עטלעכע יאָר ביים לעבן.

א צווייט מאָל, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, איז שוין דעם זונס געלעגער געווען אינגאַנצן ליידיק, יאָסל איז אויך נישטאָ.

ער איז אראָפּ פון בעט, געוואָלט פּרוּוון די טיר צי זי איז פאַרשלאָסן, און געפונען ליגן ביי דער טיר א צעטעלע, געוואָרן אריינגעשטופּט, זעט אויס, פון דרויסן. ער האט גע־נומען איגדערגיך איבערלייענען:

„יאָסל וועט א לענגערע צייט נישט אהיימקומען שלאָפן. זוכט אים נישט, ווייל ער איז אַרעסטירט, ער זיצט אין תפיסה".

ט

ס'איז ערב פסח. היינט לערנט מען שוין נישט. און ביי אים, ר' יחיאלן, איז נעכטן סיוּוּי געווען שוין דאָס לעצטע לערנען. זיך געזעגנט מיט די חדר־קינדער, אויף תמיד. שוין באַקומען זיין לאַנג געוואַרטע עמעריטור.

זיצט ער אין שטוב איינער אליין, ביים טיש. אַ ספר איז אָפן. אויפן ספר א שניפּטיכל. אויפן טיכל די זון, גליטשט זיך פאַמעלעך אַרויף אויף זיינע הענט, וואַרעמט, גלעט. די קינדער — נישטאָ. אַוועק. ס'וויב — דאָרט, ארויפצוצו, אויף געגנשע, אויפן עולם אמת. רינען איצט פון אים אראָפּ די יאָרן אויף צוריק, אין די זכרונות אריין, צוואַנציק, דרייסיק, פערציק, פינפאונפערציק, מ'פירט אים צו דער חופה, ער טראָגט א זיידן טיכל אויפן האלדז, מיט א קנופּ. ער וואָלט עס נישט געדענקט, נאָר אויף צומאַרגנס האט אים מאַטעלע געזאָגט, הלמאי דאָס זיידענע טיכל אויפן האלדז ביי אים איז געווען פאַרקנופּט, ווי א שטריקל ארום א זעקל. אַז זי האט דאָס ביי אים דערזען, האט זי געוואָלט ביי דער חופה

לאַכן. יאָ, אמת, ס'זיידענע פאטשיילעכל איז טאקע געווען ביי
אים שטארק פארקנופט, ס'האט אפילו אין האלדז געקוועטשט,
ער פילט טאקע איצט דעם דרוק ביים גארגל־קנאָכן. מאַטעלע
האט דעמלט געוואלט לאַכן, אַ שאָד, ער וואלט איצט בפירוש
געוואלט הערן איר לאַכן. האט זי אמאל געלאכט? הויך?
ער געדענקט נישט אזוינס. געשמייכלט — יאָ, יעדעס מאָל
ווע זי האט געבוירן א קינד און ער איז אריינגעקומען עס
אנקוקן און איר ווינטשן. ווו זענען אוועקגעקומען אירע
שמייכלען? ווו זענען אוועקגעקומען די קינדער? בריווו,
געשריבענע גרוסן — „זאָל דער טאַטישי זיין געזונט און
מ'זאל נאך דערלעבן זיך צו זען און זיין צוזאמען". ווען?
ווו? ווי אזוי? אַ, יאָ, — ער וואלט נאך וועלן זיין ביי זיך
אין שטעטעלע, דאָרטן אויפן שאָסיי. דאָרט ליגט די מאַמע,
טאַטע, דארט איז ער א קינד, א בחור, שפאצירט אויפן שאָ־
סיי, צופט אָפּ א זאַנג, בייסט א קערעלע, גייט צוריק אין
בית מדרש, זיצט ביי די הויכע פענצטער מיט די קליינע
קאלירטע שייבעלעך, ער וויגט זיך ביי אַן אָפענער גמרא,
ס'קול לאזט זיך גיך אוועק דאָרכן פענצטער צום טייך, צו די
סעדער, פארהאלט זיך און קומט צוריק דורך די קייגנאיבערדיקע
אפענע פענצטער פון בית מדרש — זיין קול, זיין נגינה פון
תורה, נאָר שוין צוזאמען מיט א ריח פון טייך און פירות.
די מאמע וועט אים באלד קומען רופן צו ווארעמעס. עט,
יינגלערישע מחשבות. ער נעמט אראָפּ ס'טיכל פון ספר, די
זון איז שוין אויפן וואנט און ציט זיך שוין צוריק ארויס
אינדרויסן. וויגט ער זיך דאָ איבערן ספר — אבער ער
ווערט נאך אלץ נישט פטור פון יענע מחשבות. רעשטלעך,

צויטן — ניין, די מאַמע וועט אים מער גישט קומען רופן אויף וואַרעמעס; מאַטעלע, אין א ווייסער הויב אויפן קאָפּ אונטער א קלאָר־ווייס איבערגעצויגן איבערבעט — וועט גישט מער שמייכלען צו אים. און ער וועט איר מער נישט ווינטשן מזל טוב. נו, מילא. פאַרוואס איז אים קאַלט אין די פיס? און וואס וועט זיין מיט יאָסלען? ווו איז יאסל? דער איינאונאיינציקער מיט אים־פארבליבענער זון. זיצט אין תפיסה. פארוואס? חלילה צוליב רשעות? אַ גוט, ער־לעך בחורל, ער מיינט דאָך די טובה פון דער וועלט, פון די ארעמע, ער מיינט עס דאָך ערלעך. ער וואלט גערן באַ־שטאנען זיין צוזאמען מיט יאסלען דארטן. וואָלט מען נאָך געקאנט מיטהאבן עפעס א ספרל — וואלט אוודאי געוועז וואויל און גוט.

מען קלאפט אין טיר. ווער קאָן דאס זיין? ס׳קומט אריין אַ באַאַמטער פון גמינע. א נייטיקער ענין. מען מוז היינט שיקן די קינדער אין בעלוועדער, כדי צו באגריסן דעם מלוכה־פרעזידענט, ס׳איז היינט זיין געבורטסטאג, א מלוכה־שער יום טוב. דיני דמלכותא. איז ער באשטימט געווארן אין גמינע אז טאקע ער, ר׳ יחיאל, וועט מוזן אנפירן מיטן קינ־דער־צוג.

רב יחיאל ווייסט גישט וואס צו זאגן. ווי קומט ער צו אזעלכע ערטער, אין יענע גאַסן, און בכלל.

ניין, ס׳עט גארנישט פועלן, אזוי איז באשלאסן גע־ווארן, נאר ר׳ יחיאל — האבן זיי געזאגט — וועט זיך דערצו פאַסן. א הדרת פנימדיק אויסזען, א בכבודיק געצירטע בארד — אזוי האבן זיי געזאגט אין גמינע אויף דער זיצונג — נאָר

ר׳ יחיאל וועט אנפירן מיטן קינדער־מארשרוט צום פרעזי־
דענט. ר׳ יחיאל האט געמוזט דערויף מסכים זיין.

י

צוריקצוועגס פון בעלוועדער איז שוין יחיאל געגאנגען איינער אליין. די קינדער זענען אפגעפארן צוריק אין טראמ־וויי. ער האט זיך געוואלט ליבערשט איבערגיין, זעען ווי ס׳זעט אויס די גרויסע שטאט. ער וווינט דאך שוין דא העכער פערציק יאר. ר׳איז מיד, פארמאטערט, פילט זיך אבער דאך אביסל געהויבן — כ׳וויס, געזעען אויף א גאניקל דעם אדון הגדול אליין. אים, יחיאלן, האט אן אפיציר דערלאנגט די האנט.

ער קוקט זיך ארום איבער די גאסן. ער זעט אזוינס וואס ער וואלט זיך קיינמאל נישט פארגעשטעלט. ער קוקט א פארהידושטער אויף די גרויסע, אויסגעפוצטע אויסשטעל־פענצטער, אויף די אויטאמאבילן און אויטאבוסן, די הויכע הייזער און די הויכע עלעקטרישע לאמטערן. און אזעלכע שטעטער ווי מען טראגט דא, וואס פאר א רייך אנטוועכץ!

טראכט ער אצינד וועגן די דאזיקע עולם הזה׳ניקעס, די בעלי תענוגים, וועלכע פירן נישט קיין שום חשבון מיט דער וועלט, אן חובות און פטור, אלץ אויף שוין, אויף אצינד, גארנישט אין דער לאנגער באנק אריין. אבער ס׳איז דאך אזויפיל טומל, ווי אן אייביקער יאריד. מ׳דארף גיין אביסל גיכער, אגישט וועט ער פארזוימען אהיימצוקומען אפילו ביז פארנאכט. נעמט ער פארשנעלערן זיין שריט. דערנענטערט

זיך צו אים אומגעריכט עפעס איינער אין א מיליטערישן מונדיר, מיט א געלעכטער־פּנים, קוקט אים אין די אויגן אריין און זאגט מיט ביטערער הנאה:

— אַך, יאַקאַ פּיענקנאַ בראָדאַ! (אַך, וואס פארא שיינע באָרד).

און נאך איידער יחיאל דאנזשעט צו באנעמען וואס מ׳האט אים געזאגט, האט יענער אים א האסטיקן כאַפּ געטון פאר דער בארד, זי ארומגעוויקלט ארום זיין האנט און אים א שלעפּ געטון ביז צו דרערד. אויסגעפּליקט א גאנצן בינט האָר.

ר׳ יחיאל האט א וויסטן קרעכץ ארויסגעדעכעט. די פּיס האבן פארלוירן דעם אנשפּאר און ר׳האט זיך אנגעכאפּט פאר א לאמטער. ער האט געפילט אז ער מוז אנגורטן אלע כוחות זיך צו דערהאלטן, האט ער זיך אנגעגורט. דעם בינט האר האט אים דער זעלנער ארייַנגעשטופּט הינטערן קאל־נער, צושרייענדיק:

— נאַ מאַש, זשידזשע, נאַ פּאַמיאָנטקע! (נאדיר, ייד, אויף אן אָנדענק).

יא

אין שטוב האט ער געלייגט קאלטע, נאסע האנטעכער צו דער גאמבע, און ס׳האט נאך אלץ געטריפט בלוט אויף דער בארד. די בארד איז שוין א נאסער וויעכעטש. ערשט אצינד האט ער זיך צעוויינט. דער גאנצער גוף האט געהעשעט און געצאַפּלט.

ער האט זיך דערנאך אוועקגעזעצט שרייבן בריוו. צו די

זין. קיין האַוואַנאַ, סידנעי, תל־אביב. וואס שרייבט מען?
ווי אזוי שרייבט מען? כאָטש לייג ארײן אין די בריוו די
אויסגעריסענע האר פון דער בארד. און וואס שרייבן — מ׳זאל
אים אראפנעמען? צוויי טעכטער און צוויי זין זענען הי, אין
דעם לאנד, מאַטעלע ליגט דא דאלעבן — אבער קיין ארץ־
ישראל וואלט ער געפארן, סייווי, זאָלן די קינדער מיט אים
מיטפארן — איז אבער דער וועג פארשטעלט, ס׳איז אין
גוישע הענט. אים אליין, אָן אלטן טאטן, וואלט מען נאך
אפשר ארײנגעלאזט. אבער יאסל זיצט דא אין טורמע. ער
איז נאָך אפילו נישט געגאנגען זיך נאכפרעגן, פועלן, אז
ער זאל זיך מיט אים זען, אים ארײנטראגן עסן.

אין שטוב ווערט טונקעלער. ער וועט נישט גיין אין
שול ארײן דאווענען. ער וועט נישט גיין צו קיינעם פון די
וואס האבן אים פארבעטן צום סדר. ער׳ט פארבלײבן אין
שטוב, דאווענען דאָ, ביי זיך, ער וועט אליין אפרעכטן דעם
סדר, אויף יוצא וועגן. ער צינדט אָן ליכט. — גוט יום־טוב!
מ׳דאַרף טוישן דאָס האנטעך, אײננעצן אין וואסער, אויס־
דרייען. ער וועט לייגן אַ יומטובדיק טישטעך. ווײן האט ער.
מצות האט ער. ער זעצט זיך צום סדר. ער גורט אָן אלע
כוחות זיך צו באהערשן. ער ריכט אָפּ דעם סדר. מ׳קלאפּט
אין טיר. ווער קאָן אצינד זײן? ווער פון די שכנים? עס
איז יאסל! יאסל! קומט איצט גלייך פון טורמע.

יב

נאָך אַן אײנאוננאײנציקן פאַל דערציילן: נישט לאַנג נאָך
פסח האט זיך אין שטוב ארײנגעשטעלט — בערטשע! ער

איז צוריקגעקומען פון ארץ ישראל! זיין ווייב איז זיך מיט אים צעגאנגען. געוואלט האבן א קינד, און נישט געהאט, נעמט זי אָן — אַז ער איז דער חייב. מילא. איז נישט. וואלט ער פארבליבן דארט אין לאנד, פארטראגט ער אבער נישט קיין שקר און צביעות. ווער זאל וויסן אז מיט דעם הייליקן לשון קאָן מען אויך געברויכן אזויפיל שקר? און צביעות. און האַרטקייט. אַנטי־רחמימניקעס! דער אמת איז, אַז דאס איז נאר דער עלטערער דור, נאָך אלץ די מדבר־יידן, און משה רבינו וואלט נאָך מיט זיי היינט אויך געהאט א שווער לייענען — אבער די יונגערע זענען שוין גאָר אנדערש. אוממיטלבאַרע, פשוטע! און פאַראַן דארט אפילו א קיבוץ פון וועגעטאריער. ער וואלט שוין דארטן אוועק, נאָר — ס׳האט זיך אים פארבענקט נאָך אייגענע, משפחה. צוממערסט נאכן טאטן. ער קאָן אהין מיטנעמען דעם טאטן. וועט דער טאטע מיט אים מיטפארן, פארט ער תיכף צוריק, אָלא נישט, וועט ער שוין פארבלייבן דאָ, צוזאמען מיטן טאטן.

און נאך א פאל איז געשען:

חיים האט זיך נישט געקאנט דערהאלטן אין קובאַ און זיך צוריק דערשלאגן ביז פאריז.

דאס אלץ איז שוין געשען אין פעריאָד פון ערב מלחמה.

## יג

אצינד בלויז עטלעכע ווערטער וועגן דעם וואס איך וויים, און דאס וואס איך פארשטיי, און דאס וואס כ׳שטעל מיר פאָר.

וועגן יאסלען ווייס איך: כ׳האב אים געטראפן סוף 1939—תּחילת 1940, אין ביאַליסטאָק. ווי א קאמוניסט האט ער דארט געשפּילט א ראָל אין פאַרייך פון געוועזענע פּאָלי־טישע אַרעסטאַנטן אין פּוילן. דערנאָך איז ער ערגעץ נעלם געוואָרן. איז אַנצונעמען אז ער איז פאַרשיקט געוואָרן, אַרעסטירט, און ערגעץ ווו אומגעקומען דאָרטן.

ווייטער איז אַנצונעמען און זיך פאָרצושטעלן, אַז די טעכטער פון ר׳ יחיאל, מיט זייערע פאַמיליעס, און חנן מיט זיין געזינדל, זענען געקומען, ווי א סך אַנדערע פּליטים, אין יענער געטאָ־צייט, צו לויפן פון די קליינע שטעטלעך קיין וואַרשע. זיי האבן זיך אַלע אריינגעצויגן צום טאַטן אין שטוב, אויף פּאַוויע 51. און וואַרשיינלעך זענען זיי געווען פון די ערשטע אַראָפּצוגיין אויפן הויף ביי דער ערשטער כאַפּ־אַקציע און געוואָרן אוועקגעטריבן דורך געגשע אויף ניזקע צום אומשלאַג־פּלאַץ און פון דאָרט אוועק אין די פּראַכט־וואַגאָנען קיין טרעבלינקע, אָדער קיין מאַידאַנעק, אדער אַשוויענטשים. אַ פאַקט — זיי זענען אַלע אומגעקומען. אויך חיים מיט זיין פאַמיליע אין פאַריז איז אומגעקומען. אוודאי אין דראַנסי. אַלע אומגעקומען חוץ דעם זון אין אויסטראַליע, אַבראַהמל, וועלכער האט שוין באַוויזן צו געבן א נאָמען זיין יונגעלע נאָכן אומגעקומענעם טאַטן.

אָט דאָס איז אין קורצן און אין איילעניש א שטיקל געשיכטע וועגן איינער א יידישער משפּחה פון וואַרשע, איינע פון א סך אַנדערע משפּחות אין דעם לאַנד פּוילן, וועלכע האט געלעבט אין דער היטלער־תקופה, אומגעקומען אין די קאַלכאַויוונס. זייער ציפער איז בלויז אַכצן איינסן פון די זעקס מיליאָן. אַכצן נפשות פון דער משפּחה רייזבלאַט.

# א מלאכל

(א פאמיליען־כראניק)

## 1

ס'הייבט זיך אן אין יאר 1923.

עטלעכע יונגנטלעכע גיבן ארויס אין ווארשע א ליטא־גראפירטן ליטעראַרישן זשורנאל אונטערן נאמען: „באַרג ארויף". עס פאַרען זיך ביי אים ש. ל. שניידערמאן, איך, מאיר דיאמענט, און נאך עטלעכע יונגנטלעכע. מיר שאַפן אויך א דראמאטישן קרייז. דאַרף מען האבן אַן אויספירערין פאַר א ראלע פון א מלאכל.

ברענגט מאיר דיאמענט צו פירן זיינס א יונג, פערצנ־יעריק שוועסטערל. זי איז שמאָל. דין און דאַר. צאַרט. אַ מילדע מיניאטור, מיט גרויסע פארחידושטע אויגן, פאר־שעמט און פארטרוימט. אין אוונט, הינטער די קוליסן פון א היימיש אויפגעשטעלטער בינע, טשעפעט מען איר אָן אַ פּאָר פליגל פון א ווייכן, ווייסן זייד־שטאָף און זי שפילט די ראלע פון א מלאכל.

זי הייסט גאלדעלע. זינט זי איז אריין אין „השומר הצעיר", האט זי געביטן דעם נאמען אויף זהבה.

איך בין געוועזן עטלעכע מאָל ביי זיי אין שטוב. זיי

האבן געוויינט אויף מילע גאַס, אויף דער שמאָלער־מילע. דער טאַטע האט א קליין שוואַרץ בערדעלע, אַרבעט ערגעץ אין א שניט־געשעפט אויף גענשע, נאָר מ'האט אים שוין אפגעזאגט. איז ער געווארן א מעקלער, טרייבן אים די קאנקורענטן, די עלטערע, די בעלי חזקות. איז ער אוועק מעקלען ביי לעדער אויף פראנציסקאנער. יאגט זיך נאך אַ פאַרדינסטל, זוכט א שטעלע. קומט אהיים — איז דאס בערדל דורכגענומען מיט דאגות, די אויגן פאַריאָגטע, זוכנ־דיקע. שעמט זיך, איז אומעטיק, דאס ווייב זיינס, א טאכ־טער פון קאנסקאוואָליער רב, איז נאך אוועקגעשטארבן דאָרטן, אין קליינעם שטעטל קאנסקאוואָליע. פיר קינדער האט זי געלאזן, און איר מאמען.

די אלטע מאמע האלט תמיד וואַך אויף אים די אויגן מיט דעם געפרעג:

— מילאָ, די טאכטער מיינע איז יונג אוועקגעשטארבן, אבער די שוועלבעלעך זע כאטש צו דערנערן. זע כאטש אז זיי, די קינדער, זאָלן געזונט זיין!

קומט ער צוריק פון גאַס אָן א פאַרדינסט, גייען נאָר בלויז די פיס, דעם גוף טראָגן זיי נישט, ציט זיך ערגעץ צוריק, דאס פנים ווערט לענגער, דאס בערדל קערצער, איינ־געשרומפן, אבער דערפאר געדעכט מיט אומעט. זיצט ער א געשרומפענער ביים טיש, עסט עפעס צוזאמען מיט די קינדער, ווי ער וואלט געגעסן געבעטלטסט, און פארשטעקט דעם קאָפּ אין „הצפירה"־בלאַט.

דאַנקען גאָט, די קינדער וואַקסן שוין אונטער.

2

אבער ווי נאָר זיי זענען געוואָרן פעיק אויף צו שמועסן מיט אים, שפּאַרן זיי זיך שוין, אַמפּערן זיך, האָבן אייגענע מיינונגען און אנשויאונגען, לגמרי ווייטע פון זיינע. דערפאַר אָבער — אײַדעלע קינדער. אצילות. מיט דרך־ארץ. ווייכע לבבות, מיט אָפענע, שאַרפע קעפּלעך, און יעדעס פון די קינדער האָט עפּעס פון דער מוטער, ווי זיי וואָלטן זיך צעטיילט אין גלײַכע חלקים מיט דער ירושה פון די אייגנשאַפטן און אויסזען פון זייער יונג־געשטאָרבענער מאַמען. אַלע פיר צוזאַמען שטעלן פאָר אַ גאַנצע די מאַמען.

3

אין אַ יאָר אַרום פאָרט מאיר דיאַמענט אַוועק אומלעגאַל אין יענעם לאַנד פון יוגנט און טרוים, פון ליכט און גליק, פון סאָציאַלן יושר. אין דעם לאַנד פון געזאַנג, אין דעם לאַנד פון צוקונפט, אין לאַנד פון כסדרדיקן באַרג־אַרויף.

מאיר דיאַמענט האָט שוין דעמלט געהאַט געשריבן לידער פון פרייד און פרייהייט, געשפּילט ערשטע ראָלן אין אַמאַטאָרישן טעאַטער, געררויכערט אַ ליולקע מיט מאַטראָזן־טאַבאַק, זיך פאַרלאָזט אַ בונטאָרישע טשופּרינע איבערן שטערן, אַזוי ווי ס׳באַזינגען פּרץ מאַרקיש און משה קולבאַק.

ער האָט פונדעסטוועגן געבעטן מיך אַכטונג צו געבן פון צייט־צו־צייט אויף זיין שוועסטער, זיך אַמאָל אויך אַריבערכאַפּן צו זיי אַהיים, אונטערהאַלטן דעם טאַטן.

אין יאר 1927 הייסט שוין גאלדעלע נישט זהבה, נאָר
גינאַ. זי איז אין אַן אומלעגאלער רעוואָלוציאנערער יוגנט־
ארגאניזאציע. פירט אויס קאָנספּיראַטיווע פונקציעס. חברט
זיך מיט פשוטע פוילישע ארבעטער. שפּאצירט מיט זיי אין
די פארנאכטן ביי דער ווייסל. אגיטירט, ברענגט פארבאטענע
בלעטלעך און ביכלעך צום לייענען, שטיפט מיט זיי, רעדט
שוין א רוי, ראַציק און פּראָסטלעך לשון, ס'זאל זיין ראוי
פאַר די שווארץ־ארבעטער. זי מוז וואס גיכער און אקטיווער
איבעררייסן מיט די אמאליקע מאניערן, מיט די שטוב־טראַ־
דיציעס, מיט דעם פארגאנגענעם.

איך שילדער זי דעמלט אָפּ אין א נאוועלע אונטערן נאמען
„גינאַ", געדרוקט אין „וועלטשפּיגעל". איך שילדער איר באַבען
אין שטוב, וואס וועקט, דערמאנט זי תמיד: אַז זי איז א
יידישע טאכטער, אז יידיש בלוט זידט אייביק און הערט
קיינמאל נישט אויף צו זידן. דערציילט איר אלערליי שרעק־
מעשיות פון יידישן עבר. און וואס מער זי דערציילט איר
דאס און וויל זי צובינדן צום יידישן אמאל, אלץ מער וויל
גינאַ פון אים אנטלויפן, אלץ מער חברט זי זיך מיט קריסטן,
דערנענטערט זיך צו זיי. צום סוף, אין א געוויסן אינטימען
מאמענט מיט א קריסטלעכן חבר, דערמאנט זי יענער אין
איר יידישקייט, אז ער האט מורא פאר יידיש בלוט. זי לויפט
צוריק א צעבראכענע צו איר באבען זוכן ביי איר שוץ, זוכן
שוץ אין יידישקייט, אין עבר, ווערט סענטימענטאל. אפילו
מיסטיש.

איך טרעף זי ביי א געלעגנהייט אין יאר 1929 און גיב איר איבערצולייענען די דאזיקע דערציילונג. ס׳מאכט נישט אויף איר דעם מינדעסטן איינדרוק. פאראַן גרויסע היסטאָ־רישע, רעוואלוציאנערע אויפגאבן! פסיכאלאגישע האַר־שפּאַלטעריי? קינסטלערישע עקסקורסיעס און סובטעליטעטן? ליטעראַרישע שפּעקולאציעס און שפּילעוודיקייטן? נאציאנאַ־לע, סענטימענטאַלע צעקראכנקייט? עט, שטותעריי, ס׳איז נישט פאר איר קיין ענין. ס׳מאכט נישט אויף איר דעם מינימאַלסטן רושם. זי שמייכלט דערויף ווי א דערוואקסענער, וואס באקוקט די שפּילעכלעך פון זיינע קינדעריארן. אפשר איז נאך דערין אויך פארשטעקט א פארבארגן כעסל?

5

זי האט אריינגעצויגן אין דער באוועגונג שוין אויך איר יונגער שוועסטערל. דער יונגער ברודער האט נישט געוואַרט אויף אריינציען. ער איז אקייגנגעלאפן. אלע שוין אין דער קאָמוניסטישער יוגנט־ארגאניזאציע.

אז זיי קומען אהיים (גינאַ קומט שוין וואס זעלטענער אהיים), האט יעדער זיינע אייגענע סודות, און מ׳רעדט צווישן זיך ווי גענעראַלן, וואס יעדער פון זיי פירט אָן מיט א באזונדערן פראָנט־אָפּשניט.

6

אין יאר 1930 איז זי אריינגעפאלן אין טורמע, אין „סערביע״, דער פרויען־אפטייל אין „פּאַוויאק״. אפגעזעסן דארט פיר יאר.

ארויס פון דארטן, זיך ווייטער גענומען צו דער ארבעט, ווייטער דורכגעפאלן. עס איז איר געלונגען צו אנטלויפן קיין אויסלאנד, בעלגיע.

7

יאר 1945. מיטל־אַזיע. אין א ליימיקער קיביטקע זיצט א יונגע פרוי מיט א קליין קינדעלע אויף דער האנט. זי שאקלט עס, וויגט עס, זינגט צו א לידעלע, א טרויעריק לידל, וויגט אריין בענקעניש. דער מאַן אירער איז אין לאַגער. ר'האט געארבעט אין א מיל. ביים ארויסגיין פון דער ארבעט האט מען ביים אונטערזוכן אים געפונען פאר־שטעקט א זאַק. ר'האט באקומען א יאר טורמע. אין יענעם חודש איז זי גראָד שוואנגער געווארן. ווען זי האט געבוירן ס'קינד, האט זי אים צוויסן געטון מיט א בריוול אין יענעם ווייטן לאַגער אריין, אין קאווקאז. ר'האט נאך געהאט צו זיצן דריי חדשים. געוואָר ווערנדיק אז ער איז א טאטע פון א יונגעלע, זודיק בלוט האט ער, א יונגער יונג, האט ער זיך ניטש געקאנט איינהאלטן און געמאכט א פרווו צו אנטלויפן פון לאַגער. מ'האט אים געכאפט. ר'האט באקומען פרישע פינף יאר טורמע.

זי וויגט דאס קינד. ס'שלאפט איין. לייגט זי עס שטיל אוועק, גייט צו צום טישלעדל און נעמט ארויס פון דארטן פאמיליע־פאטאגראפיעס, מיר צו ווייזן.

אין דער דאזיקער שטוב בין איך צופעליק. איך בין ערשט ארויס פון טורמע נאָך עטלעכע יאר זיצן. ביי מיר

געפינט זיך א שאכטעלע קאנדענסירטע מילך. איך האב עס געוואלט פארקויפן אויף צו האבן עטלעכע רובל אויף צו קויפן א שטיקל ברויט.

אויסגעהערט אז זי איז אין אַזאַ מצב, האב איך זי געבעטן אננעמען פון מיר א מתנה דאס דאזיקע מילך־שאכטל. איך האב זיך זייער דערפרייט מיט דער דאזיקער געלעגנהייט פון געבן אזא נייטיקן געשאנק. אַן אמתע מצווה.

וויל מיך שוין די פרוי מיט עפעס מהנה זיין, ווייזן מיר אירע פאמיליע־פאטאגראפיעס. קוק איך אויף די פרעמדע בילדער. באלד, באלד, איין בילד פארהאלט מיין בליק:

— דער דאזיקער יונגערמאן איז מיר עפעס קענטלעך. ווי אזוי הייסט אייער מאַן?

— ער הייסט יחזקאל דיאמענט.

—איז ער א ברודער פון מאירן? א ברודער פון גינא?

— יאָ, זיכער! איר קענט זיי?

זי ווייזט שוין נאָך בילדער. יאָ, אָט איז א בילד פון גינאַ. פון מאירן האט זי נישט קיין בילד. אבער וועגן מאירן דערציייל איך איר שוין. איך ווייס גראָד פרטים וועגן זיין ארעסט. דער באקאנטער שאבלאָן: אין יאר 1937, ער איז שוין דעמלט געוועזן אין מאסקווע, פילם־רעזשיסער אין דער רויטער־ארמיי. אין יענעם יאר ארעסטירט געווארן, באשולדיקונג: שפּיאָנאזש, ווי געוויינטלעך. פון דעמלט אָן נעלם געווארן.*

* אין מיין בוך „אין פארכישופטן לאנד פון לעגענדארן

אביסל דערפון האט זי שוין געוווסט, ווייל יחזקאל, וועלכער איז געקומען אין ראטנפארבאנד מיטן שטראם פּלי־טים פון פוילן, אין יאר 1939, האט זיך געמיט וועגן אים עפּעס געוואר צו ווערן. קוים נאָר עפּעס דערגאנגען. מ׳האט אים געראטן אפּשטיין מיט דעם נייגער זיינעם, מיט דעם וועלן באקומען אינפארמאציעס. ער קאָן נאָך ווערן מיטגע־צויגן מיטן ברודער.

כ׳באקוק די פאטאגראפיעס.

וווּ איז ערגעץ גינאַ ?

— זי איז פאר דער מלחמה געווען אין בעלגיע, פראנק־רייך, געארבעט אלס זשורנאליסטין אין דער פראנצויזישער פרעסע, געשריבן צו אונז דעמלט בריוו, זיך פארינטערע־סירט מיט אונזער גורל. איצט וווּ זי איז ? ווער קאָן דאס וויסן ?

8

לאָדזש. מאַי 1946. אויף מיין סעקרעטאריאט־טיש אין ליטעראטן־פאריין ווו איך האב דעמלט געארבעט, איז געלעגן אַ צעטעלע מיט עטלעכע ווערטער, אין יידיש:

„ליבער פריינד! איך וואלט זיך וועלן מיט אייך זען. איך וועל וואַרטן אויף אייך אין פאריין 2 באטאָג. גינאַ“.

זי איז געקומען פינקטלעך. כ׳האב זי דערקענט.

---

דזשוגאשווילי“ האב איך דערמאנט וועגן אים מערער פרטים. דארט פיגורירט ער אונטער די איניציאלן מ.ד.

זעכצן יאר האב איך זי נישט געזען. איך וויל מיט איין בליק איבערלייענען אין איר פנים די זעכצן יאר. שווער אזוי שנעל צו לעזן. זי איז קלויסטערדיק־שטרענג, פארשלאָסן. די הויט — איינגעצויגן, צו וועלן פארבארגן דאס פארגעקו־מענע. א הויט זאל קאָנען זיין אזוי שטייף, שאַרף און שטרענג? דערלאזט נישט אפלייגן דאס קנאַפסטע קנייטשעלע. די האָר — אַ געפרעסמער שווארצער זייד, מיט אינזעלעך פון גרוי. ווי א צייכן? ווי א צירונג? איך שטעל איר עטלעכע פראגעס מיט דער זאכלעכסטער טרוקנקייט. מיט געכפלטער זאכלעכער טרוקנקייט ענטפערט זי:

— יאָ, געהאט א מאן. א פראנצויז. (זי רופט אָן זיין נאמען). אומגעקומען אין דער פארטיזאנער־באוועגונג אין פראנקרייך דעם צוואנציקסטן יולי 1942. איך אליין? אויך גע־ווען אין דער פארטיזאנקע.

זי פרעגט מיך וואס איך וויים וועגן איר ברודער. איך זאג איר דאס וואס איך וויים. עטוואס ווואלירט. אנט־שפרעכיק די באדינגונגען פון יענעם ארט און יענער צייט.

זי זינקט אראפ איר קאָפּ. א שווערע לאַסט.

איך דערזע ערשט אויף איר לאץ אַ גרויסע, פראנצוי־זישע אפצייכנונג. א מעדאל.

זי איז נישט לאנג ערשט געקומען פון פאַריז, אפגע־טרעטן אין די באלקאן־לענדער. זי איז א פּאָטאָ־קאָרעס־פּאָנדענטין פון עטלעכע אויסלענדישע צייטונגען (מסתם פּאַרטייאישע).

זי פרעגט מיך נאכאמאל וועגן גורל פון אירע נאנטע. אפשר וועל איך דאס מאל ענטפערן עטוואס מילדער, אפשר

אנדערש וואריאירט. אפשר א האפענונג? ניין. איך ענדער גארנישט. פאַקטן. היסטארישע געשעענישן. צופוסנס ביי די בערג פון היסטארישע געשעענישן. די געשיכטע־רעדער דרייען זיך ראַש, שארף, כאפן זיי מיט אריין אין זייערע שארפע ציין א סך פון די באדינער ביים ראד.

(דאס איז אַן ענטפער אין זייער סטיל: פאליטישער פארברעך מיט פּאָעטישע פליגל).

זי קוקט מיך אָן און זעט מיך נישט. איר קאָפּ זינקט נאָך טיפער.

פרעג איך זי וועגן איר יונגערער שוועסטער, מירעלען. זי הייבט אויף דעם קאָפּ, ריגלט פּאַמעלעך אויף איר שווארצן האנדבייטל און גיט מיר איבערצולייענען א שטיקל פראנצוי־זישע צייטונג. דארט איז א גרויס בילד מירעלעס, באגלייט מיט א באשרייבונג. „מירעלע איז געווען איינע פון די מו־טיקסטע, געוואַגטסטע קעמפערינס אין דער אונטערערדי־שער באוועגונג אין פראנקרייך".

איך וויל נישט לעזן ביזן סוף, איך וויל וואס גיכער וויסן וואס מיט איר איז:

גינא צעשפּארט די ליפּן, וויל ענטפערן, וואַרט, און זאגט פּלוצים אינדערגיך:

— ווו איז זי אצינד?

— גיליאטינירט!

איך נעם זי אָן פאר דער האנט. א קראמפּיקער צאַפּל. זי פארמאכט די אויגן. אבער וואס העלפט עס? פון די פאר־מאכטע אויגן רינען טרערן, דיקע טראָפּנס. פארגיסן איר ס׳פנים. איר האַרטע הויט ווערט וואס אמאָל ווייכער, מיל־

דער, צאַרטער. עס שווימען די טרערן, צוזאמען מיט זיי — יאָרן, א יאר נאָך א יאָר. נאָך א יאָר. יארן הארטע, שווערע, בלייענע.

זי זעט איצט אוודאי די מאַמען אירע, די באבע, דעם טאטן מיטן קליינעם, שווארצן, תמיד פארזארגטן בערדל, מיט ווייכע יונגלישע אויגן; זי זעט איר מאירן, יחזקאלן, זי זעט זיי נאך איצט ווי קליינע ברידערלעך; זי זעט מירעלען, האט תמיד ליב געהאט בלאָ־זיידענע קאָקאַרדעס אין אירע ווייכע, שווארצע האר.

זי פרווט דעם טיפן קרעכץ האסטיק איבערשניידן מיט א שארפער רעפליק:

— אבער זי איז געפאלן פאר א הייליקער זאַך!

— זיכער. זיכער.

אצינד זענען אירע אויגן אָפן. שווימען פרייער און ראַשער די טרערן, און איר הויט ווערט אלץ ווייכער, און מילדער, און צאַרטער — און איך דערזע פאַר זיך פּלוצים ווידער אָט יענע פארשעמטע, פארטרוימטע, א פארוויינטע גאלדעלע. —

דאס מאלאכל — — —

דאָס מלאכל מיט אפגעריסענע פליגל. — — —

לאָדזש— רמת־גן.

# שמעון האראנטשיק

געבוירן 1889 אין וויעלון, קאַלישער געגנט. פאטער געשטארבן ווען שמעון איז אלט געווען 8 יאר. פון 11 ביז 17 יאר אין ישיבות. דערנאך אר־בעטער אין א שטרי־קעו־־פאבריק. א קורצע צייט אויך — סוחר. איינער פון די באדייטיקסטע יידישע נאוועליסטן און ראמא־ניסטן.

פאראן שוין א גרייטע פארשטעלונג וועגן דעם אויסזען פון א שרייבער. מען גלייבט אין דער פלאנמעסיקייט פון דער נאטור — באשאפט זי א מענטש וואס ועט זיין א קצב — איז שוין זיין אויסזען אנטשפרעכיק געשטאלטיקט. שוין אין די קינדער־יארן קאן מען, הייסט עס, פעסטשטעלן, מיט וואס פארא בן־אדם מען האט צו טון. דאס זעלבע, לאמיר זאגן, ביי א פילאזאף — זיין פנים איז פארגייסטיקט. מען זעט עס אין די אויגן, אין גאנג, אין דער האלטונג. אזוי אויך, מסתמא, ביי שרייבער. אמת, די נאטור קאפריזעוועט זיך אמאל, לאזט אמאל ארויס א בלויזע דעקאראציע — איר זעט פאר זיך א פנים פון א פילאזאף — און ער איז גאר דער סאמער דורכ־שניטלעכסטער פיליסטער — אויב נישט נאך נידעריקער,

אבער בדרך כלל גלויבט מען אין א געוויסער פּלאַנמעסיקייט און קאָמפּאָזיציאָנעלישקייט פון דער האַרין נאַטור.

צי איז עס אַזוי? צי איז אַזאַ אויסנאַם־דערע׳יינונג בלויז א דורכבּרוך פון א נאַטור־געזעץ, אַן אָפּוויכונג פון א פּלאַ־נירטן באַשאַף־סיסטעם, צי אַנדערע סיבות הערשן און באַ־ווירקן דאָ?

שמעון האַראַנטשיק האָט שטענדיק געליטן צוליב זיין אויסערלעכן מגושמדיקן אויסזען. העכער פון מיטלוווקס, א צעגאָסן, צערונען פּנים, דיספּראָפּאָרציאָנעל, מיט א ליידיקן, נאָכהענגעדיקן גוידער, א ציגל־רויטע, אַפּאָפּלעקטישע פאַרב, קליינע, גראָע, אומרואיקע אויגן. דער קערפּער — ווי אַן אומ־געלומפּערטער אַנגעפּאַקטער זאַק. און דער גאַנג אַזוי אומגע־לומפּערט. דער טריט א נישט־דעצידירטער, שטעלט א פוס און האָט חרטה, ווייל אים צוריקציען — איבערגעשראָקן.

ער וועט אַראָפּוואַרפן דאָס צעקנייטשטע קאַשקעטל, וואָס פאַרשאַרפט נאָך מער דאָס אויסזען פון א משונהדיק איבער־געפּאַקטן פאַרשוין. גייט ער אַריין אין א געשעפט אויף נאָוואָ־ליפּקי 6 זיך קויפן א קאַפּעליוש. ער מעסט׳ קלויבט זיך צו, איז אַביסל פאַרלוירן. דער עקספּעדיענט ווערט אויפגערעגט:

— רב ייד, דער־אַ קאַפּעליוש דאַרף אייך קליידן, גראַנאַט איז נישט פאַר אייך, איר זענט דאָך א קצב, יאָ?

דאָס פּנים, דער קאַרק, דער קאָפּ — אַלץ האָט זיך אין אים פאַרגאָסן מיט בלוט, די אויגן אויך. ער לאָזט ליגן די אַלע היט אויפן בופעט, כאַפּט דאָס קאַשקעטל זיינס און לויפט אַרויס פון געשעפט...

ער אָטעמט שווער.

איך טרייסט אים:

— האראנטשיק, קוקט זיך גוט איין אין בילד פון באל־זאקן, וועט איר זען, אז איר זענט גערעטן מיטן אויסזען אין אים, שטארק געראָטן.

ער כאפט מיך אָן ביים ארעם, לענט זיך אויף מיר אָן, צוגעדריקט. איך זאג אים שטיל און פייערלעך:

— און אויב איר ווילט וויסן — איז נישט נאר אייער אויסזען, נאר אייער שרייבן — איז אויך געראטן אין באלזאקן.

נעמט ער אפויר זיין האנט פון מיין ארעם, בלייבט שטיין, קוקט מיך אָן. די אויגן האבן זייער פארב געביטן, שוין נישט גראָ, נאָר בלאָ — דאס איז אוודאי צוליב די טרערן.

נאך אין דעם טאג האט ער אנגעשריבן 40 זייטלעך פון א ראמאַן.

מיט עטלעכע יאר פאר דעם האט מען אים באַוווּלהט — נישט קיין עקספעדיענט אין א הוט־געשעפט, נאר א ליטעראַ־טור־קריטיקער — אנגעשריבן א שלעכטע רעצענזיע וועגן זיינס א בוך. איז ער געקומען דאַן אין רעדאקציע „ליטעראַ־רישע בלעטער", זיך אוועקגעזעצט אויף א שטול, ארויסגע־נומען א פלעשעלע יאָד און עס אויסגעטרונקען.

קאָן ער נישט זיין דאס, וואס ער האט געמיינט, אז ער איז — דארף מען נישט, וועט ער אוועק אין דער וועלט — ווו ס'ליגט אַן אומגעקומענער ברודער זיינער — אַן אנאר־כיסט.

א הארציקער ברודער, א נשמה־מענטש, מיט קליינ־שטעטלדיקער, היימישער ווארעמקייט — יענער וועט אים דערפילן — וועט ער אים ארומנעמען און היימיש, משפחהדיק

זיך טוליען צו אים. ער איז דאָך אזוי איינזאם, פארלאזן — מען פארשטייט אים נישט.

אויסגעטרונקען דאס פלעשעלע יאד און זיצט מיט דעם קאפּ פארוואָרפן אויפן שטול און קרעכצט. ער טראכט נאך יעצט, אבסערווירט זיינע איגענע איבערלעבענישן — אזוי, הייסט עס, דארף מען שילדערן א זעלבסטמארד — אזוי זעט ער אויס. ער געפינט אויס נייע דעטיילן, וועלכע ער האט ביז איצט, אין זיין קינסטלערישער אמת־פאַרשטעלונג באַכנישט געהאט געזען. אבער פארפאלן, דעם סוד, די נייע באַאָבאַכ־טונגען וועט ער שוין אהינפירן דארטן, צום ברודער.

געקומען די „גיכע הילף", מען וויל אים ארײַנלאזן א גומי־רערל דורכן מויל, אויספּאמפּען דעם סם — נאר ער לאזט זיך נישט, האלט פארהאקט די ציין און וויל זיי באַין־אופן נישט עפענען. עס לויפט צו דער פארלעגער שקליאר, וויל אים אויפרייסן דאס מויל — האָראַנטשיק ווערט זיך, לאזט נישט, און שקליאר צעכעסט זיך:

— עפנט אויף דאס מויל, אידיאט!

יאָ, ער עפנט דאס מויל, נאר נישט פארן גומענעם רערל אויף אפצוראטעווען אים דאס לעבן, נאר אויף אפצוענטפערן אויף דער לעצטער באליידיקונג:

— רעכנט זיך מיט די רייד!

אין ליטעראטן־פאריין דערציילט מען זיך וועגן האראנ־טשיקס זעלבסטמארד — קוריאָז־מעסיק, א טעמע פאר קיבעץ און וויץ. נאר איינער רופט זיך אפּ אויף דעם אנדערש — ישראל שטערן. ער שרייבט אָן א ליד:

„אין יענעם טאג איז א מענטש באגאנגען זעלבסט־מארד". געווידמעט ש. הא.

קומט ער פון וועלטס אומגעריכטקייט
ווּ דער מענטש האט דעם ווינט ערשט דערהערט,
גלייך נישט אלט איז די ערד
און דער בוים איז גאטס קינד ווי פארצייטן.
...אלא וואס, מען זעט נישט קיין צווייגן ?
נישט פעלדער מיט גריקע פארזייטע ?
נאר מענטשן ווי שטריק אויסגעשפרייטע,
הענגען זיך איינע די צווייטע ?
...אלא וואס, מען זעט נישט קיין צווייגן ?
האט ער הענט ווי געבעטן, וואס שווייגן,
...און א הארץ, וואס גלאנצט אויף געוויין,
ווי א בלימל, וואס דרימלט אויף ליים...
און אזוי וויל ער בליען און שווייגן.

— — — — — — — — — —

און אויב וועלט האט שטאָלענע קארבן,
קלעמט דער צאָן אין איר אייגענעם שארבן, —
וועט ער די ערד מיט זיין בלוט טיף באפארבן,
די זיסקייט זאָל העכער אויפשטייגן...
ניין, ער וויל רואיק נישט שטארבן".

ער איז אפגעראטעוועט און לעבט ווייטער. שאפט נאָך א צענדליק ראמאנען, יוסטע ווערק, פולע, זאפטיקע, מיט דעם ריח פון ערד און ליבע. דאס לעבן איז שיין, די ליבע שפראצט און וואקסט אין מענטשלעכן גוף ווי גריקע אויף פעלדער, ווי רויזן און אויך ווי קרויט.

ציטערט ער דעריבער איבערן לעבן, איז א פחדן, וואָרים

זעט נאר ווי לייכט עס איז דאס לעבן צו פארלירן — ביי אַן אומפאָרזיכטיקן טריט, ביים אריבערגיין די גאס — גייט ער פאמעלעך, שווער און פארזיכטיק; שרייבן זשורנאלן וועגן דער קראנקהייט ראַק — עסט ער צוויי מאל אין טאג צו ציינדלעך קנאבל; גייט ער ארויף אין ליטעראטן־פאריין אויף דריי שטאק שטיגן און וויל קיינמאל נישט איינשטייגן אין דער ווינדע — נאָך וואָס? טאָמער? מיידט ער אויס צוזאמענלויפן, גייט ער קיינמאל נישט נאך קיין לוויות.

און ער איז אזוי באַיוו און אומבאהאלפן. שרייבט דיקע ראמאנען, נאר איז נישט אימשטאנד אנצושרייבן א קליינע נאטיץ. און ער איז א טעמע פאר קוריאזן. און אז ער קאָן אבער פאָרט נישט טרעפן אין די קארבן פונם לעבן? איז די פרייד פון שאפן פארטרעט אים אלץ — פאמיליע־גליק, טאג־טעגלעכע פארגעניגנס — גייט זעלטן אין קינא, אין טעאטער, קיינמאל נישט אין קיין רעסטאראן, לעבט צוביס־לעך ווי א פרוש און צוביסלעך — פויעריש. ער איז נאָר א משרת ביים לעבן — זיין אויפגאבע איז באשרייבן, אויפכאפן דאָס, וואס נישט יעדעס אויג זעט עס. איז דאס אייגענע לעבן גראָ. נאר אין די שעהן פון שאפונג — דערהייבט מען זיך, ווערט מען געלייטערט און מען לעבט איבער דאָס לעבן — פון זיינע באשאפענע העלדן. האט נישט ליב דאס לעבן, נאר קלאמערט זיך דערין, האלט עס קראמפיק מיט די פינגער — און אפשר נישט אזוי דאס לעבן, דאס זיין, ווי ער האט מורא פאר דעם נישט זיין, פאר דעם טויט. איז ער אייביק פול מיט פחד און צום זיכערסטן פילט ער זיך אין זיין קליינעם צימערל, ביים שרייב־טישל.

אין יאר 1939 איז שוין שווער צו אטעמען, שוין נישט מחמת שרעק פאר ארונטערפאלן אונטערן טראמוויי און פאר ראַק — עס שטיקט די אימה פאר — היטלערן.

יעדן טאג קומט ער צו מיר צו דער ארבעט, זעצט זיך אוועק ביים טישל און וויל, אז איך זאל אים גרינטלעך אינ־פאָרמירן ווי עס האלט, צי איז טאקע פאראן די סכנה פון מלחמה. ער לייענט אסך צייטונגען און זשורנאלן און אלע פאליטישע נייעסן, נאר ער האט ליב דאס זעלבע צו הערן, ווען א צווייטער איז עס אים מסביר.

איך עצה אים אַלץ צו ליקווידירן, וואס עס מיינט, אייגנ־טלעך, איינפאקן א קליין רענצל מיט זאכן און פאָרן קיין פאריז. ער איז פון דעם פארשלאג איבערראשט און — אנטציקט. מען קאן אוועקפארן, אויסמיידן דעם טויט, די מלחמה — נאר ער איז דאָך אזוי שווער־לייביק, ווי אזוי רייסט מען דאס איבער מיט דעם אלעם און — קיין פאריז? אמת, ער איז שוין דארט אמאל געווען, זעט עס אים אויס לייכטער, אין א ניי ארט וואלט ער באין־אופן נישט געוואַגט.

און אזוי גייען דורך עטלעכע טעג, עטלעכע וואכן, יעדן טאג קומט ער זיך עצהן און קרעפטיקן אין דער דעה און צוגרייטן זיך צו דער נסיעה. און עס איז געשען — ער איז אוועק קיין פאריז. צוויי חדשים אדורך — ער איז דא צוריק. ער קומט צו מיר מיט טענות און תרעומות. דארט איז שווער צו לעבן פאר א יידישן שרייבער. נאך דעם יידישן פוילן, נאך דעם פילפארביקן יידישן ישוב — איז אוממעגלעך דארט צו זיין און צו שאפן. ניין, קיין מלחמה, זאגט מען, וועט נישט זיין, איך האב אים אומזיסט איבערגעשראקן, איך האב

אים צעבראכן — זאל שוין זיין אפילו מלחמה — ער וויל בלייבן דאָ — צוזאַמען מיט אַלע.

און עס איז געשען. מלחמה. דעם 6־טן סעפּטעמבער קומט ער צולויפן צו מיר מיט עפּעס א מיטליאַריקער פרוי, א פריינדין זיינער, אַן אקושערין. זי האַלט אים אונטערן אָרעם, ער איז אָן לשון, טרייסלט זיך, ער שטאַמלט קוים אַרויס:

— גראַסמאַן, מיט אייך וועל איך לויפן. לאָמיר שוין לויפן, גיך, איך האָב אַלץ געלאָזן אינדערהיים, נאָר עטלעכע מאַנוסקריפּטן מיטגענומען.

עס שטייט דערביי אויך י. ראַפּאַפּאָרט, וועלכער איז אויך געקומען וועגן דעם זעלבן, מען זאָל לויפן צוזאַמען.

עס איז זעקס פאַרנאַכט, איך האָב זיך נאָכגעשט באַ־שלאָסן און לייג פאָר צו וואַרטן מיטן לויפן ביז צען ביינאַכט.

האַראַנטשיק זעצט זיך שווער אַוועק אויפן בענקל. ער וויל שוין לויפן, נאָר צוזאַמען מיט אונז. ער וועט שוין דאָ צוזיצן ביז צען ביינאַכט.

די פרוי זאָגט אים עפּעס אין אויער אַריין, ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זי שטייט צו אים ווייטער צו, רופט אים אַוועק אויף א זייט, סודעט זיך, ער ציט כסדר אויף צוריק, דרייט אויס דעם קאָפּ צו אונז, עד הענגט ביי אים אַראָפּ ווי ביי א בעל־חי פאַר דער שחיטה, די אויגן אויס־געשטאַרצט, און פחד! דער גרויסער מאָוימדיקער פחד, וואָס איז משנה דורך איין רגע די גאַנצע צורה. — און ער איז שווער אַוועק צו דעם ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג, לויפן, ראַ־טעווען זיך, אַנטלויפן פונעם טויט.

און אין עטלעכע טעג ארום, אין דעם קליינעם שטעטעלע קאלושין, אין א שטאַל — ליגט האראַנטשיק, קורטשעט זיך איין און טוליעט זיך אין שטרוי. די דייטשן זיינען שוין דאָ און טרייבן די יידן אין דער דאָרטיקער קירך אריין, שיסערייען פון אלע זייטן.

אויף איין מינוט מוז מען זיך רואיק פארטראכטן:

ער איז די טעג אלט געווארן 50 יאָר. א יובל, א יום־טוב. מיט 25 יאר צוריק אין דער צייט, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האבן די דייטשן אין זיין געבורט־שטעטעלע וויעלון געשאסן צו אים — און ער איז אנטרונען פון דער קויל, ניצול געווארן. ער איז דעמלט געווען א קליינשטעטלדיקער סוחר און געשריבן לידער. נאכהער געווארן א שרייבער. אנגעזעענער ראָמאַניסט פון די געלעזנסטע מחברים — מ׳וואלט אים אין די טעג אוודאי געפראוועט א יובליי — פון גאס דערטראגן זיך געשרייען, ס׳פארשטאַרקט זיך די שיסעריי און א לויפעריי צו דער שטאַל, צו זיין באהעלטעניש. און ער כאפט ארויס פון ערגעץ א קליין ראזיר־מעסערל און שנעל, מיט דעם גאנצן אימפעט — שניידט ער זיך איין דעם האלדז, גיך און פעסט — עס זאל שוין מער קיין באליידיקונג נישט זיין, עס זאל שוין מער קיין פחד נישט זיין!

און שמעון האראַנטשיק האט אויסגעהויבט זיין נשמה.
— און אויב וועלט האט שטאָלענע קאַרבן
וועט ער די ערד מיט זיין בלוט טיף באַפארבן...״

# מיין פעטער יונה דער משיח

דערציילונג

א.

דער טעם פון דער קינדהייט איז אדורכגענומען מיטן ריח פון פעטערס און מומעס.

זיי האבן געשענקט צוקערלעך און עס אָפּגענומען מיט קושן.

די מומעס טוליען דאס קינד, פאַרפּלאַנטערן עס אין פאַלבירטע קליידער, פונוואַנען ס׳טראגט זיך א ריח פון נאפטאלין, אדער אן אנדערער זויערקייט.

א יונגע מומע טוליעט צום אויבערשטן טייל גוף, נעמט קיצלען אין נאָז א ווייכער ריח פון אויסגעוועפּטע פאַר־פומען.

א יידיש יינגעלע, ווי קליין עס זאל נישט זיין, וויל זיך אויסהיטן פון די מומעשע גופים. ס׳פאסט נישט פאר א יינגעלע, וואס לערנט שוין חומש, אז א ווייבל, מעג זי זיין א מומע, זאל אים ארומנעמען און גלעטן. זאלן זיי דאס טוען מיט מיידלעך, אבער נישט מיט קיין חומש־יינגלעך.

איז די מומע שיין און חנעוודיק, ווערט דאס יינגעלע ראַז־פארשעמט, באפאלן מיט א דראבנע שוויסעלע. מחמת

דעם קריגט ער נאָך מער מורא און אנגסט צו מומעשע צערטלעכקייטן.

אנדערש איז עס אבער מיט פעטערס. א פעטער גיט טאקע אַ צוועגגלדיקן קניפּ אין בעקל, א ווייטיק פינטלט פאר די אויגן, ווערט פארשוועגקט מיט א פּאר טרערעלעך, עס איז אבער אנגעלייגטער, ס׳אַ פעטער. א מאנסביל.

זיי האבן אפילו א טבע תמיד צו שטעלן די זעלביקע קשיא:

— משהלע, וועלכע סדרה גייט היינט?

— ויקרא.

— ווער איז געווען ויקרא? א גוי צי א ייד? א זכר צי א נקבה?

— ויקרא איז א טייטש־וואָרט.

קומט ווידער א קניפּ אין בעקל. א שטארקערער ווי פריער. און אין דער זעלביקער באַק, צעלויפן זיך די אותיות פון „ויקרא״ פאר די אויגן, אבער ער דערזעט גלייכצייטיק ווי דעם פעטערס בארד כאַפּט אריין א שמייכעלע ווי א פלעמעלע. שמייכלט משהלע צוריק, דורך טרערעלעך, וויל זיי צוריקכאפּן, רינען זיי אים שוין איבער דער ליפּ, אין מויל אריין. געזאלצענע. נישקשה, ס׳אַרט אים נישט, אבי דער פעטער איז צופרידן. פאַרט א מאנסביל שוין. צוויי מאנסבילן וועלן זיך שוין ווי ס׳איז פארשטיין...

ב.

שבת נאכן עסן זיינען זיך צונויפגעקומער צו אונז אין שטוב אריין די מומעס. מ׳האט דייטלעכער גענומען דער־

פילן אין שטוב די ריחות פון צימערינג, געקאכטע פלוימען און זיסן קוכן. ס׳האבן געגומען שארכן קלאנגען און רייד פון פרקי אבות און ווייבערשע סודות.

עס איז הנאהדיק צו קוקן ווי זייערע ליפן טאפן אזיס די רייד. יעדעס ארויסגערעדטע ווארט וועגט זיך אויף דער אונטערשטער ליפ. מ׳דערקענט פונוויטנס צי דאס ווארט איז שווער אדער לייכט, ביטער אדער זיס, פריילעך אדער סמוטנע.

אצינד רעדן זיי און דערציילן זיך אן וועגן זייערע ברי־דער פון גארוואלין, דעמבלין (מאדזשיץ ־ איוואנגאראד), די פעטערס נחמן און משה און וועגן יונגסטן פעטער יונה, פון קראקע. צוממיינסטן רעדן זיי וועגן לעצטן.

קראקע איז דעמלט געווען אויסלאנד, עסטרייך. וועגן פעטער יונה רעדן זיי מיט גרויס התפעלות און מיט גוזמא־דיקן דרך ארץ. די אונטערשטע ליפן זייערע וועגן שווער אראפ, כאטש זיי רעדן מיט האלבע ווערטער, סודותדיק, רמזימדיק, מיט גאלע אנצוהערענישן.

זיי האבן זיך אויך דאס נישט פארגונען, געהאלטן פאר צופיל. יעדע מינוטקע האט אן אנדערע שוועסטער א זאג געטון:

— ני, גיניג שוין גיבראַיעט וועגן יונהן. צי וואס? סיניש גיזינט.

האט די צווייטע טאפלט־סודותדיק צוריקגעענטפערט:

— אוודאי. גיניג גיבאטשקעט. סיניש פאר אונזער השגה, פאר אונזערע מאהלער (מיילער).

האב איך אבער דווקא וואס מער געוואלט הערן רעדן

וועגן פעטער יונה. איך האב געקוקט דער מאמען אין די אויגן אריין, געגעבן אָנצוהערן, אז עס איז דווקא יאָ פאר זייערע מיילער, דער עיקר — פאר מיינע אויערן. לאנג האב איך נישט געדארפט ווארטן. וואס מער זיי האבן זיך קעגנזייטיק געעצהט אויפצוהערן רעדן וועגן אים, אלץ מער האט אָנגעיוירן דער שמועס.

נו, מיין מאמע האט דערצו מער רעכט פון אלעמען. דאס האט זי דאך יונהן אריבערגעשווארצט אין א קאַן פון מילך, אריבערגעפירט אים די רוסיש־עסטרייכישע גרענעץ, אַזש ביז קראָקע. דאס האט זי דאך אים געראטעוועט פון פאָניעס הענט, ער זאל נישט ווערן א סאָלדאַט.

יונה האט דעמלט געהאט א ווייב מיט דריי קינדערלעך קאנעהארע.

מיין מאמע מעג וועגן אים רעדן, זי האט וואס צו דערציילן.

איך וואלט מי־יודע וואס אפגעגעבן, אַבי די מאמע זאל נאָכאמאָל דערציילן ווי אזוי זי האט גערעדט מיט די רוסישע סטראזשניקעס ביי דער גרענעץ. ווי אזוי יענע האבן געשארט דאס שטרוי אויף דער פור, וווּ ס'איז געלעגן באַהאלטן פעטער יונה; ווי אזוי זיי האבן געקלאַפט אין די בלעכן און מיין מאמע האט זיי דערווייל פארעדט, די סטראזשניקעס, זיי געוויזן רויט־געבלימלטע קאָפּ־טיכלעך פאר ווייבער. געגעבן יעדן איינעם פון זיי צו האלטן א טיכל, כלומרשט אויף צו באקוקן און כהרף עין האט זי אויסגעשריגן צום באַלעגאָלע:

— וויאַ, פּאַניע. פאָרט שנעל! ס'עט באַלד אראָפּ א כליאַפּ רעגן!

און זי האט אליין א שמיץ געטון דעם פערדל און די פור האט א ריס געטון פונעם אָרט. די סטראַזשניקעס זיינען געבליבן שטיין פארגולמטע מיט די געבלימלטע, רויטע קאָפּ־טיכלעך אין די הענט.

* * *

אין אזא צייט, שבת נאכן עסן, שלאפט דער טאטע אין אַלקער־שטיבל. ס'קאן זיין, אז ער שלאפט נישט אויך, נאר קוקט אין א ספרל אריין, אדער לייענט גאר א בלאט, ס'איז רעכט אפילו א ביכל.

דער טאטע זעט נישט גערן דער מאמעס דריי שוועסטערן. האט נישט ליב זייער פרומקייט. רופט זיי „וצדקתך'ס".

דער טאטע רעכנט, אז וואס מער זיי רעדן וועגן יונהן „דעם גרעסטן עילוי, למדן, לאמעדוואָוניק", אלץ מער מיינען זיי צו שטעכעלירן אים, דעם טאטען מיינעם. זיי וועלן באלד אוודאי אויך דערמאנען ווי מען האט יונהן געפירט צום „שפת אמת" זכרונו לברכה. דעמלט ווערט זייער טאָן בוימלדיק, זייערע לעפצן שעפּטשען וועגן גוט־יידישקייט, אמתער פרומקייט, און לסוף וועלן זיי א פרעג טון ביי דער מאמען אויף אים, יאנקלען. זיי פרעגן וואס ער מאכט בלומרשט אין געזונט, וועלן אבער נישט ווארטן אויף דער מאמעס ענטפער און זיך אליין אָפּענטפערן מיט א קרעכצל. און דאס קרעכצל וועט, פארשטייט זיך, זיין נישט צוליב מיין טאטנס שוואכן געזונט־מצב, נאר צוליב זיין שוואכער יידישקייט.

די מאמע מיינע וועט דאן תיכף פארלייגן א פינגער אויפן מויל, א בעט טון מיט די אויגן און שארף ארויס־שעפטשען:

— ני־טע!

דאס מיינט, אז זיי זאלן שווייגן, חוצן קרעכצן, מער גארנישט דברן מכוח דעם טאטן.

איך האב אויך פאריבל אויפן טאטנס נישט־פרומקייט. איך מוז אליין גיין דאווענען שבת. כ׳פיל זיך מעשה־יתום — נישט געדאכט. כ׳בין מקנא די רעשט יינגלעך, וועלכע קו־מען אין חסידים־שטיבל דאווענען צוזאמען מיט זייערע טאטעס. אבער כ׳האב נישט ליב צו הערן, ווען די מומעס מיינע הייבן אָן פרעטענציעס אויפן טאטן מיינעם. אפילו ווען זיי רעדן נישט, נאר קרעכצן בלויז אויס זייערע טענות. ס׳טוט אים וויי. ער קאן אפילו דעמלט אריינוויינען אין קישן אריין און קיינער זאל דערפון נישט וויסן.

דערום הער איך זיך אצינד אַנגסטיק צו, ווי דער טאטע דרייט זיך אומרואיק אין בעט. איך וויל אבער אויך נישט, אז צוליב דעם זאלן זיי אויפהערן רעדן מכוח דעם פעטער יונה. איך מוז דאך פארט אמאל געוואר ווערן דאס, וועגן וואס די מומעס רעדן מיט אָפגעקרישלטע רייד:

— אַ מקובל. דורך טיר־שפּאַלט געוואלט אדורך. שמות אונטערן אָרעם געלייגט. פליען. זעט מער אין שלאָף ווי אויף וואַך. א פותר חלום —

און באלד גיט איינע פון זיי א מאך מיט א האנט, ווי זי וואלט שדים פארטריבן:

— גיניג! לאָמע ניש נכשול ווערן מיטן לשון! אָנגע־מוטלט און אויסגעביימלט!

און די אפּגעהאקטע רייד זייערע בריען מיר אָפּ די הויט פון מיין פּנים, די האָר־ווארצלען אויפן קאָפּ און אין די אויגן נעמט בייסן געזאלצנקייט.

ווען וועל איך שוין ענדלעך וויסן אלץ, אלץ, וואס ס'איז דער מער מיטן פעטער יונה פון קראָקע?!

ג.

ווען ווערט ביים מענטשן צייטיק דער שכל? ווען ווערט ביים קינד די וועלט אויס מעשהלע און ווערט רעאַליטעט? ווען הערן די אויגן אויף צו זוכן כישוף? ווען הערט אויף דאס פייגעלע אונטערן הארץ צו פלאטערן און צאַפּלען און באגערן ניסים? ווען? ווען?!

ערגעץ אין א זייט פון ביזקע אדער סטאווקי גאס אין ווארשע, איז געווען א קליין געסעלע. א פארמאכטס, א פינצטערס, א טעמפּיקס. האבן חברימלעך מיינע מיר גע־זאגט, אז דא איז סוף־וועלט. איך האב געגלייבט. און עס איז מיר געווארן טרויעריק און איך האב מורא געקריגן. איך האב זיך אָפּגערוקט פון יענער אָפּגעקראצטער, רויטער ציגל־וואנט, וואס איז דער סוף פון דער וועלט.

הייבסטו אויף די אויגן, זעסטו, אז דער הימל אַראָפּצוצו ברענט, ס'איז דאס שטיק הימל איבערן געגנשער בית־עולם. עס איז אצינד פארנאכט, מען ברענט איצט דארט די רש־עים אין גהינום.

ווייס איך שוין וואו עס איז דאס גהינום, אבער ווייס נישט, וואו עס איז דער גן עדן. נאר דערצו האב איך נאך צייט, איבער הונדערטאונצוואנציק יאָר. דאס איז דאך אזוי גוט ווי אייביק — אזויפיל יארן! דורך איין טאג זעט מען זיך דאך אן אזויפיל!

דערווייל דערזעען מיר אויף דער ערד א מוראשקעלע מיט א רויט קעפּעלע, א „גאָטס קיעלע". נעמט מען עס אָן פאר א פליגעלע און מען זאגט דערצו דריי מאָל:

„מוראשקע, מוראשקע, פלי אין הימל,
ברענג א שטיקל ברויט מיט קימל!"

* * *

מיר וואוינען שוין עטלעכע יאר אין ווארשע. ווען מיר האבן זיך איבערגעצויגן פונעם קליינעם שטעטעלע, בין איך אלט געווען פינף יאר. איצט בין איך שוין אלט זיבן־אכט. פונעם שטעטעלע געדענק איך נישט קיין סך. נאר ביינאכט, אין מיטן שלאף, דערהער איך נאך אמאל דעם ניגון, וואס דער בלינדער אייזיק האט אויסגעזונגען אין די ווינטער־נעכט, ערב־פארטאָגן:

„שטייט אויף הייליקע יידעלעך, שטייט אויף,
שטייט אויף, שטייט אויף, צו עבודת הבורא!"

איז דער ניגון מלא טעם, אזוי בענקשאפטלעך־זיס, אז ס'וואלט זיך אים געוואלט נאר אויסוויינען. מלאכים פארזינגען אוודאי מיט אזא מין ניגון. א שאָד, וואס די פענצטער אין ווארשע האבן נישט קיין לאדנס! און אז מען עפנט נאר די אויגן, דערזעט מען אפילו אין דער פינצטער שוין, אז מען איז נישט אין יענעם קליינעם שטעטעלע, און דאס זינגט

גארנישט דער בלינדער איציק, נאר איך אליין האב, דאכט זיך, דעם ניגון אויסגעזונגען, צי גאר אויסגעוויינט.

איך געדענק שוין נישט ווי אזוי מען האט געשניטן תבואה אויפן פעלד. איך לערן רוסיש אין א ביכל און דערין איז פאראן א בילדל, ווי אזוי פויערטעס, מיט קאָסעס אין די הענט, שניידן די זאנגען. שטענדיק, ווען איך זע דאס בילדל, דערהער איך גלייך דאס געזאנג פון די שניטערינס און איך וויל ארויסלויפן אויפן פעלד. איך דערפיל אפילו אין מויל דעם טעם פון געבראָטענע קאָרן־זאַנגען. איך דערזע ווי ס׳דערנענטערן זיך צו מיר די שניטערינס, זיי האָפּסען און לאַכן און אויך די סטויגן געגארבטע תבואה הייבן אָן אונטערטאנצן. איך נעם אויך לויפן, כאפ זיך אבער באלד, אז כ׳בין צווישן פיר ווענט פון א שטוב. איך גיב מיט כעס אַ טראסק אוועק דאס ביכל. ס׳האָט מיך אָפּגענאַרט.

איך האב גאר אמאל, אין איינער א נאכט, געהערט אין יענעם שטעטעלע ווי אינדרויסן פייפט ווער אויף א פייפל. איך בין געווען איינער אליין אין שטוב און האב דעמלט מורא באקומען, אז יענער מיטן פייפל איז אויסן מיך ארויס־צונארן פון שטוב. ער פייפט און איך דערנענטער זיך צו דער טיר, פארקלאמער זיך אבער אין דער קליאמקע און וויל נישט ארויס. איך וויל יאָ ארויס, ווייל אנישט, וועט מיר דאס פייפן ארויסציען די אינגעווייד פון גוף. אָבער דער פחד הענמט מיך, קלאמער איך זיך אין דער קליאַמקע און צעוויין זיך. מיר האט זיך פארגעשטעלט, אז דאס פייפט איינער אַ שמאָלער, א לאנגער, אויפן קאָפּ טראגט ער א שטרוי־מיץ, וואס ווערט אלעמאל שמעלער און שמע־

לער, מיט א שארפן שפיץ ביים סוף; ער פייפט אויף א שמאָל און לאנג פייפל און ער גייט און דער לופט, נישט באַטרעטנדיק די ערד.

אין א צייט ארום, ווען דערוואקסענע האבן אין אונזער שטוב געשפילט אין קאָרטן און איך האב דערזען אויף א קאָרט דעם אייבער שעל, אויך מיט אַזאַ שפּיציקן קאפּע־לוש ווי א היטל צוקער, מיט א פייפל אין מויל, האב איך געמאכט א געוואלט:

— טאַטישי, טאַטישי! אָט דאָס איז ער, דער אייבער שעל! דאס האט ער דעמלט געשפּילט אויפן פייפל און מיך געוואלט ארויספייפן פון שטוב!

און איך האב זיך צעוויינט.

און פון דעמלט אָן האָב איך מורא געהאט קוקן אויפן אייבער שעל, כאָטש איך האב גראָד זייער און זייער געוואָלט דערהערן דעם פייפנדיקן ניגון.

אָט אין יענע טעג האט מען דאס אָנגעזאָגט ביי אונז אין שטוב, אז פון קראָקע קומט צופאָרן דער פעטער יונה. איז ווי מען וואָלט אויף מיר פאַרוואָרפן א פחד־זאַק און אין דעם זאַק דארף איך זיך אויסבאהאלטן.

ד.

ווען דאס קינד הערט אויף טראגן די קורצע הייזלעך, ווען ס׳ווערט באַפּאַלן פון דעם ערשטן ציין־ווייטיק, ווען ס׳וויינט ביי א קריגעריי צווישן טאַטע מאַמע, לעשט זיך אויס א פייערל פון דעם סודותדיקן וועלט־כישוף. דאס קינד גיט אבער נישט נאך און באהעפט זיך גיך צו א צווייטן

כישוף. עס קאָן נישט אנדערש. ווען נישט וואלט זיין וועלט זיך צערונען ווי א שאָקאָלאַד־מענטשעלע, בעת מען האלט עס א שטיקל צייט אין האנט.

איידער פעטער יונה איז געקומען אָנצופאָרן, האב איך געמונטערט און געפּייניקט מיין מאַמען, אז זי זאָל מיר בולטער אויסמשלען ווי גרויס עס איז געווען די מילך־קאַן, אין וועלכער ס'האָט זיך אויסבאהאלטן פעטער יונה. נאָך א שטארקן צושטיין און חוקר ודורש זיין, האט די מאמע מיך אפּגעפּטרט מיט דער שנעלער אויפקלערונג, אז ער איז נישט געלעגן אין קיין קאַן, נאר אונטער א קאַן, אונטער קאַנען. האָט זיך ביי מיר אויסגעלאָשן נאך א כישוף־פייערל. איך האב געהאט תרעומות אויף דער מאמען.

פארכישופט איז נאך געבליבן די מעשה מיטן אלטן גערער רבין, דער „שפת אמת" זכרונו לברכה. עס הייסט, אז ווען פעטער יונה איז שוין געווען א בר מצווה־בחורל, איז ער געווען מסוכן ווילד. צעהאקט כלים אין שטוב, געשלאגן זיינע שוועסטערן, אבער אויך גאנצענע טעג געפאסט, געלעגן שעהן פארבאהאלטן אין א קעמערל און כסדר געקושט עפּעס פארבארגענע ספרימלעך. און שטיקלעך שמות געהאט ארונטערגעלייגט אונטערן אָרעם, געוואָלט פליען צום הימל, זיך באַרימט, אז ער קאן ווערן א רואה ואינו נראה. האט דער טאטע זיינער, מיין זיידע, אים אוועקגעפירט צום „שפת אמת". האט דער רבי אים ארומגענומען, ארומגעוויקלט יונהס אַ פּאה אויף זיין, דעם רבינס, פינגער, און נאכהער האט ער דעם יידן אריינגעשעפּטשעט אין אויער אריין עטלעכע שנעלע, אפגעבריטע ווערטער:

— רב הלל, טו אַכטונג אויף דייך יונהן, ווייל ער קען, חלילה, חרוב מאַכן א וועלט. ער קען אבער אויך אויפריכטן אַ וועלט!

איך האָב מורא געהאַט מער צו פרעגן ביי דער מאַמען, פאַרכטנדיק, אז עס זאל מיר אויך נישט אויסרינען אָט דער דאָזיקער כישוף־סוד.

* * *

ביי מיין טאַטישי האָב איך בכלל מורא געהאַט א סך צו פרעגן. ביי אים איז אפילו דער שבת — וואָכעדיק. און א סך יומטובדיקע זאכן זענען ביי אים וואָכעדיק.

שבת, דאַווענען, אין א שטיבל אריין, גייט ער נישט. פאַר דער מאַמען האָט ער א תירוץ, אז ער האָט נישט קיין שיין, לייטיש טלית־זעקל. איך האָב געפילט, אז דאָס איז נאָר אַן אויסרייד. ווען די מאַמע האָט אים שוין אַזאַ טלית־זעקל פאַרשאַפט, איז ער אַוועק דאַווענען אין א שול אויף אונזער הויף, צו די ליטווישע יידן, וואָס טראָגן שוואַרצע, האַרטע קאַפּעלושן, אדער היטלען מיט בענדלעך אויף די דאַשקעס. דאָס זענען נישט קיין חסידים, ביי זיי נישט מען זינגט, נישט מען שפרינגט, מען שאָקעלט זיך אפילו נישט רעכט. זיי דאַווענען שטיל, פּאַמעלעך, געסטאָיעט און אויף א האַרטן, הילצערנעם, ליטווישן לשון.

בעת קריאת התורה שמועסן זיי צווישן זיך פּאָליטיקע, טרוקן, און די רייד ווי זיי וואָלטן אויף שטאָלצן געגאַנגען.

מיר איז דאַרטן נישט געפעלן געוואָרן.

שבת נאָכן עסן פלעגט דער טאַטע אָפטמאָל אַוועק צו די סטאַטקעס, צו די דאַמפערס אויף דער ווייסל. געגאַנגען

געוואָר ווערן צי עס איז אָנגעקומען לאָדונג. ער האט עפּעס געוויזן דארטן פראַכטן אן באקוקט גרויסע קאסטנס.

נאכן ארויסגיין פון דעם ווייסל־וואָקזאָל, האָב איך מיט א פינגער אָנגעוויזן אויף דער אייזענער קערבעדזש־בריק, האט מיר דער טאטישי שנעל א זאג געטון:

— ניטע!

מ'טאָר נישט ווייזן מיט קיין פינגער, ווייל מ'קאָן מיינען, אז איך בין א שפּיאָן, — האט זיך יאָ א כישוף־פייערל אנ־געצונדן.

האט דער טאטע נאך צוגעגעבן:

— אונטער דער בריק איז פאראן אַזאַ דרעטל, אז ווען מען גיט דערביי א צי, רייסט אויף די גאנצע בריק, ווערט צעשפּרונגען אויף פּיצלעך אין דער לופטן און די גאנצע ווייסל גיסט זיך ארויס פון די ברעגעס.

אזוי האָב איך אין מיינע דמיונות זיך אָן אויפהער גע־וויגט אויף א הוידלקע פון אָנגעצונדענע כישוף־פייערלעך און אויסגעלאָשענע כישוף־פייערלעך.

* * *

און אָט איז געקומען אָנצופאָרן פעטער יונה.

ער איז הויך, אבער נאָכמער שמאָל און גאר שמאָל איז זיין פנים, לענגלעך און בלאס. די צוויי שרויפן־פאות, שווארצע און גלאנציקע, באַמבלען זיך אומרואיק, ווי זיי וואָלטן אין איילעניש געפרעגט קשיות און אין איילעניש זיי פאַרענטפערט. אין זיינע אויגן זעט מען ווי שווארצע פייער־אַפּלען שמעלצן דעם שטאָל ארום זיך און עס שווימט בסדר ווי אין א טייכעלע דער צעקאָכטער שטאָל. זיין שווארץ,

שמאָל בערדעלע וואקסט שיטערלעך, זעט מען דעריבער דייטלעך יעדע האָר באַזונדער, אָן אויסגעקרייזלטע, ווי זי וואלט עפּעס געהאט א באַזונדערע כּוונה אדער שליחות צו דערפילן.

איך האב זיך אָנגעטון א כּוח, באַצוואונגען מיין פּחד, און נישט אנטלאָפן פון אים זיך אויסבאַהאלטן, נישט גע־וויינט. איך האב דאָך שוין דעמאָלט געהאט געלייענט רו־סיש, יידיש, געלערנט גמרא מיט תּוספות, דקדוק, און דער עיקר — טאַטישי און מאַמישי זיינען געשטאַנען נעבן מיר.

פעטער יונה האט א פרעג געטון וואס איך לערן, זיך אראָפּגעבויגן צו מיר און מיך צוגעדריקט צו זיך ווי עס טוט דאס א מומע. ער האט מיר דערלאַנגט במתּנה א תּהילימל, געבונדן אין לעדער, וואס איז געווען אזוי גרויס ווי דאס קליינע פינגערל פון מיין האנט און צו מיר געזאָגט מיט א פידל־שטים:

— זאָלסט באַגערן לערנען, האָרכן טאַטע־מאַמע, וועס־טו הערן ווי דאס גראָז וואַקסט.

איך האב זיך דערפילט צוגעזיילט צום אָרט. איך דאַרף אבער שוין גיין לערנען. און דער פעטער פאָרט גיך אוועק. וועט ער מיך שוין מער נישט זעען. האט ער מיר געלאָזן לעצטגעלט אויף צו קויפן ארץ־ישראל־פּירות.

איך בין אוועק מיט א כּישוף־ניגון און ביים הארץ האָט א פייגעלע געפלאַטערט און געצאַפּלט.

ה.

עס איז פאַריבער צוואַנציק יאָר.

די פעדעם פון קינדער און יוגנט־יאָרן האבן לאַנג שוין

זיך אויסגעטעפּעט, צעדר־יוּולט. אפשר זיינען נאך פארט פארבליבן הענגען ערגעץ עטלעכע ווייניקע צויטן?

דער זיידע איז געשטאָרבן.

זענען זיך אָנגעפאָרן זיינע זין פון גאַרוואָלין, דעמבלין, קראָקע, די פעטערס מיינע משה, נחמן און יונה. שבעה זיינען זיי אָפּגעזעסן אין זיידנס שטוב, אויף זשימנע גאַס.

איך האב געהאט צייט דאָ אַרויפצוקומען צו זיי נאָר איין שעה אין טאָג.

זיי האבן געשמועסט דברי תורה און ווייניק דברי חול. גאנץ איידל האבן זיי זיך גענומען צו מיר. זיי דערלאזן נישט, זאָגן זיי, דעם געדאנק, אז איך בין א כופר בעיקר. יאָ, איך בין אַ גלות, טראָג א קאפעלוש, בין נישט מדקדק אין די „לאו׳ס״ און די „עשה׳ס״, אָבער אַ ייד בין איך דאָך. מילא, זיי פארלאנגען נישט פון מיר קיין סך, זיי רעכענען זיך מיט די היינטיקע צייטן, זיי פארשטייען דאָך אביסל. איך זאל זיי נאָר צוזאָגן, אז איך וועל יעדן טאָג כאָטש נאָר אָנמעסטן די תפילין. זיי זאגן נישט — דאווענען, דאס איז שוין ווי איך וויל, אבער נאר פשוט אנטוען, אנמעסטן די תפילין, נישט מער.

און ס׳האָט זיך צעוואַרעמט און אָנגעיוירן א וויכוח. איך וועל דאָך סתם אזוי נישט אָפּזאָגן און וועל דאך נישט גלאט אזוי צוזאגן. האט מען זיך אריינגעגליטשט אין דער טעמע בחירה חפשית. און זיי האבן געבראכט ראיות אויך פון יוונישע פילוסופים, חוקרים, ציטירט מדרשים. איך האב אקעגנגעשטעלט מיינע ארגומענטן, אויך געברענגט ציטאַטן, אבער געגוג פארזיכטיק, עס זאל וועמען פון זיי,

חלילה, נישט ווײ־טון, נישט דערצערנען, נישט פֿאַרשוועכן זײערע געפֿילן. לסוף האָב איך זיך באַגנוגנט מיטן תּירוץ:

— דער פֿעטער איז גערעכט, נאָר איך בין, פֿאַר מיר, אויך נישט אומגערעכט.

דער פֿעטער נחמן, דער מיטלסטער לויט די יאָרן, הגם ער האָט געהאַט אַ רויטע באָרד, איז פֿונדעסטוועגן געווען אַ ביישן, אַ שטילער. ער האָט גערעדט אַזוי אײדל, זײד, אַז ער האָט קוים אָנגערירט דאָס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזן פֿון מויל. ער האָט מיר נישט געוואָלט ווייטון, נישט שטראָפֿן, חלילה, נישט באַפֿעלן, נישט מבייש זײן. ער האָט גערעדט תּחנונימדיק:

— לאָה׳ס זון, ישׂראל משה, אויב דו קענסט צושטײער געבן אַ מצווה, איז מהיכא תּיתי, אדרבא, זײ מהנה זיך, גאָט און אונדז אַלעמען.

פֿעטער משה, דער עלסטער, שוין מיט אַ גרויעד באָרד, אַ שטײפֿע, געדיכטע, אײן האָר שטופּט זיך אויף דער צווייטער, פֿאַרפֿלעכטן זיך אין געראַנגל — פֿעטער משה רעדט מאָנענדיק, קאָכעדיק. ער זאָגט, אַז דאָס אַלץ טוט אים פּשוט ווײ (כאָטש מ׳זעט בפּירוש, אַז ער האָט גראָד הנאה פֿונעם רעדן). ער איז אַ מאָלער, אַ שניצער, אַ קריצער, אַ סופֿר, בעל מנגן, אַ מעכאַניקער — בכלל אַלץ וואָס עס זעען די אויגן — מײנסטערװוען די הענט. ער האָט שוין נישט פֿאַר אײן שול אויסגעשניצט אַן ארון קודש, באַמאָלן די סופּיטן מיט אַלערלײ מזלות, אָמערסטן האָט ער ליב צו מאָלן אַ לײב. ער וועט באַדאַי צוצאָלן, אַבי מען זאָל בײ אים באַשטעלן אויפֿצומאָלן אַ לײב. דאָס פּנים פֿונעם לײב, כאָטש

עס איז געגנוג חיהש און ווילד, איז עס אבער נישט סתם קיין ווילדקייט, עס איז א ווילדקייט מיט א מיין, פון א שארפן לערנער, א ווילדקייט פון א מאַנער ביי גאָט, אזעל־כער, וועלכער שטעלט זיך איין פאר כלל ישראל און פאר דער וועלט. עס איז א ווילדקייט פון א שארפן, שטרענגן בן תורה. די ווילדקייט פונעם לייב האט צו טון מיט יידיש־קייט, פרומקייט. דאס איז דאך א יידישער לייב.

דערווייל קומט פעטער משה אָפּ מיט מאלן שילדלעך פאר געוועלבער. ער מאלט פלעצלעך, ראָגאַלן, וורשטן, פלעשער ליכמאָנאַד מיט אַ שוים, שטיוול, מאַטשעיוווקעס.

אז מען דארף אַ בורר צו א דין־תורה, איז נישטאָ זיינס־גלייכן. פונגדעסטוועגן איז ער פאָרט א קבצן. וואס ער פאר־דינט — פארקרענקט דאס ווייב. מען זאגט אפילו, אז ער האט אויך ליב אויסצוגעבן אויף א כוסה — נו, אדרבא, זאָל ווער פרואוון אויפמאָלן א לייב, צי אפילו א געמיינערע חיה און נישט מאכן דערביי קיין כוסה? אבער מען דערקענט נישט, חלילה, אויף אים אז ער איז א קבצן. עס קאסט אים א סך מי נישט ארויסצוווייזן קיין גאווה, אבער עס פועלט נישט — ער גייט תמיד דעם קאָפּ פאריסן ווי א מאָנארך, אדער ווי א גרויסער קינסטלער.

ווען ער רעדט אצינד צו מיר, באווייזט ער זיין בקיאות אויך אין וועלטלעכע חכמות. ער איז זיי כלומרשט מבטל, נאר אין אמתן איז ער פון זיי נתפעל.

אבער מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט איז דאך געווענ־דעט צו דעם ווינקל, וואו עס זיצט פעטער יונה.

זיין בערדל איז שמאָל, אויסגעגלייכט און סימעטריש,

ווי ס׳וואלט געוואקסן אין א פוטעראל. ס׳איז אזוי שווארץ און גלאנציק, ווי עס וואלט געשמירט געווארן מיט די טייערסטע איילן. יעדע האָר זעט זיך נאך אלץ ארויס באזונ־דער, ווי זי וואלט געהאט איר באזונדערע באדייטונג.

אים קוק איך אין מויל אריין. מיך באוואונדערונג, דורכ־געשטאָכן מיט פחד, פלעמלט נאך אלץ ערגיץ אין מיר.

וואס איז מיר פאר די צוואנציק יאָר קלאָרער געווארן וועגן אים? וויפל האב איך דאס בכלל געטראכט וועגן אים איבער דער צייט? אַלזאָ:

ער איז געווען א מקובל. זיך אויסטערליש אויפגעפירט. אבער מיט דער צייט האט זיך מסתמא אלץ אויסגעלאשן. ער איז היינט א טאטע פון זיבן קינדער, האט א געוועלב אין קראָקע, א גרויס הויז אין בערלין, פאָרט אָפטמאָל דאָרט אהין, לאָדט זיך ביי אדוואקאטן, געריכטן.

ער איז א געפוצט יידל, רעדט שוין פליסיק דייטש, אבער איז נאך גאנץ אָפט פארטון אין ספרים און אפילו אין ספרים חיצונים. ער שליסט זיך אמאל אָפּ אויף עטלע־כע טעג אין זיינס א חדר מיוחד, שרייבט אריין טויזנטער דראָבנע אותיותלעך און קליינע, לעדער־געבונדענע קאיעט־לעך, פארבינדט זיי מיט זיידענע שנירלעך און באהאלט זיי אין קופערס. פלוצים לויפט ער האסטיק ארויס, זוכט אויף א שכן און יענער מוז מגיה־וביה זיך אוועקזעצן מיט אים שפילן שאך.

מיינס א יונגערער ברודער איז ביי אים אמאָל געווען ער האט פארשפילט צו מיין ברודער, האט ער פארשלאסן צוגאַסט אין קראקע, געשפילט מיט אים א שאך און ווען

די טיר און ס'האט זיך דערהערט פון דאַרטן אַ ספּאַזמאַ־טיש העשען.

פּעטער יונה האָט אַצינד אָפּגעציילט עטלעכע אויסגע־צערטלטע ווערטער מכוח דעם ענין בחירה חפשית און פאַרענדיקט:

— דו דאַרפסט נאָר אָנמעסטן די תפילין יעדן טאָג. אויב נישט יעדן טאָג, איז איינמאָל אין וואָך, אין חודש, לפּחות איינמאָל אין יאָר. דו וועסט עס מקיים זיין! אויב נישט היי־יאָר, איז איבעראַיאָר, איז אין צען יאָר אַרום. עס וועט דיך נישט מיידן, ישראל משה, איך בין דערין בטוח. דו קאָנסט נישט אַנדערש! און וועסט נישט אַנדערש! מען גרייט עס שוין פאַר דיר צו. הער אויס: יעדעס זעמ־דעלע שטויב איז גאָטס באַשאַף און סוד. יעדער מענטש־לעכער אָטעם־צוג איז כולו וווּנדער. יעדער אויגנבליק פון אַ מענטש — איז אַ נס. יעדער קלאַנג פון אַ וואָרט איז אַ טייל פון דער קדושה. יעדע ציפער, אויך אַ נול, איז אַ זייל פון דער וועלט. יעדער טריט פון אַ מענטש — איז אַ טריט אין דער אייביקייט. יעדע מענטשלעכע טואונג באַ־שאַפט מלאכים, גוטע און שלעכטע. און גאָרנישט טוסטו אַליין! מען טוט שוין פאַר דיר. ישראל משה, דו וועסט נאָך אָנמעסטן די תפילין!

איך האָב זיך דערפילט איינגעשרומפּן, און האָב שטיל, כמעט קלאָנגלאָז אָפּגעענטפערט:

— אדרבא, זאָל עס מקוים ווערן, פּעטער יונה, יאָ, דעם פּעטערס מתנה, יענע קליינע תהילימל, האָב איך נאָך, דאַכט זיך, ערגיץ באַהאַלטן.

א פּלעמל האט אדורכגעשוועבט פאר מיין פּנים און מיר א ברי געטון אין די אויגן.

פּעטער יונה האט ארויפגעלייגט זיין האנט אויף מיין פּלייצע און, דאכט זיך, ניצחונדיק געלאכט.

ו.

דאס איז געווען זיבן יאר פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיינען פאריבער די זיבן יאר און נאך אנדערע זיבן יאר. עס איז דאס יאר 1946. איך בין צוריק אין פּוילן. די לופט איז נאך פארויכערט פון שרפות. די ערד פרייכט נאך מיט דעם איינגעזאפּטן בלוט. אונזערע אויערן הערן נאך דעם ווידערקול פון די לעצטע געשרייען פון אונזערע גע־מארדעטע קינדער, מאמעס, פרויען, שוועסטער, טאטעס און ברידער. מיר הערן נאך די פלוכן צו די מערדער און די קללות צו די פארעטערישע שכנים. איז עס דאך א לאנד פון יידישע קברים און פּוילישן פּאראט. דער דייטש האט געשאכטן און די פּאַליאַקן האבן געזאגט „אמן". זיי זוכן נאך איצט אויף די חורבות יידישע קעפּ, כדי אויסצוזוכ־פינען אין זיי גאלדענע ציין. זיי רויבן און מארדן נאך אצינד די איינצלנע געראטעוועטע יידן. דאָס ביסל צוריקגעקומע־נע יידן פון די לאגערן, אזילן, טורמעס — זענען אלע אבלים און יתומים. זיי זאגן א גאנצן טאג קדיש. זיי וויינען אויף דער וואַך און אין שלאָף. די יידישע וועלט איז חרוב. בלויז חורבן און בראָך. פארשניטן און אומגעקומען דורך אלערליי מיתות משונות.

איך ווער מיד צו ציילן און רעכענען וויפל עס זיינען

אומגעקומען פון מיינע נאָנטסטע און ווייטערע קרובים. נישטא אזויפיל מלבושים, וויפל כ׳זאל זיי קענען איינרייסן אויף קריעה. איך בין איינער אליין. וויסט איז דער ארום. רשעות שפראָצט פון דער ערד. רשעות פארשטעלט דעם הימל. מיט גיפט איז אָנגעזאפט די לופט. דו ביסט איינער אליין, ווי געבוירן פון א שטיין. אָן אַן עבר, אָן א גוף, אָן א קרוב, אָן א גואל, אָן א היים — דו ביסט אליין, אליין.

אין יענע טעג איז מיר אנגעקומען א פויליש בריוול פון קראקע:

„חשובער הער!

מיר האבן געלייענט אייערס א זאך אין דער יידיש־פוילישער צייטונג „אָפּיניאָ״, פון לאדזש. אייער נאמען זאגט אונז עפּעס. אפשר זענט איר אונזער קוזין? אונזער פאטער האט אונז אמאל דערציילט וועגן איינעם מיט אזא נאמען ווי אייערן, פון ווארשע, וועלכער דארף זיין א זון פון לאה׳ן, די שוועסטער פון מיין פאטער, יונה אַנגל פון קראָקע. מיר זיינע צוויי יונגסטע קינדער, חוץ דעם קלענסטן, ברוכלען, מיר צוויי פון זיבן, האבן זיך געראטעוועט און געבליבן ביים לעבן. מיר קומען איצט, נישט לאנג־באפרייטע, פון די לאגערן, געוועזן אויך אין אַשוויענטשים. ווי גליקלעך וואלטן מיר געווען, ווען איר זאלט טאקע זיין אונזערס א קוזין. מיר זיינען אליין אויף דער וועלט. מיר האבן גישט וועמען עס זאל זיך פרייען מיט אונזער לעבן בלייבן. און מיר וואלטן אויך זיך וועלן פרייען מיט איינעם פון אונזער קרובהשע בלוט, וואס האט געקענט אונזער טאטישי, וואס

איז אמאל געשטאנען נאָנט נעבן אים, וואס האט געפילט זיין אָטעם.

שרייבט אונז תיכף ענטפער אינעם זעלבן טאג, ווייל נישט געקוקט דערויף, וואס מיר זענען שווער קראנק, פארחלשטע, דערטראגן קוים די לעצטע טראָפּנס לעבן, פונ־דעסטוועגן פארן מיר גיך אוועק פונדאנען. די סיבות דער־פון זיינען אייך, מסתמא, גוט באקאנט. מיר וועלן אוועק צוריק אין דייטשע לאגערן, דארט וואוהין עס לויפן איצט אלע יידן פונדאנען.

אויב איר זענט אונזער קוזין — קושן מיר אייך פונ־ווייטנס. אויב נישט, קושן מיר אייך אויך, ווייל איר האט געשריבן וועגן די אָשוויענטשימער, וואס זיינען אלע אונ־זערע שוועסטער און ברידער, ווי מיר זיינען עס איצט אלע יידן אויף דער וועלט.

דעם טאטן אונזערן האבן די דייטשן דערשאסן צוזאמען מיט דער מאמען און מיט דעם קליינעם ברוכלען, וועלכן טאָטישי האט געהאלטן ביז דער לעצטער מינוט ביי דער האנט. און דאָך גלייבן מיר, אז דער טאטע אונזערער לעבט! אבער וועגן דעם מוזן מיר שוין רעדן פון מויל צו מויל, ווען מיר וועלן זיך אמאל, מיט גאטס הילף, נאָך טרעפן.

אייער העלע (חיה) און משה

פּ. ס. מיר ליגן ביי אונזערס א בילדל".

א פרייד, ווי א ווארעם מלבוש אויף א דערפרוירענעם גוף, האט מיך ארומגעהילט. איך בין נישט אליין! איך קען זיי נישט, האב זיי קיינמאל נישט געזען, אבער אייגענע, נאָנטע, איינציקע ארויסגעראטעוועטע. די שריפט מיט דעם

בלאָ־בלאָסן טינט האט אויסגעזען ווי אָדערן פון א האנט. האב איך געגלעט די דאזיקע שריפט. איך האב גיך אפגע־ענטפערט מיט א בריוול: „יאָ, מיר זיינען שוועסטער־קינדער!"

קיין ענטפער נישט דערהאלטן. זיי זיינען מסתמא שוין אוועק פון פוילן.

אין א צייט ארום בין איך אויך אוועק פון פוילן.

ז.

אין די סוף האַרבסט־חדשים פון יאָר 1948 אין פאַריז.

דער נע־ונד איבער פרעמדע שטעט און לענדער פאר־שטויבט דעם זכרון. באצילן פון שיכחה פרוון אויסעסן דעם שאַרפן ווייַ נאָך די אומגעקומענע. און דאך גייען ארום די לעבנגעבליבענע און וואַרטן און זוכן. עס דאכט זיך זיי נאך אלץ אויס, אז אָט פּלוצים וועט זיי אקעגנגיין זייער אומגעקומען קינד, פרוי, מאמע.

פארן ארויפגיין אין שטוב ארייַן, קוק איך תמיד פריער ארויף צום פענצטער. דאס מאָל דערזע איך אינעם פענצטער דאס פּנים פון א יונגנטלעכער פרוי. א פּנים, וואס דו ווייסט נישט, צי עס איז מער נייגיריק אדער שמייכלעדיק, יעדנ־פאלס שטראַלט איר בליק מיט א שטראָם היימישקייט. עס פּינקט אויף אין מיר א מחשבה:

„זי וואלט באדארפט זיין פעטער יונהס א טאָכטער".

אויף די שטיגן גיי איך דווקא פאמעלעכער. ווער עס זאל נישט זיין — פאר האסטיקע איבעראשונגען האב איך מורא.

כך הווה. זי איז יונהס א טאָכטער. זי שטעלט זיך פאַר מיר פאָר. צופיל פרעגצייכנס לויפן אצינד ארום צווישן אונ־זערע אויגן, אז מיר זאלן זיך קאנען איצט קעגנזייטיק רואיק אָבסערווירן.

נאך אזוי שטייענדיק, זאגט זי וועגן זיך דאס ווייניקסטע:

— זי איז א פריילין, פינף און צוואנציק יאָר אַלט, ערשט מיט דריי טעג צוריק געקומען פון די דייטשישע לאגערן קיין פאַריז.

געזען אויף דער גיך האט זיך:

זי איז ראשיק־בלאָנד ,אנגעטון עפעקטפול, מיט פרוי־אישער געניטשאפט און געוווינט געלויבט צו ווערן פון מענערישע בליקן.

אירע ערשטע ווערטער, שוין זיצנדיק ביים טיש, זיינען נאך אלץ רייד — גיכער פון א פרוי, ווי פון א נאָנטער קרובה. אפשר גראָד דערפאר, ווייל איך בין צוזאמען מיט א פרוי, און זי רעדט אויך צו איר.

אבער מער ווי מינוטן געדויערט דאס נישט. באלד נעמט זיך פון איר אפוויקלען איין איבערלעבעניש נאך דער אנדערער, זי ווארפט פון זיך אַראָפּ איין גרויל־פּאסירונג נאך דער צווייטער, ווי שווערע מלבושים פון א שלאָפן גוף. זי פרוואווט דאס טון שמייכלענדיק און יעדעס מאל, ווען אין די רייד אירע וויל זיך ארייננשניידן א קרעכץ, פארכאפט זי אים מיט א נאָך שארפערן שמייכל.

זי איז דורכגעגאנגען פינף לאגערן. איר האנט איז טאַטואירט מיט אַן אָשוויענטשים־נומער. דער מלאך המות האט איר אומאויפהערלעך ארייינגעאָטעמט דעם טויט, זי

ארומגעשטעלט פון אלע זייטן, נאר א שפּאַרע צום לעבן איז דאך געבליבן אָפן. פאר דער גאַז־קאַמער, בעתן ליגן אין שפּיטאָל־באַראַק אויף טיפוס, דיזענטעריע, בעתן אנטלויפן פון לאגער, בעתן הונגערן, בעתן איבערעסן זיך. בעת דער לעצטער באָמבאַרדירונג, א טאג פאר דער באפרייאונג. תמיד און אומעטום האט זי דורך א שפּארעלע, דין ווי א האָר, זיך ארויסגעקריגן פון טויט.

זי רעדט גיך, ווי א בייטש וואלט אונטערגעטריבן די ווערטער, איין ווארט קריכט אויפן צווייטן און דרענגען זיך אין איילעניש.

אירע רייד שרפהן נאך אצינד אירע ליפּן. זי רוט אָפּ. נעמט אָן א טיפן אָטעם, ווי זי וואלט זיך געגרייט צו א נאָך לענגערן דערציילן. זי קוקט זיך נאך פריער ארום, פּרואווט אויס מיט די אויגן דאס טאג־ליכט, צי עס איז נישט צו העל, אדער גאר צו טונקל. פּרואווט אויס מיין בליק, ווייל אויף גיך אראָפּלייענען פון מיין פנים, צי איך בין ראוי אויסצוהערן אירע ווייטערדיקע רייד. אירע אויגן עמאַנירן נשמה־ליכט. זי דערציילט אצינד וועגן איר פאָטער, דעם פעטער יונה:

— מיין טאַטישי איז דערשאָסן געווארן דורך די דייטשן. דערשאסן געווארן צוזאמען מיט דער מאמישי און קליינעם ברודערל ברוך. אבער דער טאטישי לעבט! איך ווייס נישט וואו ער געפינט זיך איצט, נאר ער לעבט. דאס איז זיכער. ער דארף דאך דערלייזן די וועלט! ער האט אונז דאס צוגעזאגט. אָט האבן מיר דאך שוין איצט א יידישע מלוכה, דאס איז זיכער זיין אויפטו, זיין געווינס. אין יאָר 1941, ווען

מיר זיינען אנטלאפן פון קראקע און זיך צעשיידט, דריי קינדער מיט זייערע געזינדלעך קיין לעמבערג, דריי קיין בעלז, טאטע־מאמע מיט ברוכ׳לען קיין דעמבלין, האט אונז דער טאטע צוגעזאגט, אז אין זיבן יאר ארום וועלן מיר האבן א יידישע מלוכה, אָט האָסטו! עס איז געגוי זיבן יאָר. איך ווייס נישט וואו טאטישי איז ערגעץ פארשטעקט, צווישן די ענגלענדער, צווישן אַראַבער — זייעט דאָרט מהומה. אז נישט מיינסטו וואלטן זיי אַנטלאפן, די אראבער, אין אזא בהלה? טאטישי איז אומעטום. היטלערן האט ער דאך אומ־געברענגט! ביידע צוזאמען האבן זיי דאך נישט געקאנט לעבן אויף דער ערד. זיי זיינען דאך געבוירן געווארן אין איין טאָג — מיין טאטישי און אַדאָלף היטלער. מיין טאטישי, יונה, איז די טויב און אַדאָלף — די קראָ. טאטישי איז געבוירן געווארן צו טון גוטס, דערלייזן די וועלט, אַדאָלף — אויף טוען שלעכטס, זי אומברענגען.

טאטישי האט געוואוסט, אז ביידע צוזאמען קאנען זיי נישט זיין אויף דער וועלט, איינער מוז אומברענגען דעם צווייטן. היטלער איז שוין אומגעקומען, האט דאָך טאטישי נישט געקאנט אומקומען! יעדער דור, האט ער אונז אמאָל געזאגט, האט גרייט זיין משיח, אבער נישט אלעמאל אנט־פלעקט ער זיך אין דער רעכטער צייט. ווערט פארנארט און גענארט, ווי שבתי צבי. אבער טאטישי, וועלכער גע־הערט זיך אָן משפחה מיט שבתי צבי, איז דער עכטער משיח!

איך הער זיך איין, קוק אויף איר. יאָ, זי איז בלאָנד, מיט כוואַליקע האָר, בלאָנדע אויגן, אימפעטפול, אָנגעטון

פּאַריזעריש. א יונגע דאַמע, וועלכע וויל געניסן פון אלע רעכטן, וואס עס קומט א פרוי, וואס האט דערפאַלג ביי מענער.

זי רעדט א יידיש געמישט מיט פוילישע אויסדריקן. אנשטאט „איך בין געקומען" זאָגט זי „איך האָב געקימט".

דאָס גלאָז שוואַרצע קאַווע שטייט נאך לעבן איר נישט אָנגערירט. דאס גלאָז נעמט זי ארום מיט דער האַנט, גלעט עס, אָנשטאָט טרינקען.

איך וואלט דאך געוועזן א בעלן זי אָפּשטעלן אין אירע רייד. זאל זי עסן אַ מאַראַנץ, טרינקען די קאַווע. אָבער אויף מיין מחשבה ענטפערן אירע אויגן גלייך מיט אזא בליק־שניט, אז איך שווייג. איך קלויב ווייטער צונויף אירע צע־שיטע, אָנגעצונדענע ווערטער:

— יאָ, יאָ, ליבער קוזין, קוק נישט אויף מיר מיט איבעראַשונג, צי איראָניע, איך בין ביי די פוילן געדאנקען. ווער, מיינסטו, האט ארויסגעריסן די ביקס ביים אוקראינער, ווען ער האט זי אויסגעשטרעקט מיך צו שיסן? טאַטישי! דער אוקראינער האט מיך געפירט אין געסטאַפּאָ. איך האב געהאט אַן אַרישן דאָקומענט, האט ער געוואלט קאָנטראָ־לירן, האב איך געוואוסט, אז אין געסטאַפּאָ שלאָגט מען. האב איך דעם אוקראינער גלייך געזאָגט: „איך בין א — יידישקע!" האט ער מיך אוועקגעשטעלט ביי א מויער, אויס־געשטרעקט די ביקס, שוין אָנגענומען ביים צינגל. האָב איך אַ רוף געטון: „טאַטישי!" האט דער אוקראינער ארויסגע־לאָזט די ביקס פון האנט. זי באַין אופן נישט געקאנט צוריק אויפהויבן. איז ער צוגעלאפן, מיך א שטופּ געטון און אָב־

געשריגן: איך זאל שוין אנטלויפן און נישט זיין אויף זיינע אויגן! איך האב אים געלאכט אין די שליפיעס אריין און פאמעלעך אוועקגעגאנגען.

מיט פרעמדע מענטשן רעד איך נישט וועגן דעם אלעם, נאר דו, אן אייגענער, וועסטו מיך פארשטיין. טאטישי האט דיך אמאל דערמאנט. אבער דו ווייסט נאך בכלל זייער ווייניק וועגן מיין טאטן. אפילו דיר — וועל איך נישט דערציילן אלץ מיט איינמאל, ווייל וועסט נישט באנעמען, אפילו דיר וועט שווער זיין צו גלייבן.

איך שלאג איבער מיט אן אומגעריכטער פראגע:

— וואו איז דיין ברודער משה? ער איז דאך געווען צוזאמען מיט דיר?

— משה ווו איז? אין ארץ ישראל! אין דער הגנה! ווי נאר עס איז פראקלאמירט געווארן מלכות ישראל, איז ער גלייך אהין אוועק. דו מיינסט, אז ער זוכט נישט דארטן דעם טאטן אונזערן?

משה און איך האבן אנגעפירט מיט פינף טויזנט יידן, ארויסגעשיקטע פון בעלז צום טויטן־לאגער אין סאביבור. ס'איז געווען דעם 5־טן יוני 1942. אין שפיץ פון דעם צוג זיינען געגאנגען א דרייסיק ייגעלייט, אלץ פון אונזערער א מחנה, זשאבאטינסקיס יונגלעך, געווען פריער אין א הכשרה־קיבוץ. באגלייט האבן אונז עסעסאווצעס, אנגעפירט דור דעם אבער־שטורמפירער פון הרוביעשאווער קרייז, פיבאק. מיר האבן די ערשטע גענומען אויפזינגען „הנה מה טוב ומה נעים" און גלייך האבן אונז אונטערגעכאפט אלע טויזנטער יידן. ביי די דייטשן איז געווארן א בהלה, זיי האבן

זיך געכאַפּט צו די ביקסן, האָבן מיר געהערט דעם טאָן, עס איז געוואָרן אַ געשריי־געזאַנג, אַ רוף. מיר האָבן דער־פילט אין זיך אַ סך כּוח, פעסטקייט, קיינער האָט אונז דעמלט גאָרנישט געקענט טון. דאָס געזאַנג אונזערס האָט די ערד אויפגעטרייסלט, עס האָט הונדערטער יידישע דורות דער־וועקט. פּיבאַק האָט אַרויסגעצויגן זיין בראַונינג, געצילט צו מיר אין ברוסט, האָב איך גלייך אַ רוף געטון דעם טאַטישי און האָב אים באַלד דערזען. דעמלט האָב איך זיך אויסגע־דרייט צו אונזער עולם און מיט די הענט דיריזשירט דאָס געזאַנג. אונזערע טריט זיינען געוואָרן שטאָליק־פעסטע. מיר זיינען שוין געהאַט געוויזן עטלעכע טעג אין וועג, די פיס פאַרוואונדיקט, צעקרעלט, צעבלוטיקט, אָבער די ערד האָט געציטערט אונטער אונזערע טריט און די עסעסאָווצעס האָבן פאַר אונז געציטערט. אַ פּחד איז זיי באַפאַלן!

* * *

זי האָט שוין אַ זופּ געטון פונעם גלאָז שוואַרצע קאַווע, אָבער די ליפּן אירע טרוקענען שנעל און זי האָט ווייטער גערעדט:

— פּיבאַק האָט אָנגעהויבן שיקן פאַרויס שטאַפּעטן אין די דערפער און שטעטלעך, געהייסן פאַר אונז רעקווירירן פערד און וועגענער, אַרויפזעצן אויף זיי אונזערע אַלטע לייט, קראַנקע און קינדער, ער האָט אונז געהייסן באַזאָרגן מיט עסן און טרינקען. מיך און מיין ברודער משהן האָט פּיבאַק שוין כּסדר בראַוואָריש געקלאַפּט אין פּלייצע און אונטערגעבור־טשעט: „בראַוואָ בראַוואָ, זי, אונד דיזע אַללע דרייסיק לויטע, זינד מיינע אייזערנע גאַרדע! זינגען, ביטע, זינגען!“

און פארן אָנקומען אין א גרויסער שטאָט, האט ער באפוילן רייטער־פּאָליציי פון עסעס, אז זי זאל אונז אָפּוואַרטן. ווען מיר זיינען אָנגעקומען, האבן געוואַרט אויף אונז צוויי שפּאַלערן פּאָליציי אויף פערד. מיר האבן נאָך העכער גע־זונגען אונזער „הנה מה טוב ומה נעים, שבת אחים גם יחד!" די עסעס־לייט האבן געקריצט מיט די ציין, אבער טייל פון זיי האבן פאר אונז סאַלוטירט. ווען איייניקע האבן געפּרואווט לאכן, האט זיי פיבאַק געדראָט מיט זיין בראַונינג:

„שאַוען זי מאַל, דיזע זינד אַנדערע יודען!"

איך האב זי געבעטן אויסטרינקען דאָס גאנצע גלאָז קאַווע, פארזוכן א פרוכט. האט זי מיך שטאַר אָנגעקוקט, מסתמא נישט דערהערט וואס איך זאָג. זי האט א מאך געטון מיט דער האנט, ווי זי וואלט פארענדיקט איצט דיריזשירן דאס געזאנג, א פאַרשאַר געטון אירע האָר, וואס זיינען שוין גע־האט אראָפּגעפאלן אויפן פנים, זיך צעשמייכלט מיט דעם געוויינלעכן פרויען־שמייכל:

— יאָ, איך וועל עפּעס טרינקען.

ביים געזעגענען זיך האט דאס פריערדיקע פלעמל אין אירע אויגן ווידער אָ גלי אויף געטון און זי האט מיט א ווייטיק־שמייכל געזאָגט:

— מיין ליבער קוזין, איך האב דיר נאָכנישט אַלץ דער־ציילט וועגן טאַטישי, דו מעגסט עס וויסן און מוזסט עס וויסן. דו וועסט מיך מוזן פארשטיין. די ווייטערדיקע זיבן יאָר דארפן דערהייבן די יידישע מלוכה אונזערע, זי דאַרף ווערן אָ וועלט־מאכט. אזוי האט טאַטישי פאַרויסגעזאָגט!

* * *

ווען זי איז אויפצומאַרגנס ארויפגעקומען, האב איך איר פארגעלייגט א שפאציר איבער די גאסן פון פאריז. פּאַריז, זאגט זי, האט אויף איר קיין גרויסן איינדרוק נישט גע־מאכט. מעגלעך, אז אין איר מיידלשער פאַנטאַזיע האט זי זיך מער פארגעשטעלט וועגן דער וועלט־שטאָט פאריז, וואס איז ווי באשאפן געווארן פאר פרייען. פאר אזעלכע וואס האבן א געפיל סיי פארן לוווּר, סיי פארן „קאַזינאָ דע פּאַרי". פאר די קברים פון שאָפּען און היינע אויף „מאָנמאַרטר", „פּער־לאַשעז" און אויך פאר די נאכט־לאָקאלן אויף פּיגאַל. נו, אבער זי זוכט דאך נאך עפעס אין פאריז; זי זוכט אויך דאָ — איר פאטער. ער קאָן אויך דא זיין. ער קאן זיין אומעטום...

מיר זענען אראפגעגאנגען און פארקירעוועט אין דער שכנותדיקער גאס לאַ שאַפּעל. דער מעטראָ פארט דא אויף א הויכער בריק און מיר שפאצירן אונטער דער בריק. רעכטס איז א מויער פון א שפּיטאל. ביים שפּיטאל־טויער שטייען און ווארטן קרובים פון די קראנקע, מיט פּעקעלעך און טעפּע־לעך עסן אין די הענט, מיט פרישע בלומען.

לינקס פון דער גאס ציט זיך א שורה פון קליינע האָטע־לעלעך און נידעריקע געביידעס. פּראָסטיטוטקעס שפּאַצירן הין און צוריק און רופן די דורכגייענדיקע מענער, ס׳רוב אַלזשירער. איצט, שוין סאמע אינדערפרי, ווערט פארשוועכט דאס ליכטיקייט פון טאג. עס פארטראגט נישט די הפקרדיקע, אויסגעמוטשעטע פּנימער פון די מגושמדיק געפארבטע פרויען, וועלכע רופן צו זינד. דאס איז מער שכיח פאר דער טונקעלער, פארבארגענער נאכט, וואס ווערט דאָ באַלויכטן

פון אלטע, פארזשאַווערטע לאַמטערן, וועלכע וואַרפן א רויט־זשאַווערדיק, פארוויינט ליכט.

נישט ווייט פון די זגות־האָטעלעכלעך איז אָפן א מיסיאָ־נערן־הויז. א יונגע, שמאָלע פרוי, אין א שווארצן קיטל, רופט פון דער אַמבאָנע אַראָפּ מיט א ציטערדיק, היסטעריש קול צו די צוהערער, אז זיי זאלן תשובה טון, דערהערן די טריט פונעם אויסלייזער ישו הנוצרי. אויפן זאַל זיצן אלטע, פאַר־געלטע פרויען. אלטע, קראַנקע, איינזאמע מענער, עפּילעפּ־טיקער און נאַרקאָטיקער. די פרויען הערשן און כליפּען.

מיך אינטערעסירט אצינד נאָר איינס: זעען ווי אזוי מיין יונגע קוזינע נעמט דאס אַלץ אויף, ווי אזוי עס רעאַגירן אירע אויגן, זעען צי דאס אַלץ שווענקט נישט אָפּ, קילט נישט אָפּ אירע פאַרשרפּהטע דמיונות און רייד.

זי זעט גארנישט און הערט גארנישט פון ארום. זי זעצט פאָר איר נעכטיקן, נישט־פאַרענדיקטן מאָנאָלאָג:

— אונזער פעטער משה, פון דעמבלין, האט עטלעכע וואָכן פארן ווערן אומגעברענגט דורך די דייטשן, אנטפּלעקט אַ שמערצלעכן סוד. ער האט עס געזאָגט נישט מיר דירעקט, נאר דורך אונזערס א קרובה, וועלכע האט זיך אויסבאַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. ער האט איר געזאגט, אז ער טאָר נישט שטאַרבן נישט־אַנטפּלעקנדיק דעם סוד, ווי ווייטיקדיק און גרויליק ער זאל נישט זיין. אַלזאָ:

— מיין טאַטע איז נישט קיין געזעצלעך קינד!

רייס נישט אויף די אויגן, ליבער קוזין, הער אויס:

אונזער באָבע, ווייסטו דאָך, איז געווען אַ פּאָדריאַ־טשיצע. בעת זיי האבן געוואוינט אין דער פעסטונג־שטאָט ד.

האט זי צוגעשטעלט שפּייז אין דער דאַרטיקער פעסטונג־אינטענדאַנטור. ווען אונזער באָבע שרה איז דאָרט איינמאָל אַהין אַריינגעקומען, און שיין איז זי דאָך געווען ווי אסתּר המלכּה, האָט זי אַן אָפיציר, אַ קאַווקאַזישער קניאַז — באַצוואונגען. און אָט איז מיין טאַטע אַ זון פון דער גרוזינישן קניאַז.

— האָסט דאָך געהאַט דערציילט, אַז דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער שטאַמט אָפּ פון שבתי צבי.

— יאָ, טאַטישי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ער שטאַמט אָפּ פון אַ דירעקטער ליניע פון דוד המלך.

— איז ווי זשע אַיינמישן דערינען דער גרוזינישער קניאַז?

— וואַרט, וואַרט, צי ווייסטו, אַז טאַטישי האָט געהאַט אַ טבע, שטענדיק צו קייען אין מויל אַ קייקעלע גאָלד? און דאָס לייב זיינס האָט ער געוואַשן מיט פּאַרפומען. אַלץ פּירשטלעכע געניג אַזעלכע. וואָלט ער נישט געווען יונה אנגל, וואָלט מען אים אפילו פון דער שול באַזייטיקט, נישט געלאָזט אים דאַווענען, צוליב זיינע מאָדנע געניג. נאָר ווער וואָלט דאָס געוואַגט אָקעגנרעדן מיין טאַטן? אַז אַלע האָבן פאַר אים געהאַט פּחד אימת מוות. דו מיינסט, אַז מענטשן האָבן נישט געאָנט וועגן זיין פּאַרבאָרגנקייט?

ווען די דייטשן זיינען אַרומגעגאַנגען אויף אַ רעוויזיע אין אונזער הויף, אַריינגעגאַנגען אין יעדער שטוב, אַלע טייערע חפצים קאָנפיסקירט און די מענער אַרויסגענומען פון די שטובן — האָט די מאַמע ספּאַזמירט, די קינדער געוויינט, האָט טאַטישי אַלעמען באַרואיקט און צוגעזאָגט, אַז אין אונזער שטוב אַריין וועלן די דייטשן נישט אַריין. „זיי

האבן נישט דערויף קיין שליטה און איך וועל ביי זיי צונעמען דעם כוח". און אָט קלאַפּן די דייטשן אין אונזער טיר, טאַטישי מאַכט אויף. ער שטייט פאַר זיי מיטן קאַפּל אויפן קאָפּ, ער קוקט זיי אָן, זאָגט עפּעס עטלעכע ווערטער און יענע ציען זיך גלייך צוריק.

— האָסט מיר נישט פאַרענטפערט מיט דער אָפּשטאַמונג. עס איז דאָך מיין באָבע און עס האָט דאָך אויך א שייכות צו מיר. ווי הייסט, אז דו דערציילסט אַזאַ מאָדנע פּאַסירונג? די באָבען האָב איך קיינמאָל נישט געזעען, ווייל זי איז דאָך זייער יונג געשטאָרבן, אָבער מען דערציילט דאָך וועגן איר ווי וועגן א צדיקות! יאָ, זי איז געווען א שיינע, געראָטענע, גערעדט גוט רוסיש און זיך אויסגעטויגט אין מסחר, געקענט אפילו א בלאַט גמרא — טאָ ווי שיקט זיך אזא מעשה נורא מיט א גרוזינישן אָפיציר? גיב א קוק אויפן בילד פון דיין טאַטישי, וועסטו זען ווי געראָטן ער איז אין זיידן אונזערן.

— ליבער קוזין, אויב דו זוכסט אזוי קלאָרקייט און לאָגיק, וועסטו נישט פאַרשטיין וואָס עס הייסט מיין טאַטישי, וועסטו נישט פאַרשטיין גאָרנישט וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט. אַנטשולדיק, טייערער קוזין, וואָס איך, א סך יונגערע פון דיר, וויינקער פאַרשטענדיקע, ווייס ווייניקער פון דיר, זאָג דיר אזוינס. מיין ברודער גרשון האָסטו געקענט? דאַכט זיך, אז ער איז געווען אין ווארשע, מסתמא געווען ביי דיר.

— יאָ, ווען ער איז געווען אין ווארשע, איז ער אַמאָל ארויפגעקומען צו מיר אין שטוב.

— ער איז דעמלט געהאַט אַנטלאָפן פון שטוב, פון קראָ־

קע, און דורך ווארשע אוועק קיין ביאַליסטאָק, צו די מיסיאָ־
נערן. די ערשטע עטלעכע טעג האבן מיר נישט געוווסט וואו
ר'איז אהינגעקומען. עס איז אדורך א וואָך, צוויי, מיר שרייבן
צו די מומעס קיין ווארשע, נייך, ער איז ביי זיי נישט געווען.
צוביסלעכווייז זיינען מיר געוואָר געוואָרן פון זיינעם א חבר
וואו גרשון געפינט זיך. די מאמע האט זיך גלייך געוואלט
זעצן שבעה נאך אים, אבער דער טאטע האט נאך דערפון
גארנישט געוווסט, מיר האבן זיך אויסגעהיטן מיט דער ידיעה
פארן טאַטן, איינרעדנדיק אים, אז גרשון פארברענגט ערגעץ
אין א דאַטשע־שטעטל ביי דער ווייסל. מיר האבן געציטערט
פאר דער מאמען, זי איז איינגעגאנגען. אָט־אָט פאַלט זי
אוועק. האט גרשונס חבר אוועקגעשריבן א בריוו אין דער
מיסטאָנערן־שולע, אז די מאמע אונזערע האט צעבראָכן א
פוס. ער זאל תיכף קומען צו פארן. די מאמע האט דערווייל
געפרווט דערגיין ביים טאטן וואס ער רעכנט צו טוען, ווי
אזוי קלערט ער אויסצוזוכן און אויסצוגעפינען גרשונען.
האט איר דער טאטע געענטפערט, אז ער ווייס שוין גענוי
וווּ גרשון געפינט זיך און אז במשך צוויי־דריי טעג קומט
ער צוריק אהיים. די מאמע האט געמיינט, אז גרשונס חבר
האט שוין פאר אים אלץ דערציילט, האט זיך ארויסגעוויזן,
אז נישט — קיינער האט אים גארנישט נישט דערציילט, דער
טאטע אליין האט ארויסגערופן צו זיך אין חלום גרשונען
און איז געוואָר געווארן. גרשון איז צוריקגעקומען אהיים.
דער טאטע האט דעמלט געמאכט אין שטוב א גרויסאַרטיקן
באַל. מיר האבן געמיינט, אז טאטישי וועט פשוט דורסן
גרשונען, האט ער אים נישט נאָר געשלאָגן, נאר געהאלטן

אים אין איין קושן. גרשון האט מודה געווען, אז ער האט דאס געטון צוליב קאַריערע, געוואָלט אוועק אין דער מיסיאָ־נערן־שולע קיין לאָנדאָן. ער האט געוווסט, אז מיט זיין קענען לערנען וועט ער אויסנעמען ביי די מיסיאָנערן און ווערן ביי זיי א גרויסער מענטש. טאטישי האט געלאכט הערנדיק דאָס. די סיבה — האט טאטישי זיך שפּעטער פאַרטרויט פאר מיין עלטערער שוועסטער — איז געווען גאָר א גאנץ אנדערע. ער אליין האט דעמלט גענומען שטארק צווייפלען אין די יסודות פון יידישקייט. ער האט זיך געהאט אָפּגעשלאָסן אויף עטלעכע טעג ביי זיך אין צימער, אָפּגעווען עטלעכע האלבע טעג אין א בית־מדרש און געזוכט אין אלע ספרים באַשייד אויף זיינע צווייפלען. אָט בעת די טעג איז דאס גרשון אוועק צו די מיסיאָנערן. ווען טאַטישי האט שוין געהאט אויסגעפונען דעם ענטפער, אז אלץ שטימט און איז ריכטיק, אז ער האט נישט געבלאָנדזשעט, אז די יידישע יסודות זיינען די ריכטיקסטע אין דער וועלט — דעמלט איז שוין גרשון געווען ביי די מיסיאָנערן און געגרייט געוואָרן צום שמד. ער האט זיך פון זיי ארויסגעקריגן, אַנטלאָפן. ווען ער איז אריין אין שטוב אריין, האט ער א געשריי געטון: „וואו איז די מאמע?!" און אז ער האט דערזען, אז די מאמישי האט נישט צעבראכן קיין פּוס, האט ער זיך צעוויינט פון פרייד. אָבער געגנוי אין אַ יאָר ארום האט די מאמע טאקע צעבראָכן א פוס!

זי האט ארויסגענומען אַ פּאַרפומירט באַטיסטן טיכל און געווישט ארום די פינגער:

— צי ווייסטו, מיין ליבער קוזין, אז טאַטישי האָט גע־

האָט, זאָגט מען, אַ געליבטע אין דייטשלאַנד? בעת ער איז אַזוי אָפּט געפֿאָרן זיך פּראַצעסירן קיין בערלין, אָפּגעוועזן דאָרטן חדשים, איז ער איינגעשטאַנען ביי אַ דייטשער פֿרוי אין הויז. האָבן מענטשן אין קראָקע גערעדט, אַז דאָס זאָל האָבן געווען זיינס אַ געליבטע.

— העלע, דו רעדסט וועגן טאַטן ווי אַ פֿרעמדע. וואָס ערגעץ אַ לייכטע צונג האָט געלאָזן פֿאַלן אַ רכילותל, האָסטו עס אויפֿגעכאַפּט. צי ווייסטו וואָס פֿאַראַ גרויסער למדן פֿעטער יונה איז געווען?

— קוזין, זאָג מיר נישט קיין מוסר וועגן מיין טאַטן. איין האָר פֿון מיין טאַטן איז מיר טייערער ווי מיין גאַנץ לעבן. ער לעבט אין מיר, איך טראָג אים מיט זיך, ער איז אומעטום. ער לעבט סיווי! אַלץ וועגן אים מעג איך דער־ציילן, ווייל אַלץ אין אים איז געווען און איז — הייליק! מיין טאַטע אַליין האָט צען מאָל אין טאָג געפּרוווט צעשניידן דעם אמת און אים צוריקשטעלן.

ווען ער איז אַוועק אין יאָר 1942 צוזאַמען מיט דער מאַמען און ברוכלען זיך אויסבאַהאַלטן קיין דעמבלין, האָט טאַטישי אָפּגעגאָלט די באָרד, אָבער אַלע זיינע באַקאַנטע יידן האָבן אים דעמלט נאָך גערופֿן „רבי". טאַטישי האָט געזאָגט, אַז נישט ער גייט זיך אויסבאַהאַלטן פֿאַר די גוים, נאָר זיין צווישן די גוים. עס מוז געשען איינס פֿון די ביידע — אָדער ער וועט מנצח זיין דעם שטן, אָדער — ניין, עפּעס אַנדערש האָט נישט געקאָנט געשען! די וועלט וואָלט דאָך פֿאַרשטונקען געוואָרן, ווען מיין טאַטישי לעבט נישט אויף איר!

מיר זענען צוריק ארויף אין שטוב אריין. אויף די שטיגן האט זי מיר געזאָגט ווי פארבייגייענדיק:

— ווייסטו, אז דיין מאמע לאה און די מומע בלה, האבן אין געטאָ, אין אָטוואָצק, געטראָגן טלית קטן׳ס?

איך האב איר א פארקלעם געטון די האנט:

— דו ווייסט עפּעס וועגן מיין מאמען?! ווי אזוי זי איז אומגעקומען?!

ניין, קיין פּרטים ווייסט זי נישט, דאס האט זי שוין געהערט פון א קרובה נאך דער מלחמה.

העלע וויל נישט אַראָפּ פון איר טעמע און דערציילט ווידער געשווינד, אז איר טאַטע האט פארגעזאגט זיינעם א ידיד נאך אין יאָר 1938, אז יענער וועט אין צען יאָר ארום זיין א מיניסטער ביי יידן אין ישראל.

און זי רופט אָן א באקאנטן נאָמען פון איינעם, וואס איז טאַקי היינט מיניסטער אין ישראל. אָבער באלד שפּרינגט זי אריבער:

— אין לאגער איז געלעגן אָנגעלייגט א קופּע מתים אויף א שטאָק די הויך. אז א דייטש האט דערזען ווי איינער וואקלט זיך אין גאנג, אָטעמט שוין קוים, האט ער יענעם געהייסן צוגיין זיך אוועקלייגן צו דער קופּע. מ׳האט גע־פּאָלגט, מען איז צוגעגאנגען, זיך אוועקגעלייגט און מען איז אויסגעגאנגען. אז ס׳האבן נאך געלעבט אייניקע ווען מ׳האט גענומען די קופּע צום פארברענען, נו, איז וואָס? אָט צו אַזאַ קופּע האט מיך א דייטש געהייסן צולייגן, ווען מען האט אונז אויסגעלאדעוועט פון וואַגאָן. איך האב אויס־גענוצט מיין לעצטן כוח אויף נאר איין לאַך צו טוען, האָב

דעם עסעס־מאַן א לאַך געטון אין פנים אריין און אים אָנגע־
וויזן מיטן פינגער, אז ער זאל זיך דארט אוועקלייגן. אין
דער זעלבער רגע האט זיך באוויזן אַן אַעראָפּלאַן איבער אונז,
אַראָפּגעוואָרפן א באָמבע און דאס דייטשל נעבן מיר איז
צעריסן געווארן אויף פּיצלעך.

יענע קופּעס מתים האבן דאָך באַדאַרפט פארשטינקען
און פאר'אַוויר'ן די גאנצע וועלט! די וועלט האט זיך נאכנישט
אויסגעשאָכטן? און פארוואס האבן מיר, יידן, נישט אויס־
געשאָכטן זעקס מיליאָן געמיינע גוים? עס שטייט דאָך אין
תנ"ך בפירוש: „אַן אויג פאר אַן אויג, א צאָן פאר א צאָן!",
נישט אמת?!

נאָר זעסטו, מיין ליבער קוזין, קאָן זיין, אז די גוישע
וועלט האט זיך אָפּגעקויפט מיט דער יידישער מלוכה, וואס
איז מקוים געווארן. מיר דארפן ווערן אין די נאָענטסטע זיבן
יאָר א גרויסע מלוכה, פון א וועלט־באדייטונג! דערוויל זענען
מיר א מלוכה פון א מיליאָן לעבעדיקע יידן און זעקס מיליאָן
טויטע יידן! די גוים פון דער גאנצער וועלט וועלן דארפן
ווי פּילגרימען קומען צו אונז אויף די קני און אין אונזער
ירושלים מחילה בעטן ביי אונז. טאַטישי וועט זיי אויף די
קני ברענגען!

איך בין יונגער פון דיר, מיין ליבער קוזין, וויס וויני־
קער, אבער איך זאָג דיר, אַן טאַטישי וואָלט די וועלט שוין
קיין קיום נישט געהאט. פאר קיין פרעמדן וועל איך דאָס
אלץ נישט דערציילן, מ'וועט מיר נישט גלייבן. איך און מיין
ברודער משה גלייבן אין אונזער טאַטן, אז ער וועט טאַקע
זיין דער משיח און אויסלייזן די וועלט! זיי דו, קוזין מיינער,

אויך א דריטעד צו אונזער גלייבן, אז אונזער טאַטע, דיין פעטער יונה, לעבט און וועט זיך דער וועלט נאָך באַווייזן! משיח קאָן נישט אומקומען!

איך האָב איר אוועקגעשטעלט א גלאָז שווארצע קאַווע צום טרינקען. איך האב ביי איר גענומען א בילד פון איר ברודער משה, וואס איז אין דער הגנה, געבעטן, אז זי זאָל פאר מיר מאכן א קאָפּיע פון פעטער יונהס בילד, ער זעט דאָ אויס אינגאנצן ווי דער זיידע עליו השלום. איך האב איר אָנגעזאָגט און געבעטן: אַז היות ווי זי גרייט זיך שוין אין עטלעכע חדשים ארום צו פאָרן קיין ארץ ישראל, איך רעכן אויך עולה זיין קיין ישראל, וועלן מיר דארטן, שוין צוזאמען מיט משהן, ווידער שמועסן אביסל וועגן פעטער יונה — אָבער דערווייל לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן. ס׳רוב מענטשן הערן נאָר בלויז מיט די אויערן און פון הערן אזעלכעס בלויז מיט די אויערן — וועט מען וויניק וואָס דערפון פאַרשטיין.

העלע האָט זיך צורעכט געמאכט אירע האָר, גענומען צוריק שמייכלען מיט דעם געוויינלעכן פרויען־שמייכל און אָנגעהויבן רעדן וועגן קליידער, מאָדע, פּאַריז...

איך האָב זיך נאָך צו איר אָנגערופן:

— ווייסט, העלע, ביסט שוין פינף און צוואַנציק יאָר אַלט, וואָלסט באַדאַרפט חתונה האָבן און טאקע האָבן א קינד אויך, אַ יינגעלע.

— אַלץ אין ארץ ישראל. דאָרטן — מוז שוין אַלץ קלאָר ווערן!

איך קוק זי אָן. זי איז אַ בלאָנדע, אַ שיינע, אַ שלאַנקע, אַ שטאַלטנע, אפילו באַחנט מיט אַ קאָקעטישן שמייכל. אירע בלויע אויגן זיינען ליכטיקע, לויטערע. נאָר אַ פלעמל איז דאָרט פאַראַן — בלענדיק עס, בלינצלט. עס איז דאָס פלעמל פונם פעטער יונה, וואָס האָט נאָך אין די יוגנט־יאָרן געוואלט פליען מיט דער הילף פונם שם אונטערן אָרעם. זי טראָגט אין זיך איצט דעם שם פון איר טאַטן. מיט אַזאַ כוח קאָן מען אפשר פליען? לפּחות, ניצול ווערן פון אַ סך טויטן. און אפשר נאָך עפּעס מער?

וואָרום ווער ווייסט?

פּאַריז, 1948.

# יחיאל לערער

איז געבוירן אין יאר 1900, אין מראָזי, ביי קאָלושין, פוילן. זיין פאטער, א חסידישער ייד, האט געארבעט אין די דארטיקע וועלדער. דערנאך זיך איבערגעצויגן אין שטעטעלע זשעלעכאָוו. דער פאטער האט געשטאמט פון זאמאָשטש, די מוטער, אַן איייניקל פון ווורקער רבין, האט געשטאמט פון זשעלעכאָוו. אין די רייפערע יארן איז יחיאל לערער אריבער קיין ווארשע.

שוין אין די יונגע יארן האט יחיאל לערער איבערגעזעצט העברעאישע שירים אויף יידיש

אין 1939 איז זיין „מיין היים" פרעמירט געווארן פון ווארשעווער פען־קלוב.

זיין ברודער האט עולה געווען קיין ישראל (איז היינט א הויכער אפיציר אין צה"ל), אבער אים אליין איז שוין דאס נישט באשערט געווען. די גענויע דאטע פון זיין אומקום איז נישט באוווסט. ער האט געלעבט אין געטאָ אין ווארשע ביז דער צווייטער ליקווידאציע (אנהויב 1943) ווען ער איז צוזאמען מיט אנדערע שרייבער און קינסטלער געווארן אוועקגעפירט צום אומשלאג־פּלאַץ.

**ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע — אזוי האָט ווייסנבערג באַצייכנט איינעם פון די געטרייסטע תלמידים זיינע — יחיאל לערער.**

און עס האט נישט געהאלפן. צי דערפאר, ווייל בלויז שוין די מארקע פון דער ווייסנבערג־שולע האָט גענוגנט אויפצורייצן די אָפיציעלע ליטעראטור־כהנים; צי דערפאר, ווייל יעדער פון דער ליטעראַרישער ווייסנבערג־סביבה, ווי ער איז נאָר געקומען אין דער ליטעראַרישער וועלט, איז ער שוין פון פאָרויס געקומען א קריגער, אָפּאָזיציאָנער — קיי־נעם נישט אנערקענט — און דערפאר האָט מען אים אָפּגע־דינט מיט דעם זעלביקן? עס האט אלנפאלס לאנג געדויערט ביז צו דער אזוי־גערופענער אָנערקענונג פון יחיאל לערערס ליטעראַרישע דערגרייכונגען.

איז ארויס זיין „שאול און דוד" — אַ ביבלישע פּאָעמע; איז ארויס זיין „שטילקייט און שטורם" — לידער אין פּראָ־זע; איז ארויס זיין „ברונעמס אין פעלד" — לידער און פּאָעמען. די אלע דריי ביכלעך האָבן זיך דערראָבערט פּאָ־זיציעס, ביז ס׳איז געקומען דאָס פערטע, דאָס לעצטע בוך זיינס „מיין היים" — און אָנגעהויבן איינגעמען דעם אויבנאָן אין דער יידישער פּאָעזיע אין די לעצטע יאָרן פאר דער מלחמה. די פּאָעמע „מיין היים" איז געווארן איינס פון די באַדייטנדיקסטע ווערק אין דער יידישער ליטעראטור.

עס איז דאָס געזאנג פונעם יידישן שטעטל אין פוילן, וועגן אייגענער טאַטע־מאַמע, וועגן רביים און חסידישער גאָלדענער קייט, ציוניזם און סאָציאַליזם, בית־המדרש און ביבליאָטעק, ספר און בוך, וועגן אַמאָליקער יוסטער גביריש־קייט און שטעטלשן דלות, וועגן פאַראיינען און פּאַרטייען.

אונדזער דור איז נאָך געשטאַנען אויף די שייד־וועגן, האָט נאָך געזען דאָס אלטע: דעם מאָכיקן דאַך אויפן בית־

המדרש, די לעגענדאַרע פאָלקס־געשטאַלטן, פארדבקהטע ישיבה־בהורים — און די יונגע, פלאמיקע רעוואָלוציאָנערן, וואס האבן זיך פארמאָסטן אויף דער וועלט — געזען דאָס אַלץ אין געדעמפטן יידישן ליכט, אין דער וואַרעמער, היימישער אַטמאָספער.

דער איצטיקער דור וועט עס שוין נישט זען!

עס איז נישט איינגעפאלן לערערן בשעתן שרייבן, שילדערן און באַזינגען דאָס יידישע לעבן, בשעתן שרייבן די שורות פון „מיין היים" (אין יאָר 1937—1938), אז דאָס זיינען שוין די לעצטע שורות אויף די מצבות פונעם יידישן לעבן אין פוילישן שטעטל. דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„מיינע עלטערן וואוינען אין שטעטעלע דעם קליינעם,
זיי שטצן ביז היינט נאָך דעם יחוס דעם שיינעם,
און שבת פאַרנאַכט, אין זיידנס געהילט,
זיצט היינט נאָך די מאַמע קינדיש צעשפילט
און דערציילט פאַר די שכנות די גרויסקייט פון זיידן
פון הייליקן וואָרקער, דעם בעל־הבית פון גן־עדן".

אין די לעצטע צייטן (פאַר דער מלחמה) האָט מען שטאַרק געמאָנט ביי דער יידישער ליטעראַטור נאָך גרויסשטאָטישע מאָטיוון. דאָס באַטעמטע, זאַפטיקע יידיש־שטעטל איבערגעלאָזן פאר די קורצע קאָרעספאָנדענצען אין די טאָגצייטונגען, אויף שטאָף פאר די פעליעטאָניסטן, וואס האבן צוביסלעך אונטערגעהוזקט „פון דער ליבער פראָווינץ". האָט די ליבע פראָווינץ אָפּגעענטפערט מיט צוויי ביכער: „די מענטשן פון גאָדלבאָזשיץ" פון לייב ראשקין (זיין אמתער

נאָמען איז פרידמאַן, אויך אומגעקומען) און „מיין היים" פון יחיאל לערער.

ער האָט זיך ארומגעשלענדערט איבער די גאַסן פון ווארשע ווי א זייטיקער, מיט אומצוטרוי צו דעם ארומיקן, געטראָגן מיט זיך דעם נאָך נישט־אויסגעוועפטן ריח און אָטעם פון פעלדער און לאָנקעס, מיט דעם ריח פון א חסידי־שער שטוב, פון די פרייטיק־צונאכטס און מלווה־מלכהס, פון די שטילע טריט אין זאָקן — תשעה־באב און יום־כיפור און אויך פון דעם עקסטאַז פון דער יוגנט אין די קולטור־פאר־איינען. א באַלאָדענער מיט דיכטערישער בענקשאַפט און שאַפונג־לאַסט, וואָס עסט זיך איין מיט רויב־נעגל אין איר קרבן־אָביעקט, פארצערט, ציט ארויס די ראָזע פאַרב פון פנים, לייגט קנייטשן ארום די ווינקלען פון מויל און פאר־ציט אומעט־הייטלעך אויף די אויגן.

ער האָט בלאָנדע האָר. זיי דערמאָנען אין קאָרן־זאַנגען. ער טראָגט זעלטן ווען אַ היטל אויפן קאָפּ. זיינע בלאָנדע קאָרן־האָר זיינען ווי א הערב און צייכן פון זיין בענקשאַפט נאָך די פעלדער. די נאָענטע פריינט און חברים זיינע האָבן געוואוסט, אז מיט יחיאל לערערן איז שווערלעך צו גיין אויף דער גאַס — ווייל שטענדיק האַלט ער די האַנט אויסגעבויגן, אָנגעלענט אויף דער זייט ווי א דרייעק — לאָזט נישט צו צו זיך נאָענט, ווי א יונגע, מעוברתע פרוי, מען זאָל אים נישט באַרירן פון דער נאָענט.

„מיין היים" — אַ שטיל בענקשאַפט־געזאַנג אין א צאַרטן, געפערלטן פאָלקסטימלעכן יידיש. די געמאָלענע שטייגער־שילדערונגען דערמאָנען אין די אַלטע חנוכה־מנורות און

אין בשׂמים־ביקסן. לויט דער פּאָעטישער קראַפט שלאָגט ער אָפּטמאָל אָן אין מיצקעוויטשעס „פּאַן טאַדעאוש״.

די מבינים און קריטיקער, וואָס האָבן ליב וואַרטן, זיי זאָלן, חלילה, נישט דורכפאַלן מיט איבעריקן לויבן, זיינען שנעל געוואָרן אסעקורירט — דורך שלום אַשן. מען האָט שוין געוואוסט, אז אַש טראָגט זיך ארום מיט יחיאל לערערס ביכל, האַלט עס ביי זיך אין טאַש ווי א ווארעמען היימישן בריוו פון נאָענטע — אָדער ווי א תהילימל, איז אַנטציקט פון דעם צאַרטן, עלעגישן געזאַנג וועגן יידיש־פוילישן שטעטל.

חוץ דיכטערישער בענקשאַפט, איז נאָך לערער געוועזן באַלאָדן מיט „פּראַזאישע״ טרוימען — קריגן אויף עטלעכע טעג אין וואָך אַרבעט ביי קאָרעקטור אין רעדאַקציעס. דער צווייטער טרוים — אַ סערטיפיקאַט קיין ארץ ישראל.

ער האָט געאַרבעט ביי בוכהאלטעריע, אָבער דאָס געהאלט האָט נישט געקלעקט אויף אויסצוהאַלטן די פרוי מיט עט־לעכע קינדערלעך זיינע און די אַלטע מאַמע, וואָס האָבן נאָך אַלע געוואוינט אין שטעטל. צוגעלאָזן ווערן צו אַזאַ גרויסן „דזשאָב״ ווי קאָרעקטור אין די רעדאקציעס — האָט זיך געגליכן צו א קאמף פאר דערראָבערן אַ פעסטונג. די זשור־נאליסטישע רעדוטע איז געווען ארומגעצוימט מיט דיקע פּראָטעקציע־מויערן. אַ טייל זשורנאליסטן, וואָס האָבן ס'רוב אין זייער יוגנט געשריבן לידער — האָבן צו קיינעם נישט געפילט אַזאַ שנאה, ווי צו פּאָעטן, און וואס באַגאַבטער דער פּאָעט — אַלץ גרעסער די שנאה.

און אויף אלגעמיינע פאַרזאמלונגען אין ליטעראַטן־

פאראײַן איז יחיאל לערערן אויסגעקומען נאָר צו רעדן, צו דערמאָנען און פאָדערן די רעכט אויף ארבעט ביי קאָרעקטור.

און אויך מיט דעם צווייטן טרוים — דעם סערטיפיקאַט, האָט זיך עס געשלעפּט יאָרן, שלאבעריק, שטומפּיק, כסדר געוואָרן אָפּגעלייגט, געצעגערט און אָפּגעשלעפּט — דערפאר, מסתמא, ווייל ער איז געווען נאָר דיכטער און נישט קיין אַקטיווער פּארטיי־מענטש.

אין לאָדזש האט זיך אָפּגעפונען נאָר איין עקזעמפּליאר פון „מיין היים" און עס האָט אויף זיך דעם אונטערשריפט פונעם מחבר: „צום אָנדענק דעם ליבן יעקב סירקיס", לאָדזש פעברואַר, 1939 — יחיאל לערער".

וועלכעס פעלד איז באַמיסטיקט געוואָרן מיט זיין אַש? אדער אפשר טראגט נאָך ערגעץ דער ווינט זיין אַש איבער וועלדער און טייכן צוזאמען מיט דעם אַש פון זיינע פאר־ברענטע ביכער, און די ווערטער פון „מיין היים" פלאַטערן נאָך אין חלל:

„און אַמאָל נאָך האָט אַ מענטש זיין לעבנס־וועג,
איבער דערנער אָדער בלומען, ווי גאָט האָט באַשערט,
דורכגיין געקענט רואיק און שטיל — איז היינט
אויף דער ערד
דער פּיבערדיקער, קראַנקער — דער וועג אַזוי שווער,
פאַר די אָרעמע קינדער אידע און זיבן מאָל מער,
פאַר די יידישע קינדער.
האָט מען נעצן דאָך צעשטעלט,
אויף אונדזערע לעבנס אין אלע עקן,
אונדזערע היימישע נעסטן־וועלט פון שונא געצונדן

און מיר וואַנדערן היימלאָז און ציילן די וואונדן,
און פון פאָרנט — וואַסער און פון הינטן — פלאַס,
און איבערן קאָפ — די בייטש פון דעם כאס״.

**דאָס באַזונגענע שטעטל, צוזאמען מיט זיינע זינגער — איין חורבה, איין קבר, וואָס שרייבט מיט טויטע פינגער די וואָרנונג אויף די ווענט פון וועלטישן סעודה־זאַל:**

**— מנה, תקל ופרסין!!**

לאָדזש, 1946.

## עס איז שטיל ביי דער קאמונארן־וואנט אין פאריז

לעאָן בלום אויפן קבר פון אָטאָ באוער...

(פון מיין פאַריזער נאָטיץ־בוך)

אין אַ פראָסטן מאָנטיק אינדערפרי אויפן בית עולם „פערלאשעז". מאָנטיק דעם 9־טן פעברואַר 1949 האָט מען דאָ ארויסגענומען די שטערבלעכע רעשטלעך פון דעם גרויסן סאָציאַליסטישן טוער, פון דעם טעאָרעטיקער אָטאָ בויער, כדי זיי איבערצופירן אין זיין היימלאַנד (?), קיין עסטרייך.

„פערלאשעז" איז נישט ווייט פון שטאָט־צענטער, א בית עולם אין מיטן שטאָט. די פראנצויזן ווילן נישט זיין ווייט פון זייערע נאַציאָנאַלע העלדן, פון די בארימטע פערזענלעכ־קייטן, וועלכע האָבן באשיינט זייער קולטור, ליטעראטור, זייער פאָלק. דאָ ליגן באַערדיקט באלזאק, שאָפּען און דער „פרעמדער" אָסקאַר וואיילד. דאָ ליגן אויך די אומגעקומענע קאָמונאַרן. אויף זייערע קברים ליגן נאָך פרישע בלומען. ווייסע „נעגעלעך" און רויטע רויזן מילדערן די אומהיימלעכע בית־הקברות־שטימונג.

ביים ארון פון אָטאָ באוער זענען פארזאמלט קאַרגע עטלעכע הונדערט מענטשן. עס דארפן רעדן דריי באַרימטע סאָציאַליסטישע פערזענלעכקייטן פון פראנקרייך, עסטרייך, בעלגיע, לעאָן בלום, פרידריך אַדלער און דע ברוקער.

יעדער מענטש האָט אַ שוואכקייט צו וועלן זען באַרימטע פערזענלעכקייטן, און אוודאי שוין ווען ער פילט צו זיי אַ גייסטיקע קרובהשאַפט, ווען ער שעצט און פאַרערט זיי, ווען די דאָזיקע נעמען זענען אים שוין באַקאַנט צענדליקער יאָרן, געלייענט זייערע שאַפונגען, זייערע רעדעס, באַקאַנט מיט זייערע קאמפן און אויפטוען פאר דער מענשטהייט, פארן סאָציאַלן יושר, פאר דער גערעכטיקייט פון די ליידנדיקע און אונטערדרוקטע. דער עיקר האָב איך, פארשטייט זיך, געוואָלט זען לעאָן בלומען, אָט די שוין לעגענדארע פיגור. מיט אים בינדט נאָך עפּעס גאנץ באזונדערס — ער איז דאָך פון אונזער שטאַם.

עס שטייען עטלעכע דעלעגאציעס מיט פענער און בלומענקרענץ. דער עולם ארום איז ווייט נישט קיין גרויסער. מיט א נאכט פריער, אויף דער אַקאַדעמיע לכבוד דער געשעעניש, אין זאל „מוטואליטע", איז אויך געווען א קליינער עולם, און דער רוב — דווקא יידישע סאָציאַליסטן...

איך עס זיך איין מיטן בליק אין לעאָן בלומען. ער איז הויך, שיין און שוין עטוואָס געבויגן. זיין פנים פאַרבאָרגט די שליאַכן צער אונטערדעקט מער אָפּ די שטריכן פון שטאָלצער, איידעלער קעמפערישקייט. ער טראָגט אַ רויט שאליקל אויפן האַלז. אַ פרוי וואָס האַלט אים אונטער דער האַנט, כאפּט כסדר אונטער דאָס שאליקל וואָס דער ווינט רייסט פון זיין האַלז. כאָטש עס איז אַ וואַרעמער פרימאָרגן, טראָגט ער קאַלאָשן און געטרעס. אין זיין גוף איז שוין, זעט אויס, כסדרדיקער ווינטער, עס גייט אים שוין דער 76־טער פרילינג...

איך זוך אונטער זיינע גרויע וואָנסן, ביי די מוילווינקלען,

אַט די קניטשן וועלכע זאָלן אָנדייטן זיין טיפערן צער, דעם ייִדישן. איך זוך דאָס אין זיינע אויגן — עס זעט זיך קוים־קוים. עס מוז זיין פאַרבאָרגן ערגעץ געגנוג וויט און טיף־מחמת אין האַרץ האָט ער עס דאָך זיכער, דאָס וויסן מיר דאָך.

איצט דאַרף ער רעדן וועגן איינעם פון די וויכטיקסטע פירער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון אייראָפּעאישן סאָציאַליזם בכלל, וועגן אָטאָ באוער, וועלכער איז דאָך אויך געווען אַן אונזעריקער, פון אונזער שטאַם. איז דאָך אָטאָ באוער געווען איינער פון די וויכטיקסטע טעאָרע־טיקער איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע, כאָטש גראָד זיין אייגן פאָלק, דאָס ייִדישע איז ביי אים ארויס צעניזוקט, נישט אָנערקענט געוואָרן פאר קיין נאַציע. זיין גאולה האָט ער געזען אין אַסימילאַציע, אין אויפלייזן זיך נאַציאָנאַל צווישן די ארומיקע פעלקער.

איצט, צען יאָר נאָך זיין טויט, ווען עס ווערן ארויסגע־נומען זיינע שטערבלעכע רעשטלעך אויף איבערצופירן זיי אין „זיין" פאָטערלאַנד, קיין עסטרייך, איצט איז בסך הכל עטלעכע חדשים אָפּגעלאָפן זינט דעם היסטאָרישן טאָג ווען מיר האָבן באקומען די אנערקענונג פון די פעלקער אויף רעכט פון אונזער מלוכהשאַפט.

לעאָן בלום איז מספּיד אָטאָ באוערן. דער פירער פונם פראַנצויזישן סאָציאַליזם געזעגנט אַצינד די רעשטלעך אין דער אורנע פונעם פירער פון עסטרייכישן סאָציאַליזם... די ווייסע „נעגעלעך" און רויטע רויזן ביי דער קאָמונאַרן־וואַנט וויגן זיך אין ווינט און שאָקלען מיט זייערע קנאָספּן־קנעפּלעך, אַמאָל אויף „יאָ" און אַמאָל אויף „ניין"... אַן אלטער, הויכער,

נאָך לעבנגעבליבענער קאָמונאַר, אין אַ לאַנגן מאַנטל, גראָ־באַטענעם בערעט, מיט אַ ווייסער באָרד ביזן גאַרטל, וויגט זיך מיט אין טאַקט צו די ווערטער פון איידעלן און קעמפע־רישן סאָציאַליסט לעאָן בלום.

די מאַניפעסטאַציע רירט פון אָרט. עס שפּילט נישט קיין מוזיק, נאָר דאַלעבן איז דאָך שאָפענס קבר — צי הערט מען דען נישט פון דאָרט זיין טרויער־מאַרש?

אלע זענען שוין אוועק און ביי דער קאָמונארן־וואַנט איז ווידער שטיל. אין קאָפּ לענט זיך אָן אַ מחשבה:

— צי פאַרשווינדן נישט דערמיט אויך שוין די לעצטע רעשטלעך פון דעם איידעלן, הומאַנעם, פרייהייטלעכן סאָציאַ־ליזם בכלל?

די ווייסע „נעגעלעך" און רויטע רויזן וויגן זיך ווידער אינעם ווינט און שאָקלען מיט זייערע קנאָספּן־קעפּלעך, אמאָל אויף „יאָ" און אמאָל אויף „ניין".

ביי דער קאָמונאַרן־וואַנט איז שטיל, זי שווייגט.

ווען איך בין ארויס אויף דער גאַס, האָט זיך געפילט דער ריח פון געבראָטענע קאַשטאַנעס, מיט וואס עס זענען פול די טישלעך אויף די גאַסן. ווען איך בין אריין אין מעטראָ, האָב איך געזען אויף דער וואנט אַן אומגעלומפּערטע אויפ־שריפט מיט קרייד:

„אַ טויט די יידן! צוריקשיקן זיי אין די קרעמאַטאָריעס!"

דערמאָן איך זיך געדרן איז דער שטילקייט ביי דער קאָמונאַרן־וואַנט...

פּאַריז, פעברואַר 1949.

# חיים סעמיאטיצקי

אז א געוויסער פעריאָד נארמאליזירט זיך און האלט אָן א לענגערע צייט — ווערט ער איינטאָניק און נודנע.

אין ווארשעווער ליטעראטן פאראיין איז שוין געווען נאָרמאל, אז עס כאַפּט זיך אריין א פארשעמטער און צעשראָקענער יונגערמאַן פון דער פראווינץ און רוימט אייך שטיל איין: — ער האָט מיט זיך אַ העפטל לידער און וואָלט עס וועלן פאר אייך פאָרלייענען.

מען איז שוין מיד געווען און איבערגעלאָדן מיט נייער דיכטונג און יונגע טאַלענטן. עס האָט געגאָלטן, אז די דיכטונג־נאָרמע איז שוין אויסגעפילט און עס קאָנען שוין גישט צוקומען נאָך נייע טאַלענטן.

— וואס, שוין ווידער אַ נייער און יונגער? מוז ער אוודאי זיין אַ פּראָווינצער נודניק, אַ גראַפאָמאַן.

נישטאָ קיין געדולד אים אויסצוהערן. מען הערט קוים אויס דעם אָנערקענטן. ענטפערט מען אָפּ אזעלכן מיט לאָמיך־געמאַך־תירוצים, ווער דיפלאמאטיש און העפלעך און ווער — אָן־חכמתדיק־גראָבלעך:

— שטופּט זיך אין רייכערע צימערן, דאָס בוידעם־שטיבל פון פּאָעזיע איז שוין איבערגעפּאַקט מיט געגוג קבצנים און

שנאָרער. פאָרט אהיים, יונגערמאַן, און עפנט זיך א שפּייז־געוועלבל, אָדער טוט א רייכן שידוך.

ווער עס האָט געענטפערט דעליקאַטער:

— פריער דארף מען האָבן א העמד אויפן לייב און דערנאָך זיך נייען א יום־טובדיקע קאַפּאָטע — מיר האָבן שוין צו פיל יום־טובדיקע דיכטונג־קאַפּאָטעס.

אָבער וועלכער אמתער קינסטלער וועט זיך לאָזן אָפּ־פּארטיקן מיט אַ תירוץ? וועלכער מאָלער וועט דאָס פּארווישן זיין לייוונט און וועלכער זינגער וועט דערשטיקן זיין ניגון, ווען עס זינגט זיך פאָרט? אז דאָס איז זיין לעבן, זיין חיות, זאָל זיין אָן א העמד — אז אלץ איז אין אים געזאָנג?

מען זיצט ביי א טישל אין פאראיין און מען שפּילט שאַך. אין דער זייט זיצט א פאַרבלאָזער, איינגעקורטשעטער, פּראָ־ווינציאָנעלער יונגערמאַן. ער קוקט זיך צו צום שאַך־שפּיל און מישט זיך נישט אריין — א זעלטענער אויסנאַם. אזוי עטלעכע אָוונטן נאָכאַנאַנד. ער שלאָגט פאָר אַ פּאַרטיע. שוין אין מיטן שפּילן, ווען איך באַוווּנדער זיינעם א געלונגענעם גאַנג, גראָבט ער זיך איין אין די פיגורן און זאָגט דאַביי מכלומרשט צו די פיגורן:

— ווען איר ווילט נאָר מיך אויסהערן לייענען עטלעכע מיינע לידער!

עס פאַרשלאָגט שוין דער השק צום שאַך. ער האָט, הייסט עס, זיך אונטערגענאַרט. איך געפין אָבער אויס אַ געלונגענעם שלאָג־תירוץ:

— איך שרייב דאָך אָבער נישט קיין לידער. ווייזט עס ווערמענען פון די דיכטער.

ער האָט אָבער דערויף אַ קאָנטער־תירוץ:

— איז טאַקע דערפאַר וועט איר זיין אָביעקטיווער.

פרויוו איך אים פרעגן זיין פּאָעטישן פּאספּאָרט, דאָס הייסט צי ער איז שוין ערגיץ־וואו איינגעמאָלדן מיט אַ ליד, געדרוקט ערגעץ?

— ניין, מלך ראַוויטש האָט אים אין אַ זשורנאַל אָפּגע־ענטפערט, אז זיין אריינגעשיקט ליד וועט ער נישט דרוקן, ער האָט אָבער פון דעם ליד ציטירט 4 שורות און צוגעגעבן, אז זיי האָבן אין זיך סימנים פון טאַלענט.

דאָס איז געשען מיט 2 יאָר צוריק. דאָס ליד האָט ער אריינגעשיקט פון דער ישיבה, פון דער מירער ישיבה, ער איז נאָך דאָרט אויך היינט אַ תלמיד, כאָטש ער איז שוין אַלט 24 יאָר.

דאס איז שוין אביסל א מערקווירדיקייט.

ער לייענט אַ ליד פון אויסנווייניק. עס איז נאָר גענוג געווען צו דערהערן איין שורה — ווי אזוי גאָט שיקט צו אים זיינע בריוועלעך — די ווייסע טעג — אז מען זאָל דעם שאַך אָפּרוקן אין אַ זייט. איך בעט אים לייענען נאָך לידער. אַ פּארכליגיעטער, בארוישטער, לייענט ער פון אויסנווייניק איין ליד נאָכן צווייטן, זיי פּאַנגען גליך פון אָרט. אָן אייגענער און נייער טאָן. עכטע דיכטונג, קורצע שורהלעך מיט וואונ־דערלעכע מעטאַפאָרן. דער ישיבה־בחור קען און האָט ליב די נאַטור, זי איז ביי אים ווי אַן עמאַנאַציע פון גאָט־באשאף, און די נאַטור ביי אים און גאָט זיינען גרויס — ווייל זיי זיינען דיכטונג.

זיין נאָמען קלינגט שוין איצט נישט אזוי פרעמדלעך און פאַרבלאָז, מען קען אים שוין איבערחזרן סקאַנדירט:
חיים סעמיאַטיצקי.

איך בין גלייך נאָכדעם צו צו די חברים־דיכטער אין פאַראיין, געהאט צו זיי טענות, הלמאי זיי האבן אים נאָך ביז איצט נישט אויסגעהערט, ער דרייט זיך דאָך שוין ארום דאָ 2—3 וואָכן. ווייזט זיך ארויס, אז א טייל האָבן אים שוין יאָ אויסגעהערט, אדרבא, עס איז זיי געפעלן געוואָרן, אָן אינטערעסאַנטער דיכטער, אָבער — מה רעש?

איך בין אויף צומאָרגנס אוועק פאַרשמייעט צו עטלעכע רעדאַקטאָרן, געוויזן זיי זיינע שאַפונגען און אין דער זעלבער וואָך איז אין דער ליטעראַטור־ביילאַגע ביים „היינט" פאַר־עפנטלעכט געוואָרן זיין ערשט ליד.

דאָס האָט געמוזט זיין אוודאי אין יאָר 1934.

שפּעטער איז שוין אַלץ אוועק ווי איבער א געפּלאַס־טערטן שאָסיי. דער קליינער און מאָגערער חיים סעמיאַטיצקי, אין אָפּגעטראָגענע מלבושים, פאַרוואָרלאָזטן אויסזען, מיט א פאַרלעגערט פּנים, וואָס האָט קיינמאָל נישט אויסגעזען פריש צו זיין, מיט אַ טריפנדיק אויג — האָט געהאט אין זיך אַזאַ עקשנות און אויסדויער — אז דאָס מויל און דער קין ביי אים האָבן באַקומען דעם אויסזען פון אַ פויסט. מען האָט אים אָנגעהויבן דרוקן אין אַלע ליטעראַרישע זשורנאַלן, מען איז געוואָרן אויפמערקזאַם אויף זיין טאַלענט און ער איז געוואָרן אוועקגעשטעלט אין דער פאָדערשטער שורה פון דער יונגער יידישער דיכטונג אין פּוילן.

נאָך דעם וואונדער־געשעעניש איציק מאַנגער איז מפור־

סם געוואָרן חיים גראַדע און גלייך נעבן אים — חיים סעמיאַ־טיצקי. כאָטש אין דער זעלבער צייט זיינען אויפגעגאנגען אַזעלכע אָריגינעלע און קרעפטיקע טאַלענטן ווי יחיאל לערער, משה שימעל, א. סוצקעווער, אלחנן וואָגלער, רייזל זשיכלינ־סקי, בער שנאַפּער און עמיאָט — האט סעמיאַטיצקי פאר־נומען אַן אָנגעזעען אָרט און שנעלער ווי אַנדערע, שיער נישט סענסאַציאָנעל, געקראָגן זיין אויבאַן־שטענדער אין דער יונגער דיכטונג אין פוילן.

עס זיינען דערשינען זיינע 2 ביכלעך לידער „אויסגע־שטרעקטע הענט" און „טראָפּנס טוי".

חיים סעמיאַטיצקי הערט דערביי נישט אויף צו זיין דער פרומער ייד, מאמין, הערט נישט אויף אריינקוקן אין א גמרא, אין א ספר, האָט הנאה פון זיין בקיאות אין לערנען (האָט ער דאָך געשמט פאר אַן עילוי), איז אָבער שוין גענוג אויס־געקאָכט אין די ענינים נישט נאָר פון ליטעראַטור, נאָר אויך פון ליטעראַטור־פּאָליטיק. ער קען שוין אַלע וועגן און היננ־טער־וועגן.

עס איז דאס יאר 1939—1940. ער איז אין ביליסטאָק, אַנטלאָפן פון ווארשע צוגלייך מיט אנדערע שרייבער. שוין אַן אנדערע פּאָליטישע און, מממילא, אויך ליטערארישע אַטמאָספער דאָ. סעמיאַטיצקי דרייט זיך שוין ווידער ארום אַ זייטיקער. ער כאַפּט זיך אָפּט אַראָפּ צו זיין מאמען אין קליינעם שטעטעלע טיקטין, וואס איז עטלעכע קילאָמעטער פון ביאליסטאָק. איצט זעט שוין זיין גאנץ פּנים אויס ווי א פויסט — מען דאַרף זיך גרייטן אויף אויסדויער. און עס טריפט שוין ביי אים אויך דאָס צווייטע אויג.

דער רעליגיעזער דיכטער עמיאָט האָט זיך שנעל גע־ביטן. אויב די דייטשן האָבן אין אָסטראָוו אומגעבראַכט זיין גוטע, פרומע און הייליקע מאַמע, איז — לית דין ולית דיין! גאָלט ער אָפּ די באָרד, געמט עסן בפרהסיא טרפות און שרייבט אַן ארטיקל קעגן שבת. די היימישע חברים־שרייבער פילן דערין א געשמאַקלאָזיקייט. האָט מען דאָך די עטלעכע רעליגיעזע דיכטער נישט נאָר געשעצט, נישט נאָר אויפ־געטראָגן זיך צו זיי מיט דרך־ארץ — נאָר אפילו געווען ווי צופרידן דערמיט, וואָס א טאלענטירטער דיכטער און איב־טעליגענטער מענטש טראָגט זיך מיט העכערער אמונה, שטייט ביי קעגן די טאָג־נסיונות און דערהויבט זיך דורך דעם און לייטערט זיך. זאָל מען אליין נישט זיין קיין מאמין, אָבער מען וויל האָבן מיט וועמען זיך צו אַמפּערן איבער אמונה־פראַגן און מען וויל דווקא, אז יענער זאָל נישט נאָכ־געבן. געשעט דאָס ביי אזעלכן אויף א נאָרמאַלן וועג, ווי ביי מוני נאדלער, דעם מחבר פון דער בעש״ט־סימפאָניע, וועלכער איז אין נאָרמאַלע צייטן אוועק פון זיין דרך און געוואָרן א קעמפערישער אַטעאיסט און רעוואָלוציאָנער — איז אדרבא, רופט עס נישט ארויס קיין ווידערווילן. אָבער נישט ווען עס געשעט ביי דעם ערשטן נסיון — און מען דאַרף אָננעמען, אז נישט דאָס איז געווען די הויפּט־סיבה — נאָר גיכער דערפאר, ווייל עס איז געווען אזוי באַקוועמער פאַרן לעבן, פאר טאָגטעגלעכן וואויל — דאַן גרילצט אַזאַ אקט, ווייל מען באקומט דעמאלט דעם איינדרוק, אז יענער האט עס קיינמאָל נישט גענומען ערנסט, איז געווען פאר־מאסקירט, האָט זיך אָפּגענאַרט.

אבער פאר חיים סעמיאטיצקין איז עמיאַטס אפקערן זיך פון זיין פריערדיקן לעבנס־דרך נישט געווען בלויז א זאַך פון וויל־געשמאַק, ביי אים האט דאס געהייסן בגידה! — און ער איז געווארן דערפון אויפגעציטערט. ער האט אויפגעהערט מיט אים צו רעדן, אבער דאך איינמאל אוועקגעלאפן אים מיטטיילן די ידיעה — אַז אויפן אָרט פון עמיאטן איז אריין א צווייטער, אויך א יידישער שרייבער, און ווי געווינלעך אַן אטעאיסט און ראדיקאל, אז די טעג איז יענער ארויף אויף עמיאטס אמאליקן דרך. עמיאט איז ביים דערהערן די ידיעה בלייך געווארן און חיים סעמיאטיצקי צעפלאמט־רויט געווארן — פון פרייד.

אויף דעם אָרט קומט אַן איבערייס, מען דאַרף זיך אפשטעלן, איבערכאפן דעם אטעם, אויסשטרעקן די הענט צו די הויכקייטן און זאגן:

— פארבארגן זענען דיינע וועגן, רעגירער!

ווען מאַזעס מאזער, דער יידישער רעפארמאטאר און געלערנטער, לעקטאר אינעם יידישן קולטור־פאריין אין דייטשלאנד, האט זיך פלוצים געשמדט — האט היינריך היינע דעמאָלט אויסגערופן:

— פע! א חרפה! א קאפיטאַן פארלאזט דער לעצטער א זינקנדיקע שיף!

און היינריך היינע האט אויך נישט לאנג געוואַרט, בסך־הכל א יאר־צוויי און זיך אויך געשמדט!

חיים סעמיאטיצקי האט נישט געוואלט ווערן אפגעשוואכט ליטעראריש, האט נישט געוואלט לאזן דערשטיקן זיין געזאנג, געקומען און געמאנט זיין ליטעראריש רעכט.

און מיט אזא פארביסנקייט און עקשנות, אז זיין מויל האט זיך געגומען פארדארבן מיט אנרעדן שלעכט אויף דיינע באענטע, שרייבער, און זיך אפילו נישט אפשטעלן פון ברענגען קאלעגן אין א לעבנס־סכנה.

ווען עס האט אויסגעבראכן די דייטש־סאוויעטישע מלחמה, איז סעמיאטיצקי געווען אין ווילנע און גלייך אריינגעפאלן אין געטא.

דער מחבר פון די „אויסגעשטרעקטע הענט" האט געזואלט לעבן פאר יעדן פרייז. ער האט חתונה געהאט פאר אן עלטערער רייכער פרוי און גענומען מסחרן אין געטא. זיין מוזע איז אנטשוויגן געווארן. האט ער אמאל צוגעשיקט א געדיכט א. נ. „ליד, גאלד און דאלארן" צו דער זשורי פון א ליטעראַרישן קאנקורס אין געטא, איז זיין ליד געווארן אפגעווארפן.

ער האט זיך געכעסט. דער טויט האט געלאקערט יעדע מינוט און חיים סעמיאטיצקי האט, ווי זיין חבר עמיאט, — רעוואלטירט. געווארן א כופר און בפרהסיא מחלל השם געווען.

ביי דער לעצטער אקציע אין געטא האט ער זיך אויסבאהאלטן דריי טעג אין קוימען. וואס האט ער דעמאלט געטראכט און איבערגעלעבט ?

קורץ נאכדעם, ווען ער צוזאמען מיט אלע יידן פון געטא זענען געצווונגענערהייט בייגעווען דערביי ווי די דייטשן האבן אויפגעהאנגען א מאמע, טאטע און זייער קינד צוליב אויסבאהאלטן זיך אויף דער ארישער זייט — איז ער געשטאנען דערביי א בלייכער, א צעטרייסלטער, געזוכט דאָס

זין און סוד פון לעבן און טויט. אבער באלד נאך דעם אויפ־הענגען די דריי, האבן די דייטשן פארכאפט די ערשטע 50 יידן. צווישן זיי איז אויך געווען חיים סעמיאטיצקי. מען האט זיי אוועקגעפירט אויף פאָנאר און דארט דערשאסן.

*

זיי מוחל, חבר חיים סעמיאטיצקי, דו באַגאַבטער און סובטילער פּאָעט, וואס דער הספד וועגן דיר איז באפייכט געווארן מיט טראפנס טוי פון פארשוועכונג. נישט איך און נישט דו זענען אוודאי אין דעם שולדיק. דו האסט אוודאי געוואלט, אז גאטס בריוועלעך — די ווייסע טעג — זאלן בלייבן ריינע און נישט־באפלעקטע, נאר צי געשעט דען שטענדיק אלץ לויט אונדזער אייגענעם ווילן?...

שטאקהאלם, 1946.

# אברהם פטאשקין

א דיכטער, וואס איז נישט געקושט געווארן מיט א פול מויל פון דער מוזע, האט ער שווער געקלעטערט אויף די דיכטונג־שטיגן און נישט דערגרייכט צו דעם שטאפל, וואס הייסט — פולע אנערקענונג.

ער האט א סך געלייענט וועגן פאעטיק. טעארעטיש איז ער געווען באוואפנט מיט דעם סוד פון איר טעכניק. געקענט מאלעריי, געפילט און פארשטאנען מוזיק, דער געדאנק האט זיך ביי אים אפט געפּארט מיט קלאנג — נאר דאס געבורט פונעם ליד איז נישט אלעמאל ארויס געראטן, צעקוועטשט געווארןביים פאלן אויף דער וועלט.

יענע פאעטן, וואס באקומען זייער טאלאנט־חתימה און אנערקענונג־הסכמה גלייך ביי זייערע ערשטע טריט, זענען צעבאלעוועט, צעפיעשטשעט און צומאל אויך א ביסעלע פוסט. דער לייכטער דערפאלג גלעט אויס זייער דיכטערישן וויי. נייטיקן זיך נישט אזעלכע דיכטער אין צער און וויי, וואס זענען די נשמה פון שאפונג. און חשודיק איז זייער איבערגעטריבענע ליבע צו נאטור, צו דער קלענסטער פלאנץ, דעם ערב בין־השמשות, דעם זוים מיט וועלכן די זון באַזוימט מיט רויט דעם הימל פארנאכט — און ווי ווייניק זיי האבן ליב דעם מענטש ממש!

א. פטאשקין האט געטרונקען פולע בעכערס מיט ווײ פאר יעדער געשאפענער שורה זײנער און ער האט ליב געהאט דעם מענטש און זײנע לײדן.

ער איז פארצערט געווארן פון צער און עס האט בײ אים אויסגעגעסן א ליטעראטור־אולקוס. דערנאך איז עס אריבער אין גוף און זיך באהאפטן מיט זײן מאגן־אולקוס.

האט א טרוקענע בלײכקײט אויסגעגעסן די ראזע פארב פון זײן פנים. האט א ווײטיק־שמײכל אומאויפהערלעך זיך געצונדן און געלאשן אין זײנע אויגן, וואס זענען געווען פארשטעלט מיט דיקע ברילן־גלעזלעך.

האט ער זיך נאך געטרײסט מיט סאציאליזם, געטרוימט ציוניזם. געשריבן וועגן מאלערײ און נישט מיד געווארן צו שרײבן, דרוקן און ארויסגעבן זײנע לידער, לאזן זײ אויך איבערזעצן אויף פויליש.

ער האט געגלײבט, אז עס וועט נאך קומען פאר אים דער טאג, ווען אלע וועלן דערקענען און אנערקענען זײן דיכטערישן טאלאנט, פונקט ווי ער האט געגלײבט, אז עס וועט נאך קומען דער טאג פון כולו גערעכטיקײט. אז דאס גרויסע רוסלאנד וועט זײן די פירערין אויף דעם וועג פון יושר, פרײהײט און מענטשלעכער שלימות.

ער האט צום מײנסטן ליב געהאט די רוסישע ליטעראטור, דאס רוסישע בענקשאפט־געזאנג, די רוסישע מסירת־נפש פאר באפרײען און הײליקן דעם מענטש.

וועל איך ציטירן נאר אײן צוואנציק־שורהדיק ליד זײנס, געדרוקט אין דער „ארבעטער־צײטונג“, יאר 1939 אין ווארשע.

## אונטער די שטיגן

מיר האבן מורא,
מיר זענען געבונדן.
די נאכט איז א זונה,
דער טאג איז מיט ווונדן. —

ווערמען פארטרויען?
צו וועמען זיך קערן?
אפשר וועלן העלפן
די פראסטיקע שטערן?

אונדזער ברויט איז מיט גאַל,
דער וועג פול מיט בעטלער;
בלוט אויף די שפורן
פון שיכורן וועט-לויף.

אומזיסט איז די טענה,
דער וועג איז צעבראכן.
נאָר אונטער די שטיגן
ברענט א בטחון —

די לייכטנדיקע שטערן.
דער קנעכט וועט דערהערן —
עס וועלן אונדז בענטשן
די גבורה וועט קומען,

פּטאַשקינען האָב איך געקענט נישט נאָר פון זעען זיך מיט אים אין ליטעראַטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13 אין וואַרשע. כ'בין געווען אויך זיינס אַ פריינד, געקענט זיין שוועסטער, געקענט אויך אַ סך זיינע לידער.

ער האָט גוט געקענט רוסיש. געאַרבעט אין ביאַליסטאָק ווי אַ בוכהאַלטער. ביים באַגעגענען זיך האָט ער ציטירט פּושקינס לידער, געוויזן מיט דער האַנט אויף די הענגענדיקע, פלאַטערנדיקע רויטע פענער. און די בלייכקייט פון זיין פּנים האָט זיך געראָזט. דער ווייטיק־שמייכל אין זיינע אויגן איז שוין געווען פאַרביטן אויף קינדערשן פריידן־שמייכל, וואָס האָט זיך בלויז געצונדן און נישט מער געלאָשן.

אָבער דאָס איז געווען נאָר אין די ערשטע חדשים אין ביאַליסטאָק, ווען מ'האָט נאָר געקענט בלויז דאָס געזאַנג פון די רויטאַרמייער און די גוטמוטיקע רוסישע פּנימער.

געזען האָבן מיר זיך צום לעצטן מאָל יוני, 1940. סוף יוני איז ער פאַרשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלעמען.

שוין נאָך דער אַמנעסטיע, יאָר 1942, בין איך געוואָר געוואָרן ,אַז ער געפינט זיך נאָך אַלץ אויף צפון, אין קאָמי, אין דער שטאָט סיקטיווקאַר. ער איז באַפרייט געוואָרן פון לאַגער, אָבער נישט געפאָרן אויף דרום, קיין אַזיע. דאָרטן אין קאָמי איז אויך פאַרבליבן לעאָ פינקלשטיין. פּטאַשקין האָט באַקומען אַרבעט אין באָד און לעאָ פינקלשטיין אַלס בוכהאַלטער אין אַ סטאָלאַווקע. מ'האָט זיי, ווי דעם רוב באַ־פרייטע פון פּוילן, פאַרבאָטן אַרויסצופאָרן פון קאָמי.

פון סאַמאַרקאַנד האָב איך זיך מיט זיי בסדר איבער־

געשריבן. ס׳רוב האט מען די בריוו נישט אונטערגעצייכנט מיט די ריכטיקע נעמען, נאר מיט די פארשידנסטע פסעוודאָ־נימען, ווי קלאגמאן, ווײמאן, בראַכמאן — אבער אמאל אויך — האפמאן, טרייסטמאן.

יעדער איינער פון אונדז האט באדארפט טרייסט, נאר צום מערסטן האט עס באדארפט פטאשקין. זיינע בריוו זענען געווען פולע מעסטלעך מרה־שחורה, פארצווייפלונג.

ער האט געקרענקט אויף פעלאַגרע, געהונגערט, געאייג־זאמט. נישט זעלטן פלעגט ער ארײנלייגן אין בריוו אויך א ליד זיינס. ער האט איצט געזונגען וועגן פייגל, וואס פליען צום לאנד פון די בלויע הימלען און ראָזע פארטאגן. ער האט די ווערטער „בלויע הימלען", „ראָזע פארטאגן" עטלעכע מאָל געווידערט, איבערגעחזרט, געוואלט אז איך זאל פארשטיין, אז דאס מיינט ער ארץ־ישראל.

בכלל האט מען די בריוו געשריבן מיט א סך אנצו־הערענישן, אנדייטונגען, פארשטעלט.

א לענגערע צייט האב איך אים נישט געענטפערט. די לידער זיינע זענען מיר נישט איבעריק געפעלן געווארן. לויבן האב איך זיי נישט געקענט, זאגן א נעגאטיווע מיי־נונג האט זיך נישט געוואלט — האב איך אויפגעהאלטן מיט אפענטפערן. מיין געוויסן האט מיר אפילו דערקוטשעט — אַן איינזאמען, צעבראכענעם מענטש נישט אפענטפערן גיך מיט א בריוו — איז א חטא.

און אָט קומט אָן די ידיעה:

„אברהם פטאשקין האט זיך אויפגעהאנגען אין באד וווּ ער האט געארבעט“.

די שוידער־ידיעה האט מיר מיטגעטיילט לעאָ פינקל־שטיין. אין עטלעכע וואכן ארום איז קיין סאמארקאנד גע־קומען א פּרוי פון סיקטיווקאר און מיר איבערגעגעבן דעם אינהאלט פון זיין צוואה. מינדלעך — ווייל די געשריבענע האט מען איר אויף דער לאנגער רייזע ארויסגעגנבעט צו־זאמען מיט נאך אנדערע דאקומענטן.

„איך זאל נישט פאראיבל האבן אויף זיין שוואכקייט. ער האט לענגער נישט געקאנט. פאר אים וועט דער טויט באַר זיין א דערלייזונג. אויב איך וועל דערלעבן און אמאל זען ווּעמען פון זיין משפחה, זאל איך ארומנעמען און קושן אין זיין נאמען. די לעבנגעבליבענע פריינט און חברים זאלן געדענקען אין אים“.

איז כדאי איצט נאכאמאל ציטירן עטלעכע פון יענע שורות ערב דער חורבן־ און אנטוישונג־עפּאָכע פון יאר 1939:

„מיר האבן מורא,
מיר זענען געבונדן,
די נאכט איז א זונה,
דער טאג איז מיט ווונדן. —

ווּעמען פארטרויען?
צו ווּעמען זיך קערן?
אפשר וועלן העלפן
די פראסטיקע שטערן?“

**איך באַדויער וואָס ביי מיין שפּעטערדיקן אַרעסט האָט מען מיר צוגענומען אויך פּטאַשקינס לידער וועגן בלויען לאַנד. איך וואָלט זיי, לפּחות, איבערגעשיקט אין דעם מוזיי פון זיין געטרוימטן, בלויען לאַנד.**

פּאַריז, 1950.

# יידן מיט בערד

(רעפלעקסן)

אלע אונדזערע זיידעס זענען געווען יידן מיט בערד. כמעט אלע אונדזערע טאטעס זענען געווען יידן מיט בערד.

— טאטעשי, וואס איז אזוינס א זיידע? — האט א קליין יינגעלע געפרעגט ביי זיין טאַטן, א יידישן שרייבער.

— א זיידע, דאס איז א ייד מיט א לאנגער גרויער באָרד — האט דער טאטע אין א פארלעגנהייט געענטפערט.

— אויב אזוי — האט דאס יינגעלע צוריקגעענטפערט — זענען דאָך נישטא קיין זיידעס!

אין פאריז, אין דער געגנט פון מאנמארטר, געפינען זיך ניט־נאָר דער קאבארעט „פאָלי בערזשע", א קלוב פון פעדעראסטן און א נאכט־לאקאל אויפן נאמען פון חוה („עוואַ"), נאר, להבדיל, אויך עטלעכע יידישע שולעכלעך.

אין א פאַרעגנטן, פראָסטן מיטוואך פארנאכט, כאפט מען זיך אריין אין אזא זייטיק שולעכל, וואס איז אין א ווינקל פון א גרויסן הויף. זעט מען דארטן:

אנדערטהאלבן מנינים יידן, עלטערע און יונגע, ס'רוב קדיש־זאגער, אייניקע האבן גראד הייגט יארצייט. אויפן

עמוד ברענען זעקס שמאלע עלעקטרישע ליכט און צוויי חלב־ליכט.

די עלטערע יידן זענען אין קאפעליושן, עטלעכע אין גראנאטע פראנצויזישע בערעטן. איינער א באלמעלאכע, וואס איז אוודאי איצט אוועק פון שניידער־ווערקשטעל, האט געוואלט נאך באוויזן צו קדיש, קיין היטל האט ער ניט, טראגט ער צוגעדעקט דעם קאפ מיט א בלוי נאז־פאטשיי־לעכל. א יונג בחורל טראגט א געבלימלט, פאצעטיש־סטו־דענטיש בערעטל.

ווען זיי זאגן הויך קדיש הערט מען ווער פון זיי עס איז היימיש מיט דער עברי און ווער עס שלעפט קוים דאס ביסל עברי ווי א צעבראכענעם וואגן אין א טיפן זאמד. דער עלעגאנטער, ווי לויט א זשורנאל געקליידעטער יונגערמאן, מיט דעם פאסיקל שווארצע קרעפ אויף דער קלאפע — אן אבל־צייכן, דער זאגט ארויס די קדיש־ווערטער אזוי פאר־מעלעך און פארזיכטיק, ווי דאס וואלטן זיין שפיציקע שטיינער, איבער וועלכע ער האט מורא זיך צו איילן, ווייל ער וועט געשטרויכלט ווערן. אבער ער זאגט דאס מיט הארץ, מיט װארעמער, ציטערדיקער שטים. ווען אנדערע האבן שוין געענדיקט, האלט ער נאך ווייט פארן מיטן, דערפאר אבער באוויזן די מתפללים אים נאכצוזאגן די אמנ׳ס און יהא שמיה רבא.

אלע מתפללים זענען גלוחים, אן א חתימת בארד, יעדן טאג פארשניידן זיי די שפראצנדיקע האר־ווארצלען פון זייע־רע פנימער, טייל — ווי זיי וואלטן זיך איצט פריש גע־

גאלט, אָט־אקארשט פארן דאווענען, די הויט איז נאך בלוי־לעך־אָפּגעשאבן.

א מיטלוווקסיקער יונגערמאן אין שווארצע הארן־ברילן, א יארצייט־אבל, זיצט אין א זייט ביים טיש, זאגט פון אַן אפענעם משניות. פון זיינע מסחרדיק־פאריאגטע גלות־אויגן פלעמלט נאך אביסל למדנות, גירסא דינקותא, ער שאקלט זיך און לערנט. יעדעס מאל כאפט ער זיך נאענט צו דער גאמבע, וויל א גלעט טון, מעשה לערנער, די בארד, וויל תופס זיין א מחשבה, אבער קיין בארד האט ער ניט און די האנט בלייבט אין דער לופטן א ליידיקע.

אויף א שטענדערל, אין א ווינקל, ליגן סידורימלעך, דיניטשקע, קיצורים, אין שווארץ־גלאנציקע טעוועלעך, אלע פון איין אויסזען, כמעט ווי נייע. ווער פון די מתפללים נעמט א סידורל, נאכן דאווענען לייגט ער עס צוריק אוועק ווי א זאך, וואס ער וועט שוין אזוי שנעל ניט באדארפן.

אין שולעכל איז וואכעדיק האלב־טונקל־האלב־ליכטיק, די נעץ פון דרויסן קריכט דורך די ווענט און נעצט און פאראומעטיקט דאס געמיט פון די גרויע דאווענער.

אבער חוץ די אלע דא — זיצט נעבן ארון קודש אַן אלטער ייד, א זיידע, א זקן מיט א פארונדיקטער ווייס־גרויער בארד, וואס וויל דווקא גרייכן ביז צום גארטל. ער איז א סופר. ער איז אצינד בודק צוויי ספרי תורה׳ס וואס ליגן דא פאר אים אויפן טיש. איין ספר תורה ליגט שוין אויסגעטון פונם סאמעטענעם מענטעלע, ער וויקלט אויך אָפּ דאס סאמעטענע גארטעלע. די ספר תורה איז געל ווי

א גוסס׳ אבער די ליכטיקע אויגן פונעם זקן וואַרעמען דעם געלן פאַרמעט און די מאַטע אותיות.

די דאווענער קוקן אין זיין זייט מיט שולדיקייט און פאַרערונג, ווי ער וואלט זיין פאר זיי דער איינציקער זכות. זיי זענען ברעקלעך פון א קייט דורות, זיי זענען קוים פיצלעך פארזשאווערטע רינגען — אבער ער, דער זקן — ער איז גאנץ. ער קייטלט ווייטער דעם רינג פון יענע הונ־דערטער פארגאנגענע דורות, פון יענע טויזנטער אין דער געשיכטע ארייננערונענע יארן, ער איז דאס בלוט אינם גוף פון דעם אלטן פאלק — ער גייט געפארט מיט דער אייביקייט! ער איז נאך דער גאנצער, פולער יורש — אבער צי וועט ער נאך האבן יורשים נאך זיך?

עס שמייכלען שוין איצט לייטזעליק די יידן־גילוחים, טרינקען אן זייערע אויגן מיט דעם ליכט פונם זקן, וואס זיצט א געבויגענער איבער דער ספר תורה.

דער סופר שטעלט זיך ראַש אויף פון זיין ארט. ערשט איצט זעט מען אז ער איז הויך, ברייט. אבער סיי זיין הויך און סיי זיין ברייט ציט ער עניוותדיק איין. ער שטרעקט אויס זיין ווייזפינגער צו די ארומיקע און רופט אויס:

— יידן, איך האב געפונען, די ספר תורה איז פסול! ווער ווייסט, יידן, ווי לאנג זי ליגט שוין אזוי א פסולע!

האט זיך אין דער רגע אויסגעדוכטן, אז ווען דער סופר זאל איצט ניט האבן אויסגעפונען דעם פסול, וואלט חלילה גאנץ פאריז איינגעפאלן.

אויף זיין געל־געקארבטן האלז, אויף זיינע קנייטשן־בייטלעך הינטער די אויגן נעצט טויאיק א שוויס. ער האט

צער צוליב דער פסולער ספר תורה און פרייד — וואס ער האט אויסגעפונען. ער וועט די האלב און פערטל־אויסגע־מעקטע אותיות מתקן זיין.

האבן צער און פרייד זיך געראנגלט, לסוף זיך ארומגע־האלדזט. אפילו אין זיינע אויגן־אפלען איז עס געווען צו באַ־מערקן. האט ער אַ פארנעם געטון די בארד מיט ביידע הענט, עס וועט אים לייכטער זיין צו זאגן דאס וואס ער וויל, אבער ס'האט זיך מער ניט ארויסבאקומען ווי:

— איי, איי, יידן!

און זיך צוריק אוועקגעזעצט.

*

עס איז שוין נאכט, נאך מעריב. האט ער צוריק פאר־וויקלט די תורה, אויפגעמישט א ספר און אריינגעקוקט. זיך צעוויגט מיט א ניגון. די מתפללים צעגייען זיך שוין. פארן אוועקגיין כאפט מען נאך א בליק אויף דעם אלטיטשקן, מ'וויל מיט זיך מיטנעמען א פאַדים ניגון, מיטנעמען א באגלייטער אין דער פרעמדער גאס אריין און וואכעדיקער שטוב אריין.

אַן איינגעקארטשעטער אלטיטשקער אין א גראַנאט בע־רעטל, מיט דין־פארשווירענע גרויע וואנסעלעך, ווי א פתח אונטער דער נאז, טריטלט פארכטיק און פאמעלעך צו דעם סופר. ער בייגט זיך פאר אים איין, קוקט אים אָן מיט וווּנטשנ־דיקע און בעטנדיקע אויגן, בייגט זיך צו צו יענעמס אויער און שעפטשעט אפגעקרישלטע רייד:

— איינער אליין. בין שוין אריבער די פינפאונזיבעציק, קראנק, מיט וואס גיי איך אוועק פון דער וועלט? וואס וועט נאך מיר בלייבן? ווער און וואס וועט מיר נאכגיין?

דער סופר קנייפּט די באָרד, מיט איין האַנט פאַרשטעלט ער דאָס ספר, די צווייטע לייגט ער אויפן אַלטיטשקנס אַקסל:

— געדאַוונט האָט איר דאָך תמיד, צאַע?

— ניין, קוים די לעצטע אַכט יאָר. יאָ, און יונגלוויַיז געדאַוונט אַ וואָסערע אַכט־ניַין יאָר, מער ניט, מער ניט.

שליסט דער סופר די אויגן, קניַיטשט זיי אַריַין וואָס טיפער איַינעווייניק, לענט אָן דעם קאָפּ אויפן ספר, בייגט אָן דאָס אויער צו די ספר־בלעטער, ווי עפּעס אַרויסצוהערן פון דאָרטן, באַלד גלייכט ער זיך צוריק אויס און זאָגט מיט שמחה:

— דריי מאָל אין טאָג געדאַוונט, אַ וואָסערע זעכצן־זיבעצן יאָר, האָט איר שוין ביז אַצינד אָנגעזאַמלט אַ קיימאַ לן פון וואָסערע זיבעצן־אַכצן־טויזנט שמונה עשרה׳ס! ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר וועט איר אָפּשפּאָרן נאָך אַ שיינע פּאָר טויזנט שמונה עשרה׳ס — זיי וועלן זיַין אייערע באַגלייטער, אייערע מלווים און אייערע קדישים. ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

ביים אַלטיטשקן האָט זיך פאַרוקט די אונטערשטע ליפּ צווישן די ציין און אַ פאַרקלעמטע האָט זי זיך געטרייסלט.

איך בין מיט אַרויסגעגאַנגען מיט דעם אַלטיטשקן אין דרויסן. דער ניגון פון דעם סופר׳ס לערנען האָט אונדז נאָכ־באַגלייט. דער אַלטיטשקער האָט דריבניטשקע געטריטלט, אַלעמאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק צו דער שול, ווי ער וואָלט שוין געזען אים נאָכבאַגלייטן די שמונה עשרה׳ס.

*

ווען איך בין שוין אַריַין אין אַ צווייטער גאַס, האָט דער ניגון פונם סופר זיך פאַרייניקט אין מיינע אויערן מיט אַ ניגון

פון א זקן, וואס איך האב געהערט העכער מיט א יאר צוריק, אין א בית מדרש אין טשיקאגא, אין א שבת נאכמיטאג.

פיר הונדערט טויזנט יידן וווינען אין טשיקאַגאָ. אין יידישן קוואַרטאל, אין א בית מדרש וווהין ס'איז געווען אראפצוגיין פון גאַס אן אכט־צען שטיגעלעך, איז דארט א שבת נאכמיטאג געזעסן א זקן, פון באקאנטן הדרת־פנים־טיפ, מיט א גליי־כער, לאנגער, פירקאנטיקער בארד, נאך דורכגעמישט מיט א ביסל עקשנותדיק־שווארצע האר. ער האט זיך געוויגט איי־בער א ספר און געלערנט מיט א ניגון. איינער פון יענע באַ־קאנטע ניגונים, וואס פּראַלן גלייך און לייכט אריין אין אונדזער נשמה. איך האב נאר געזעען איינעם אזא ייד־לערנער אין טשיקאגא. איצט הער איך דאָ, אין א פראסטן מיטוואך, דעם זעלבן ניגון פון א הויפל אויפן פאריזער מאנמארטר.

גיי איך און עס טראכט זיך:

— וואס וועט זיין אז עס וועלן זיך, חלילה, אויסלאזן ביי אונדז די יידן מיט די בערד? ווער וועט ווייטער אנהאלטן דעם ניגון? ווער וועט אונדז פארקייטלען מיט דער אייבי־קייט? ווער וועט אונדז אריינרינגלען אין די הונדערטער אוועקגעגאנגענע דורות?

וואס פארא יורשים וועלן מיר זיין און וואס פארא יורשים וועלן מיר שוין האבן? אָן יארצייט־ליכט, אָן א קדיש, אָן א ניגון, אָן טראדיציע, אפילו אן שמונה־עשרה־באגלייטער.

אין תוך פון די מחשבות קומט מיר אקעגן מיינער א באקאנטער. ווערט אַ גערייד וועגן דאזיקן ענין. אין דעם דיאלאג מישן זיך צונויף אפגעריבענע ווערטער און שניידיקע רייד, קאלטע זאגעכצער און פאראדאקסאלע, צעפלאטערטע

שלאג־ווערטער. ווילט זיך ארויסכאפן, ווי א זייטיקער, עט־לעכע אפגעריסענע און צעבראָכענע זאצן:

— מ׳דאַרף שאפן א נייעם דור יידן מיט בערד!

— אגיטירסט?

— כ׳אגיטיר נישט. מ׳קאָן נישט איינעם אגיטירן אז ער זאל ווערן מוזיקאליש, אויב ער איז נישט; אזוי קאן מען נישט אגיטירן אמונה, טראַדיציע, אייביקייטס־געפיל.

— טאָ וואס זשע? און סתם, ווו איז פראגרעס? וויסנ־שאפט?

— איינס איז נישט סותר דאס צווייטע.

— דו ווייסט, אז פארן אריינגיין אין גאזקאמער, האט אַן אלטער ייד, א שארפער חסיד, א וויז געטון צו די ארו־מיקע:

— „יידן, דארטן איז גארניט דא, לידיק, גאָררניט!!"

— דאס איז א טייערער ייד געווען, א שארפער חסיד פארבליבן. דאס זענען רייד פון א טיפן מאמין.

— ס׳איז מליצה, טעאָלאָגישע דיאלעקטיק, סתם גע־רעדט. און בכלל. אונדזער יארהונדערט איז אַן עקספרעס־צוג, אַן אטאָם־ראקעטע און דו ווילסט פארן מיט א באַלע־גאָליש וועגעלע. און חוץ אלעם, זענען די דאוועוערס, די פרומע יידן, אויך נים אזוי אינגאנצן טהור־ריין.

— איז צוליב א פלעקעלע אויפן מלבוש ווארפט מען ארויס דאס גאנצע בגד? אבער צו וואס טויגן די פארגלייכן און מליצות, מ׳דאַרף יידן מיט בערד — גאנצע יידן.

— וואס, ביזט געווארן טאקע אויף אַן אמת א מאמין?

— אָ, ליבער פריינט, צו אזאַ הויכער מדרגה בין איך

נאך,ליידער, נישט דערגאנגען. דאס איז נישט אזוי לייכט. דא דאַרף מען דערפֿליִען אדער דערקריכן אויף אלע פיר. הלוואי וואלט איך עס געקענט. איך קען אבער אויך נישט דאס פאַר־קערטע. עס איז שוין מער ניט פאר מיינע כוחות צו זיין אַן אפיקורס!

— פרץ׳ס צוריק אין שול אריין?

— אָ, ווען פרץ האט גערופן צוריק אין שול אריין, זענען דאך געווען מיליאנען יידן מיט בערד, איז געווען א יידיש אלטאיינגעזעסן לעבן, וואס איז געווען, לפחות, כולו טראדיציע, ירושה, א גאלדענער רינג אין דער קייט. — האט דעריבער דעמאלט פרץ׳ס רוף געקאנט פארבלייבן נאר א ליטעראַרישע מליצה. היינט אבער, איז עס נישט געננוג. גיב א קוק, די לעצטע יידן מיט בערד, זיי גייען אויס און נעמען מיט דעם ניגון!

— וועל איך דיך נאכאמאל און ווידעראמאל פרעגן:
און פּראגרעס?

— פראגרעס, אמתער, פראגרעסיווער פראגרעס, מיינט, לויט מיר, היטן און פלעגן די טראדיציע! טראדיציע, דאס איז סטיל, המשך פון א גאנצקייט, זיין א ווארצל פון א בוים, זיין א טייל פון דער אייביקייט. סטיללאזיקייט איז ניט פּראַ־גרעסיוו, נאר נאקעטקייט, פראגמענטאריזם, אפילו — פאַר־גרעבטקייט. איך גלייב אז עס וועט נאך קומען א צייט, ווען מ׳וועט זיך נעמען טוליען צו טראדיציע. וואס מער דער מענטש וועט פארטיפן זיין לעבן, אלץ מער וועט ער זיין גע־בונדן און צוגעווארצלט צו דער טראדיציע. די פראנצויזן, די ענגלענדער, זיי זענען ממילא, סייווי טראדיציאנעל. מאָ־ליער און שעקספּיר זענען שוין שיער־ניט געהייליקטע טראַ־

דיציע. און אין וואס ווען מיר זיך האלטן?

— אין די בערד?

— די בארד מיינט שוין א סך מער, דאס מיינט שוין שבת, שול, ליכט, יארצייט, קדיש, נאציאנאלער זכרון, אייבי־קייט.

אויף מאנמארטר איז שווער צו שמועסן. אגב יאגט זיך מיין באקאנטער, ער האט גראד א בילעט אין „פאלי בערזשע".

ער באווייזט נאך פאר מיר אויסצודריקן זיין באדויערן צוליב דעם, וואס ער האט נאך ניט אויסגעפונען קיין פארם פאר אפריכטן יארצייטן נאך זיינע עלטערן. א שאד. ווען ער וואלט געקענט ביי זיך פועלן אריינצוגיין זאגן קדיש אין א שול, שטעלן א ליכט, גיין זעען יענעם אלטן סופר, הערן זיין ניגון — אפשר וואלט דאס אביסל רעדוצירט פון זיין פראגרעסיווער אנשויאונג, וואלט ער אפשר שוין אויך גע־נומען טראכטן וועגן יידן מיט בערד. נאר סיי ווי — זאגט ער שוין געזעגענענדיק זיך — יידן מיט בערד האט ער גלאט ליב — אן א שטאנדפונקט. סאלי! (סאלוט).

פאריז, מערץ 1950.

# אהרן ברעזינסקי

איך האב אנומלט שפאצירט מיט א פריינט אויף דער בריק איבער דער סען. פון די פאריזער גאַסן האט זיך קוים דורכגעשפארט א ווינטל און איבערן טייך האט ער ערשט זיך א רעכט ביסל צעהוליעט, מיט אימפעט אריבער איבערן בריק און אפגעקילט אונזערע צעהיצטע גופים און געמיטער.

מיר האבן געשמועסט וועגן דער קינפטיקער מלחמה: ווי אזוי שטעט אין אייראפע קאָנען די רעשט חרוב ווערן, ווי אזוי די שענסטע געביידעס, קונסט־אוצרות, מוזייען, ביבליאטעקן, קאָנען ווערן צו אַש און שטויב. מיין מיטשמועסער איז א קינסטלער און אין זיינע האסטיקע רייד כאפט ער זיך ארויס מיט א זאג:

— מילא, מיט מענטשן איז נאך ווי עס איז, וועלן געבוירן ווערן נייע מענטשן, אבער די קונסט־ווערק! די גרויסע און איינציקע קונסט־ווערק, אויב זיי וועלן צעשטערט ווערן, וועלן שוין נאך אזעלכע נישט באשאפן ווערן! על כן, דאַרף מען שוין באצייטנס טראכטן ווי אזוי צו באווארענען און באשיצן פון אומקום די קונסט־אוצרות.

מיך האט דער זאג זיינער אפגעבריט און א קניפ געטון אונטערן הארץ. היתכן? סטייטש? אונדז זענען טייער די

ווערק פון מענטשלעכן זשעני, אבער צי דארפן זיי אונדז זיין טייערער ווי דער מענטש גופא?

און די פראגע האט שוין פארהעקלט אין א שכנותדיקער פראגע:

— וויפל פשוטע בשר־ודמס זענען ווערט איין זשעני? אין א פאל ווען מען קאן ראטעווען א גרויסע פערזענלעכ־קייט פון אומקום, נאר פארן פרייז, לאמיר זאגן, פון הונדערט פשוטער וועשין? צי איז דאס בילד פונקא רייצנדיק, שמיי־צי מעג מען אזא זאך טון? צי דארף מען אזא זאך טון? צי מעג מען בכלל אזוי אריטמעטיש אויסחשבונען דעם פרייז פון א מער־וויכטיקן און מינדערוויכטיקן מענטש?

און איצט — א נאך מער הארבערע און דראסטישערע דילעמע:

— צי מעג מען ברענגען א מענטשלעכן קרבן כדי אָפּ־צוראטעווען א קונסט־ווערק? צי זענען די הענט אויפן בילד פון מאָנאַ ליזאַ („דזשיאָקאָנדא" פון לעאנארדא דא ווינטשי) מער וויכטיקער ווי די הענט פון א לעבעדיקער פרוי, א פשוטע וועשין? צי איז דאס בילד פון א רייצנדיק, שמיי־כלענדיק קינד, געמאלן פון וועלאַסקעז, מער וויכטיק ווי א רייצנדיק, צאפלענדיק און שמייכלענדיק לעבעדיק קינד?

איך האב געפירט דעם וויכוח, פריער אין מיין אייגענער מחשבה, נאכדעם שוין מיטן פריינט. מיר האבן, זעט אויס, גערעדט זייער הויך, פארטראגן, און נישט באמערקט אז נעבן אונדז שפאצירט א פרוי. זי האט זיך אנטשולדיקט און געבעטן איר דערלויבן אויך זאגן א פאר ווערטער אין דעם

ענין. זי איז מיר געווען עפעס קענטלעך און זי האט מיך גלייך דערמאנט:

— איך קען איך. כ׳האב אייך געזען 1940 אין ביאלי־סטאָק.

יאָ, דערמאנט זיך. דערווייל קניפּט זי אן אין אונדזער שמועס:

— איר רעדט שוין איצט וועגן די קונסט־ווערטן וועלכע קאָנען אומקומען אין דער קינפטיקער מלחמה, אבער צי האבן מיר שוין עפעס געטון פאר די קונסט־ווערטן וועלכע זענען אין דער לעצטער מלחמה צעשטערט געווארן? צי זענען אומגעקומענע ביכער און אומגעקומענע שרייבער גישט ראוי רעסטאווירט צו ווערן?

אָט אזוי פרעגט זי אונדז. אלזאָ, אונדזער וויכוח אינ־טערעסירט זי צוליב א קאנקרעטן ענין.

אינצווישן האב איך זיך שוין דערמאנט אויך איר נאמען און ווייס שוין גענוי אין וועלכער שטוב איך האב זי געזען. זי איז די פרוי פון דעם שרייבער אהרן ברעזינסקי.

האבן מיר זיך נאכאמאל, שוין ווארעמער, באגריסט. מיר האבן שוין ניט געפירט דעם אבסטראקטן וויכוח, נאר גע־רעדט ממשותריקע ענינים. זי האט געעפנט איר האנט־טאש און ארויסגענומען פון דארטן א ביכל. דאס זענען די גע־דרוקטע נאוועלן פון איר אומגעקומענעם מאן. עס איז, זאגט זי, אוודאי דער איינציק „לעבן״־געבליבענער עקזעמפּלאר פון איר מאנס בוך. דער מחבר איז אומגעקומען, אבער אויך זיין איינציק בוך איז אומגעקומען. איז ער פארבליבן אָן א „קדיש״.

מען דארף שוין אפשר אויך געניער דערמאנען ווער עס איז אהרן ברעזינסקי? ער האט פארעפנטלעכט א גרעסערע צאָל נאוועלן און סקיצן אין די פארשידענע צייטונגען און זשורנאלן אין פוילן און אמעריקע. אין יאר 1936 איז דער־שינען אָט דאס ביכל וואס האלט בסך הכל 110 זייטן און טראגט דעם נאמען „אונדזער חרובע היים". עס איז דערשינען אין ביאליסטאק, דארט ווו דער מחבר האט געוווינט. באמערקט די דאטע און דעם נאמען: שוין אין יאר 1936 האט זיין ביכל געטראגן דעם נאמען „אונדזער חרובע היים". משמעות, אַז מען דארף גארנישט צו זיין קיין נביא כדי פארויסצוזען יידישן חורבן.

זיין ביכל דעמאלט האט גלייך באקומען ליטערארישע סמיכות, טלאָמאַצקע 13 האט צוגעשאקלט מיטן קאָפּ: „יאָ, עס איז צוגעקומען א נייער טאלאנט". ברעזינסקי האט נישט דורכ־געמאכט די שרייבערישע קינדער־קרענק, גלייך געקומען א פארטיקער. זיין שרייבן איז לייכט און — פארטיפט. נישט אי־בערגעלאדן מיט די אלע בילדער געפלט אויף מעטאפארן — ווי עס איז דער שטייגער ביי אנפאנגער. אָן די אלע איבעריקע באשרייבערישע צויטן, נאָר קורץ, שפיזיק־דין און תוך־פול, ארומגעזוימט מיט א דינעם אומעט־פאָדעם און דורכגענאָדלט מיט א לייכטן, סאציאלן סארקאזם.

ער איז אליין געווען א שטילער מענטש און געהאט נאך א שטילערן אויסזען. דאס קלוגע שמייכעלע אויף זיינע ליפּן האט ער זיך באמיט צו פארבארגן, כדי נישט צו מאכן קיין איינדרוק פון א פארשייטן און בארימער. דאס שארפע, בלינצל־דיקע בליקל אין זיינע אויגן איז געווען פארשטעלט מיט

גרויסע, שווארצע הארן־ברילן. די ווייכע, געקרייזלטע האר אויף זיין קאָפּ זענען פּארקראכן אויף זיין למדנישן שטערן. און דאס פּנים זיינס איז געווען מיידליש־מילד, ראָזעטשקע, תמימותדיק און צנועותדיק. ער איז געווען געראָטן אין אלטער קאציזנען, ווי ער וואלט זיין דעם לעצטנס א יוגנט־קאָפּיע. אַן אויסזען פון א רבל און צער בעלי־חיים.

אזוי האב איך אים געזען אין יאר 1940 אין ביאליסטאָק.

ביז סעפּטעמבער 1939 האט ער מיטגעארבעט אין דער צייטונג „ביאליסטאקער לעבן". אין 1940, ביי די סאוויעטן, איז שוין נישט דערשינען „ביאליסטאקער לעבן" נאָר „ביא־ליסטאקער שטערן". רעדאקטאר איז שוין נישט געווען דער אלטער פּסח קאַפּלאַן, און ברעזינסקי האט שוין דארט נישט מיטגעארבעט, נאר געווארן קארעקטאר אין א ווייסרוסישער באַן־ארבעטער־צייטונג.

וועגן זיין וויטערדיקן גורל האט די פרוי שוין דערציילט ביינאכט, אין שטוב, אין א פארוואָרפן פאריזער געסל. זי ארבעט אלס דערציערין אין א קינדערהיים, היינט איז איר פריייער טאג און אוונט. זיצט זי אצינד מיטן בוך „אונזער חרובע היים" אין איין האנט און זיינס א קליינע פאָטאָ אין דער צווייטער האנט. דורכן אפענעם פענצטער שפּארט עס מיט נאכט־געדיכטקייט און בענזין־ריח. פארמאכט זי דאס פענצטער, דעם בליק אירן שפּאַרט זי אָן אין די שויבן און זי שניידט מעסערדיק שארפע פּאַסן זכרונות:

— עס איז געווען דעם ניינצנטן יוני, יאר ניינצן איין־און־פערציק, ביינאכט. עס איז אריינגעקומען א שכנטע, א

שניידערין. ביי איר האבן זיך געגייט קליידער פרויען פון ענ־
קאָוועדיסטן. זי האט מיר איינגערוימט א סוד אין אויער:
„היינט ביינאכט וועלן צושטאנדקומען גרויסע ארעסטן.
מען וועט צונעמען די נאָך־פארבליבענע געוועזענע פאברי־
קאנטן, סוחרים און אויך אזעלכע וועלכע האבן אמאל אנגע־
הערט צו פארטייען. דאס איז שוין דער פערטער טור ארעסטן,
אבער ער וועט זיין א שארפער".

אפגעזאגט דעם סוד, איז זי גיך צוריק ארויסגעלאפן.
נו, מילא, עס איז גאנץ טשעקאווע צו וויסן. א טרויעריקע
ידיעה, אבער צו מיר באציט עס זיך נישט. נישט איך בין
א פאבריקאנט, נישט קיין סוחר, און נישט אנגעהערט צו
קיין פארטיי. איך ארבעט און האב שטענדיק געארבעט. מיין
מאַן דאס זעלבע. יאָ, ער האט יא אמאל אנגעהערט צו א
פארטיי, צו די רעכטע „פועלי ציון" אבער נישט געווען פון
די אנפירער. דער עיקר איז ער דאָך געווען א שרייבער.
און גראד איז ער געווען באליבט אין די ארבעטער־קרייזן,
זיי האבן ליב געהאט לעזן זיינע דערציילונגען, עד האט ס'רוב
געשריבן אויף סאציאלע טעמעס. איך האב זיך נישט בא־
אומרואיקט. פונדעסטוועגן, אז אהרטשע איז אהיימגעקומען
פון דער ארבעט, האב איך אים דערציילט די נייע ידיעה.
אבער ביים איבערדערציילן בין איך געווארן עפעס אומ־
רואיק. איך האב אים נישט דרייסט געזאגט:

— אהרטשע, אפשר וועסטו אויף דער היינטיקער נאכט
אוועקגיין שלאפן ערגעץ אנדערשוווּ? כ'וויים וואס? טאמער?
אפשר? וואס קען עס דיך אָרן? גיי אוועק אויף היינטיקער
נאכט.

פארשטייט זיך, אז ער האט מיך נישט געהערט, זיך גע־
געלאכט. אבער אינגאנצן רואיק איז ער דאָך נישט געווען
און די נאכט שוין כמעט נישט צוגעטון קיין אויג. פינף פאר־
טאג בין איך אויפגעשטאנען, זעקס דארף איך שוין זיין ביי
דער ארבעט. איך האב זיך שטיל אנגעטון, אהרטשע האט
ערשט געהאט געכאפט דעם ערשטן שלאף. איך האב צוגע־
גרייט פאר אים עסן. און אָט דערהערט מען שווערע שטיוול־
טריט אויף די שטיגן. מען גייט! צו וועמען? די טריט
קלאפן אין קאָפּ — צו וועמען? צו וועמען? און אָט קלאפט
מען שוין אין טיר. אין אונדזער טיר.

זי רייסט איבער דערציילן, לייגט ארויף אויפן טיש זיין
ביכל און פאָטאָ, נאך איין קאנוואלסיוון שניט א פאָס זכרונות:

— מ׳האט אים ארעסטירט. ער איז אין דער מינוט עלטער
געווארן אויף צען יאר. ער האט זיינע געקרייזלטע האר כסדר
אוועקגעשארט פון שטערן, געבורטשעט: „שוין לאנג באדארפט
אפשערן די קודלעס". די ענקאוועדיסטן האבן אים נישט דער־
לויבט צו רעדן, מען האט אים אוועקגעפירט אין טורמע, מיך
מיטן קינד האט מען פארשיקט קיין קאַזאכסטאַן. דעם צווייי־
און־צוואנציקסטן יוני האבן די דייטשן שוין באמבארדירט
ביאליסטאָק, איך מיטן קינד זענען דעמאלט געווען אין א
עטאַפּן־צוג קיין קאזאכסטאן. אין א צייט ארום בין איך געוואר
געווארן, אז די סאוועטן האבן נישט באוויזן צו עוואַקואירן
ביאליסטאָק, חוץ עטלעכע וואגאנעס מיט ענקאוועדע־באאמטע
און א גרופע יידישע שרייבער, איז קיינער פון ביאליסטאָק
נישט ארויס. די טורמע־וועכטער זענען זיך צעלאָפן און גע־
לאָזן דארט פארשלאסן אלע טורמעס און ארעסט־הייזער. אויפן

דריטן טאג נאכן אריינמארשירן פון די דייטשן, האט מען אויפ־געריסן די טורמעס און די ארעסטאנטן זענען ארויס. צווישן זיי איז אויך געווען מיין מאן. דעם צוועלפטן יולי האב די דייטשן דערשאסן די חשובסטע פופציק יידן פון ביאליסטאק. צווישן זיי איז אויך געווען מיין אהרן.

און זי נעמט ווידער דאס ביכל אין האנט — „אונדזער חרובע היים". מיט דער לינקער האנט שארט זי אוועק אירע האר פון שטערן:

— א האנט פון א וועשין איז טאקע מער ווערט ווי די געמאלענע האנט פון מאנא ליזא, נאר אין דער נייער מלחמה וועלן זיי שוין ביידע אומקומען. אבער דאך וועל איך זיך נישט בארואיקן, ביז איך וועל נישט זען נאכאמאל איבערגעדרוקט דאס ביכל זיינס. דאס איז דאך א שטיק תחית־המתים פאר א שרייבער. נאט אייך דאס ביכל און לייענט נאכאמאל איבער זיינע נאוועלן. שרייבט עפעס אן וועגן דעם.

איך האב אין דער היים נאכאמאל איבערגעלייענט די 32 קורצע נאוועלן און סקיצן און טיילמאל האט זיך מיר שיער נישט אראפגעגליטשט פון די ליפן די באצייכענונג: — א קליינער טשעכאוו.

**דאס ביכל „אונדזער חרובע היים" איז ראוי און דארף איבערגעדרוקט ווערן, צוזאמען מיט נאך א סך פארשניטענע ביכער פון אונדזערע פארשניטענע שרייבער. דאס זענען נישט נאר קיין קדישים פאר די מחברים, נאר א טייל פון אונדזער קינסטלערישן, קולטור־היסטארישן אוצר.**

פאריז, 1949.

## אין אויטאבוס נומער 54

אין א פראָסטן מיטוואך אינדערפרי איז מיר אויסגעקומען צו פארן מיטן אויטאבוס נומער 54, וואס קורסירט פון תל־אביב קיין בני־ברק.

דער רוב פאסאזשירן זענען חסידישע יידן, יונגעלייט, מיט די באקאנטע הבדהלהריקע פאות, הדרתדיקע בערד, חרי־פותדיקע שטערנס און פארדבקה'טע בליקן.

א בחורל פרעגט ביי אַן עלטערן ייד וועגן עפעס א מימרא, אין וועלכער מסיכתא זי געפינט זיך. אנשטאט יענעם ענט־פערט אים אַן עלעגאנטער הער פון דער צווייטער באנק. ווען אָט דער עלטערער פאסאזשיר פארט נישט אינעם יידישן אוי־טאבוס, זענט איר אפילו נישט מחויב אים אנצונעמען פאר א ייד.

און ער ענטפערט אָפּ דעם בחורל מיט גרויס בקיאות, רופט אָן דעם דף, ברענגט עטלעכע פירושים און גיט צו אויך אַן אייגענעם פירוש. און דער טאָן זיינער איז א היימי־שער, א למדנישער, נישט מער — דאס יידישע לשון וואס ער רעדט, איז ווי ער וואלט פון די ווערטער אפגעביסן די פיטומס.

ס'ווייזט זיך ארויס, אז ער קומט אקערשט פון אמע־

ריקע, געקומען צו פליען. אפגעוועזן אין אמעריקע גאנצע 50 יאר. שטאמען שטאמט ער פון סוואלק, נעבן גראדנע.

געזאגט זיין נאמען און פון וואנען ער שטאמט, האט ער שוין נישט באדארפט ווייטער אויסרעכענען זיין יחוס. א ייד פון דער לעצטער באנק האט זיך אויפגעשטעלט, צו־געקומען צו אים, געגעבן שלום און אים שוין נישט געלאזט רעדן. האט שוין אויסגערעכנט דעם יחוס פון יענעמס זיידעס און עלטער־זיידעס, אלע תלמידי חכמים, רבנים.

דערווייל פרעגט שוין ביי אים א ייד עפעס א הארבע קשיא פון לערנען און דער אמעריקאנער גלוח מיטן גרויסן שיינעם לייבן־קאָפּ און גרוי־געפוצטע וואנסעס ווי ביי אַן אלטן פילם־אקטיאר, ענטפערט אפּ לייכט, פלינק און גרינט־לעך, ווי ער וואלט נאר וואס אוועק פון דער אפענער גמרא. ער פארמאכט א ביסל די שמייכלדיקע אויגן, ווי א שווימער, וואס דערפילט א טיף וואסער, און צעלאזט זיך מיט א ניגון, ווארפנדיק מיט איידעלער הנאה פסוקים און מאמרי חז״ל.

די פאסאזשירן שטייען אויף פון די ערטער, מאכן א געעזמל ארום דעם גאסט. יונגווארג קריכט אריבער די בענק, וויל זיין נענטער צום „שלאכטפעלד״, ווייל ס׳האט זיך שוין צעפלאקערט א שפּאַרעניש און אַן אמפערניש. די פסוקים גייען געפּאָרט מיט ניגונים און די לופט ווערט פול מיט רוחניות.

דער שאָפער נעמט פאָרן פּאַמעלעך, פאמעלעך. ער וויל אויך נהנה זיין פון דעם תורה־געראנגל.

דער אמעריקאנער האט שוין לאנג אראפגענומען זיין ניי־געפרעסטן שווערן הוט, געבליבן בלויז אין קאַפּעלע און

פארטון געווישט דעם שווייס. אין משך פונעם פערטל שעה האט זיך שוין געביטן זיין יידיש־לשון, ווי די האלבע מאה אמעריקאנער יארן וואלט ערגעץ ראפטעם נעלם געווארן — ער איז צוריק אין היימישן שטעטל, אין בית־מדרש. נאך כאפט זיך ארויס צווישן זיינע רייד אַ „אָ, יעס!". אבער ער פארשלינגט אים גיך, ווי א זויערן ביסן.

דער אויטאבוס איז שוין געפאָרן זייער פּאַמעלעך, גע־גרייט זיך אפצושטעלן. מיר זענען שוין, זעט אויס, אין בני־ברק. דער שאָפער האט א קלאפּ געטון מיט דער האנט איבערן מאָטאָר, ווי א חזן איבערן עמוד, און אויסגערופן:

— רבותי, ווייזט דעם אמעריקאנער טוריסט ווו ער האט צו גיין! און זעט אז ער זאל שוין נישט צוריקפארן, א שאד אזאַ היימישער ייד זאל זיך גוויישן אין דער פרעמד.

דער אויטאבוס האט זיך אפגעשטעלט. אלע האבן אויף־עפּעס געוואַרט. דער אמעריקאנער האט אנגעטון דעם הוט און א צעיומטובטער געזאגט:

— אָ, יעס, פּופציק יאר ווערן אמאל בטל במשך א האל־בער שעה. איך שעם זיך איצט פארן וואָרט „טוריסט" אין ישראל, נישט שיין... א דאנק אייך, יידן, דאס לאנד האט מיך געפאנגען... נישט קיין חידוש, דאס לאנד פון נצחיות. ווייל איז אייך, אונדז! ווויל איז מיר, וואס איך האב דערצו זוכה געווען.

## יאשא מיט די באקנבערד

דער אויטאבוס אויף דער ערשטער סטאציע, הינטער דער שטאט. דאָ שטייט ער רואיק; די פאסאזשירן קומען אריין רואיק, זעצן זיך. האבן הנאה פון דער געלעגנהייט־לעכער פריווילעגיע פון זיין די ערשטע. אויף די ווייטער־דיקע סטאציעס וועט מען זיך שטופן און שטויסן, צעווערט־לען, אונטערקריגן. פילן זיך דעריבער גוט אָט די ערשטע פאסאזשירן אויף דער ערשטער סטאציע, פילן זיך ווי א באזונדערע, יחסנדיקע קאַסטע אויף א האלבער שעה צייט.

עס איז אינדערפרי. די זון האט נאך ניט צעיאָכמערט די פנימער. מען זיצט אין אויטא, געשיצט פון די דירעקטע זונשטראלן. גרייפן זיי אָן די דרויסנדיקע בלעך פון אויטא, ווילן זי דורכגליען. דער שאָפער פילט עס צומיינסט. ער האט שוין היינט דורכגעמאכט עטלעכע יאזדעס אויך. גיט ער א פרייגטלעכן קרעכץ צו די פאסאזשירן:

— הייס, הא?

פאַרווילט זיך איינעם פון די פאסאזשירן אפענטפערן ניט סתם, נאר חכמה'דיק:

— אין סיביר וואלט איר זיך אפגעקילט.

גיט א יאג ארויס א היץ אויפן שאפערס פנים:

— וואָסי' שלעכט אין סיביר? איר זענט דען דארט געווען?

זיבן—אכט פאסאזשירן זענען געווען אין אויטא, אַלץ נייע עולים, און אלע, חוץ דעם איינעם תימנער, רופן זיך אָן, אומאפגערעדטערהייט, כּאָראַל:

— געווען!

אלע זענען זיי פון פוילן און גראד האבן זיי אלע דורכ־געמאכט רוסלאנד.

דער שאָפער דערפילט אנגריף אין דעם ענטפער פון די פאסאזשירן, ווי א שטיין וואלט זיך ארונטערקייקלען אונ־טער די רעדער פון זיין אויטאָ, און ער ווערט זיך תיכף אָפּ.

— וואס? אלע זענט איר פארברעכער? אייך אלעמען האט מען אין רוסלאנד פארשיקט קיין סיביר?

דער שאָפער, א רוסישער ייד׳, א זון פון רוסישע יידן געקומענע מיט דרייסיק יאר צוריק פון דארטן, קען נאָך אליין גוט רוסיש, האט ליב די דארטיקע ניגונים, דעם דאר־טיקן פייזאַזש, די זכרונות פון זיינע קינדער־יארן און מסתמא אויך יענעם רעזשים — רעדט ער וועגן רוסלאנד מיט איי־פערדיקער פארליבטשאפט. זיין נאמען איז נאך אויך א פאר־רוסישטער — יאַשאַ. און פושקינשע באקנבערד האט ער זיך פארלאזט, און אין א גוטער מינוט באנוצט ער אויך די פע־טע, רוסישע — „אין דער זונה׳שער מאַמע אריין!"

דער גיכער וויכוח וואס צעשפילט זיך צווישן די עולים וואס זענען געווען אין סיביר ווי פליטים און ארעסטאנטן, און דעם שאָפער, וועלכער געדענקט דאס לאנד פו די קינ־דער־יארן, קען דאס לאנד פון בילדער, ביכער און ניגונים

— איז ווי א צעשטורעמטער טייך קעגן א שפענדל, וואס האט א צייט לאנג זיך גערעכנט פאר א פעסטן, איינגעפונ־דעוועטן בוים.

דעם שאָפער איז איצט גארניט מער געבליבן ווי נאָר צו צעגריזשען צווישן די ציין די רוסישע „מאמע־קללה״, אָנ־טרעטן אויפן פעדאל און לאזן די מאשין, פאר דער באשטימ־טער צייט.

אויף די ווייטערדיקע סטאציעס — ווי געוויינלעך. עט־לעכע פרויען, ניט לאנג געקומענע פון טערקיי, פירן א שווער־פארחלשטע פרוי צום אויטאבוס. זיי ווילן זי פירן צו א דאקטאר אין רמת־גן. דער שאָפער יאַשאַ זאגט זיי אז אין רמת־גן שטעלט ער זיך ניט אפ, דערויף איז דא אַן אנדער נומער אויטאבוס. שרייען די קרובים פון דער פארחלשטער, אז זיי טארן ניט וואַרטן מיט דער קראנקער, זיי מוזן שוין פארן, די קראנקע גייט זיי אויס אונטער די הענט. דער שאפער וויל זיי ניט אויפנעמען. יענע רייסן זיך אריין אין אויטאָ. דער שאפער וויל ניט פארן. די טער־קישע פרויען זידלען דעם שאָפער, קרעכצן, שעלטן — אז ער איז א חיה — ניט קיין מענטש, אז ער איז אַן אויסוואורף, צוליב אים וועט אויסגיין א יונגע פרוי. דעמאלט ענטפערט יאַשא אפ:

— וואס אַרט עס מיך? וועט זי אויסגיין. וועט זיין מיט איינער ווייניקער.

האבן די טערקישע פרויען זיך נאך מער צעשאלטן אין זייער האלזיקן, נאך שוואך־באהערשטן עברית, און איינער פון די ערשטע פאסאזשירן, וואס בעתן פריערדיקן וויכוח

מכּוח סיביר און רעזשימען האט ער זיך קנאַפּ אַריינגעמישט אים א זאג געטון גרימיק און גראַמיק:

— יאשא, יאשא, איר זענט א געמיינער פּאפּאַשאַ, איר וואלט באדארפט זיין אין דעם לאנד ווו מען רופט אייך „אבראַשאַ״... —

און צוגעלאפן צום רודער מיט דער דראָונג צו לאָזן אין גאנג דעם אויטאבוס.

## אַ בלינדער פּאַסאַזשיר

ס׳איז אַ שעה פאר מיטנטאג. די זונשטראַלן פאַלן נאך עטוואס משופּע, אבער האַלטן שוין די גאַס צוגעפּעסטיקט צו אירע ליכט־שפּיזן, דערגאבערט. שווער צו גיין. די ליכט־שפּיזן גרייפן אָן דיינע טריט, האַמעווען, און דו מוזט זיי דורכשניידן. שטעלסט זיך אין ריי צום אויטאָבוס ביי דער תחנה מרכזית. איצט דעראַבערן זיי דיך אַלץ מערער. שטייסט אַ באַזיגטער. זיי זוכן צו אַטאַקירן דיינע אויגן, טרעפן אָבער אָן אויף אַ שונא — די טונקעלע ברילן, מיט וועלכע אַלע פאַרפּאַנצערן זייערע אויגן. מען קוקט דורשטיק צום שאָטן אונטער דער איינציקער פּאַלמע דאָ, שטייט זי אָבער ווייט פון אונדז, אין סאַמע מיטן וועג. מען וויל שוין וואָס גיכער זיין אין אויטאָבוס, הגם דאָרט איז דושנע. ענדלעך אריין. מען זעצט זיך און מ׳טוט אויס די צעגליטע ברילן. עס קומט אריין אַ פּאַסאַזשיר אָן ברילן, פירט מיט זיך אַ הונט. ביי דעם פּאַסאַזשיר זענען די אויגן רואיק צעעפנט, זשמורען ניט, פינטלען ניט, האָבן, זעט אויס, לגמרי ניט קיין מורא געהאַט פאר דער זון און אירע שפּיזן. ער איז אַ יונגער מזרח־ייִד, אין מיליטער־עלטער, מיט אַ פּנים וואָס ווערט אייביק געבאַקן און געברוינט פון דער זון. זיין הויט ווייסט ניט דעם טעם פון נאַסן, קילן שניי און כמורנע שאָטן־טעג. ער טראָגט

געבילדלט אין די מחשבות פון די פּאַסאַזשירן. דער הונט טוליעט זיך צו די פיס פון דעם חייל. דער אויטאָבוס פאָרט שוין. די אויגן פון די פּאַסאַזשירן רוען נאָך אַלץ אויף דעם פרישן זכר פון דער יידישער באַפרייאונגס־מלחמה — אויף דעם בלינדן חייל און זיין באַגלייטער און פירער דעם הונט.

אין האַנט אַ ווייסן שטעקן. ערשט דער דאָזיקער סימן האָט געגעבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס זיינע אויגן האָבן ניט קיין מורא פאַר דער זון — ער איז בלינד.

דער שאָפער הייסט אים צוריק אַראָפּגיין, מ׳טאָר ניט פירן קיין הונט אין אויטאָבוס. דער פּאַסאַזשיר ענטפערט אַז דער הונט איז זיין פירער, אַלס חייל־אינוואַליד האָט ער אים איצט טאַקע באַקומען אין משרד הבטחון. ער ווייזט די דאָקומענטן און אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אויף צו פאָרן מיטן הונט אין אויטאָבוס. דער שאָפער גיט נאָך. די פּאַסאַזשירן באַקוקן דעם בלינדן חייל מיט די צעעפנטע רואיקע אויגן — צוויי רואיקע מיניאַטור־באַסיינען. באַקוקן דעם גרויסן הונט מיט דעם סאַניטאַר־שילדל אויפן האַלדז, זעען זיין עול־ערנסט־קייט אין די אויגן, גלעטן אים.

זכרונות פון דער באַפרייאונגס־מלחמה האָבן איצט זיך

## ער און זי

זיי פארן אין אויטאבוס פארביי די שיכונים אין דער געגנט פון רמת־גן. זיי זענען ניט לאנג אין לאנד און האבן שוין אויך באקומען א שיכון אין דער געגנט.

עס איז פארנאכט. זיי פארן אוודאי אין קינאָ אריין קיין רמת־גן. זיי קוקן ביידע ארויס דורכן פענצטער. אויף די פריי־שע, נייע הייזלעך שפילן זיך ארום זוניקע געזעגן־שטראַלן. ער קוועלט אָן:

— זע נאָר ווי שיין! די נאכט לייגט דאָ אָן פרישע הייזלעך ווי א הון אייער. דאס לאנד וואקסט מיט דער מינוט. ס'א נחת צו קוקן.

זי: זע, זייערע באלקאָנדלעך זענען שענער ווי אונדזערע באלקאָנדלעך. זייערע פענצטערלעך זענען באקוועמער ווי אונ־דזערע פענצטער. אפילו די גרינע פארב אויף זייערע לאדנס און טירן איז שענער ווי ביי אונדז. און די רויטע פארב פון זייערע דעכלעך איז אויך שענער ווי ביי אונדז.

ער: א דאגה האסטו! וויפל עולים אין די מעברות וואלטן זיך געוווּנשן כאָטש איין צימערל פון אונדזער דירה? אפילו אָן געפארבטע לאדנס, אָן געפארבטע טירן, אָן קאלירטע דעכלעך, אָן א באלקאנדל.

זי: דיר געפעלט אלץ. דו דארפסט קיינמאל ניט עפעס בעסערס און שענערס,

ער: און דיר געפעלט נאר תמיד וואס ביי יענעם. קוק אמאל אויף אונטער דיר, און ניט תמיד איבער דיר. זע דאס גאנצע לאנד׳ און ניט נאר דיין שטוב.

זי: איך ווין אין שטוב, נישט אין גאנצן לאנד.

ער: אָן דעם לאנד וואָלסטו קיין שטוב ניט געהאט.

עס איז צוגעפאלן די נאכט. מען האט שוין ניט געזען נישט די רויטע דעכער, נישט די גרינע לאָדנס. זייערעביידנס פנימער זענען ענלעך געווארן צו די עלעקטרישע סיגנאל־צייכנס ביי די ראָגעס — דאָ רויט, דא גרין. צעכעסטע. ברוגזע.

זיי האבן זיך נאך עפעס אויסגעטוישט מיט אפגעריסענע זאַצן און האלבע ווערטער, נאָר מען האט זיי ניט געהערט, ווייל א ווירבלווינט האט געריסן די לייוונטענע געצעלטן אויפן פעלד ביים שאָסיי — די געצעלטן פון די נייע עולים ביים פרדס כץ, האט אויך זיך ארייגעריסן דורכן פענצטערל אין אויטאבוס אריין און צעשאקלט און פארטריבן אירע קנאה־רייד וועגן לאָדנס וואס זענען גרינער און דעכלעך וואס זענען רויטער...

## די האָק און דאָס מיידל

ביי דער אויטאָבוסן־סטאַציע אין רמת־גן. נאָכמיטאָג־צייט. דער הימל האָט זיך שוין אָנטוואָלקנט און די זון זעט זיך שוין אַרויס, פּרוּווט אויס אירע ערשטע ערבֿ־פרילינגס־שטראַלן. א צען מענטשן שטייען אין ריי צום אַריינגאַנג אין אויטאָבוס. אין דער זייט איז א קיאָסק פון לימאָנאַד און נאָכמיטאָג־צייטונגען. דער ערשטער אין ריי, אַן אַרבעטער, האָט זיך צעוואָרטלט מיטן בילעטן־פאַרקויפער. דער אַרבעטער טראָגט א גרויען, אַלטן, האַלב־צעדריוולטן ווינטער־מאַנטל, דעם קליינעם קאָלנער אויפגעשטעלט. דאָס פּאַסיקל שוואַרצע אונטערנייעכץ אויפן קאָלנער איז עטוואָס אָפּגעריסן און די שוואַרצע פעדים שטעקן אַרויס אין דער העלפט. ער איז מיד פון דער אַרבעט. זיינע האָר — שוואַרץ־גרוי. דער עלטער איז ביי אים פאַרווישט צווישן 38 און 52. ער האַלט אין האַנט א קליין זעגל און א גרויסע האָק מיט א לאַנג הענטל. בעת זיין איצטיק בייזערן זיך טוט ער א הויב די האָק און פון זיין בולגאַריש לשון הערט מען נאָר דאָס רוגזהדיקע וואָרט: „קאַפּיטאַליסט!" און מיט דער האָק גיט ער א ווייז אַז מ'דאַרף זיי אָפּהאַקן די קעפּ. דאָס גיט ער „זיי" צו וויסן דורכן בילעטן־פאַרקויפער... א זונשטראַל צעפּאַטשקעט זיך אויף דעם גרויען מאַטן שטאָל פון דער האָק.

— „קאפיטאליסט — האקן קעפּ!“ — און אַן אויפגעד־רודערטער גייט ער אריין אין אויטאבוס.

איך זעץ זיך אין דער הינטערשטער באנק נאָך אים. טראכט נאָך וועגן זיין באוועגונג מיט דער האַק.

עס קומט אריין א יונג שילער־מיידל. א פריילינג־שליח. זי טראגט א זשאקעטל אין געל־בלויע קראטן. אירע האר זענען בשפע בלאנד, מיט א פרישן טוי־גלאנץ און פרישן פעלד־ריח. אירע אויגן — נייגעריקייט אין שמייכל; דאס פולע העלע פנים — פרייד, פרייד מיטן היינט, פרייד מיטן מארגן, פרייד מיט אלעם, כולו פרייד.

זי דערזעט דעם בולגארישן ייד און באגריסט אים מיט א שמייכל. זי קען אים און זיין טאכטער. זיין נישט ראזירט, שטעכיק־אומעטיק פנים טאַיעט אויף. ער קנייטשט אויס א שמייכל. זי רעדט צו אים עברית ווי צו א קינד, טראַפּיזירט פּאַמעלעך, זי ווייסט אז ער פארשטייט שוואך עברית. ער וווינט אין רמלה, ארבעט דא אין רמת־גן און פארט איינמאל אין וואך אהיים. זי פארט קיין רמלה מארגן, וועט זען זיין טאכטער, קאן זי איר איבערגעבן א גרוס פון טאטן? פרעגט זי אים צי ער וויל דאס, און זי זאגט דאס פּאַוואָליע־פּאַמעלעכקע:

— ל־מ־ס־ור ד־ר־י־ש־ת ש־ל־ו־ם.

איבערגעבן א גרוס זיין טאכטער. ער פארשטייט, אבער נישט אלץ. דאס ווארט „למסור“ באנעמט ער נישט. ער חזרט איבער דאס ווארט, פרווט עס צעקייען. די זעכצניעריקע שילערין זעט אז ער פארשטייט נישט און וויל אים צעטייטשן דאס ווארט. איך מיש זיך אריין ווי אַן איבערזעצער.

— „למסור, למסור!“ — ענטפערט ער מיט פרייד און זיינע שטעכיק־נישט־ראזירטע הערעלעך אויפן פנים ווערן באלויכטן פון דער זון, און אפשר פון זיין שמייכל, צי גאר פון דעם מיידלס שמייכל, און זי רעדט ווייטער צו אים פּאַ־מעלעכקע, טראַפּנווייז, ווי צו א קינד.

און די האק, די האק מיט דער זעג, זע איך שוין נישט ביי אים אין די הענט — הפנים זיי שוין אוועקגעשטעלט אין א זייט, פארגעסן אין „קאפיטאליסט“, „האקן קעפ“ — ער זעט זיין טאכטער אין רמלה, ווי זי וועט זיך פרייען מיטן גרוס פון אים, און ער זעט די גרוס־איבערגעבערין, דאס מיידל וואס זיצט נעבן אים, געקליידט פאַרמעגלעך. זי איז שיין, זי האט די פולע מאָס חן. זי איז פרילינגדיק און די שמייכלען שיטן זיך פון איר מיט יעדן באוועג פון קאָפּ, מיט יעדן ריר פון די ליפּן, און ער שמייכלט שוין אויך, נישט קארגעוודיק. און ערשט איצט זעט מען אז ער איז אוודאי נאך יונגער פון 38 יאר.

ווייל — מינוס די האק, און פּליוס — א מיידל מיט א שמייכל — — —

# שבת אין דאָרף

שבת זעט די לופט אויס צו זײַן אַ שיטערע, אַ ווייכערע, אַ מילדערע. די טריט זענען בײַ אַלעמען שפּאַצירנדיקע, מנוחהדיקע.

פון דעם שיכון ווו איך וווין איז אַ פערטל שעה שפּאַצירגאַנג צו כּפר אז״ר, דאָס דאָרף אויפן נאָמען פון שרייבער אַלעקסאַנדער זיסקינד ראַבינאָוויטש. מען גייט דורך דורכן פעלד מיט די געלע בלימעלעך וואָס עס ציפּן איצט אָפּ די ציגן, אָן איינציק אייזעלע, פון דאָרטן גייט מען אַרײַן אין אַלייען, וועלכע האָבן פון איין זײַט — ציפּרעסן, וועלכע דינען פאַר אַ פּלויט פון אַ פּרדס און פון דער צווייטער זײַט — קאַקטוסן.

שבת־געסט, וועלכע זענען דאָ אַהערגעקומען פון שטאָט, רייסן אָפּ שמאַלינקע, יונגעטשקע צאַבּרעס, וועלכע זעען אויס ווי שטילעטן — אויף אַהיימצונעמען און פאַרזעצן אין אַ בלומענטאָפּ. נישט ווײַט פונדאַנען איז אַ טיפער, אויסגעטרוקנטער ברונעם אַרומגענומען פון אַ מויער. אומהיימלעך און פאַרדריסלעך ווען מען זעט אַזאַ טיפן גוטגעבויטן ברונעם — אָן וואַסער — אַ פאַרטרוקנטער איינגעווייד. מען וואַרפט שוין אין אים שטיינער, העלצלעך, צעבראָכענע פלעשער, און ער ענטפערט מיט אַ יחסנדיקן אָפּקלאַנג — „איך בין טיף!״.

א פארגעסענער יורש פון פארצייטיקע מעשיות.

אין כפר אז״ר גייען מיר אריין צו דעם פארפאָלק בלייַ־מאַן, פון שטעטעלע בראנסק ביי ביאליסטאק. זיי זענען שוין הי אַ פערטל יארהונדערט.

נישט ווייט פון דער טיר שטייט צוגעבונדן צו א פלאָקן א קעלבעלע וואס איז ערשט אלט אכט טעג.

— נאָט אייך, זעט א באַלעט — רימט זיך די באלע־באסטע און ווייזט אויפן טאנצנדיקן קעלבל.

א יונג מיידעלע וואס גייט מיט אונז מיט, נישט לאנג ערשט געקומען פון פוילן, זאגט איר געוויינלעכע קינדערשע חכמה:

— אַכט טעג דאס קעלבעלע און שוין א גאנצער מענטש!

בעת מען גלעט דאס קעלבל איבער זיינע שעטנז־פאַרבן — צעבילט זיך דער הונט. ער האט זיך, זעט אויס, אליין באשטימט פארן אפיטרופוס איבערן קעלבל און עס אַרט אים וואס מיר גלעטן עס. כאָטש נעם רשות ביי אים. הינטער א פארצוימונג שטייען זיבן קי און זענען פארנומען מיט אכילה. זיי טוען עס פארטראכט, פארטיפט אין זייערע אייגענע מח־שבות.

אַן איבעראשונג קומט ערשט דערנאך — דאס זענען די 500 עופהלעך, וועלכע זענען ערשט אלע אלט צו פיר טעג. זיי ווארעמען זיך איצט אונטער די פארדעקטע עלעקטרישע באטעריעס און שטיפן ארום, פיקן זיך קעגנזייטיק אין די שנאָבעלעך. דער כאָר פון די 500 הינערשע קולעכלעך איז נישט קיין שלעכט שטיקל זמירות. קיין שום מוזיק־אינסטרו־מענט האט נאכנישט ארויסגעברענגט אזאַ מין צאַרטע נגינה.

די באַלעבאָסטע רעדט וועגן זיי מיט מאַמעשער צערט־לעכקייט. צוויי מאָל אין טאָג דאַרף זי טוישן די ווינדעלעך פאַר די הינדעלעך. חוץ דעם זענען נאָך דאַ 450 הינער — שוין בוגרות, אנגעפירט פון 3 הענער־אַטאַמאַנען. די עטלעכע פופציק טייבעלעך אין טויבנשלאַק — דאָס געהערט שוין אויס־שליסלעך צום באַלעבאָס, ווייל דאָס איז שוין נישט אַזוי ווירטשאַפט, ווי ספּאָרט און אַמאַטאָרסטווע.

אבער ווי מען דערמאַנט נאָר דאָס וואָרט אַמאַטאָר, דער־מאַנט שוין די לאַנדסמאַנטע זיינע וואָס גייט מיט אונז, פרוי ריבאַ, אַז טאַקע מיט 25 יאָר צוריק האָבן זיי צוזאַמען גע־שפּילט אידיש טעאַטער אין שטעטעלע בראַנסק. אַ דראַמאַטי־שער קרייז דאָרט געווען.

מר בליימאַן דערמאַנט זיך אין זיינס אַן אַמאַליקער ראָלע און איז שוין גרייט צו דערלאַנגען דעם מאָנאָלאָג פון דער פּיעסע „טאַטעס קינדער", אין וועלכער ער האָט געשפּילט. ער גיט אַ צי ביים דאַשעק פון היטל און אין זיינע אויגן גיט אַ בלינצל בראַוורישקייט.

די פרוי זיינע איז נאָך פאַרפּאַרעט מיט די הינדעלעך וועגן וועלכע זי זאָגט, אַז זיי זענען קלוגע באַשעפענישלעך, נאָר ביז זיי קומען, נעבעך, אויפן טעלער. ער דאַרף נאָך דערלאַנגען עסן פאַר די קי, מוז ער דערווייל, נעבעך, רע־זיגנירן פון מאָנאָלאָג. אוי ווילט זיך אים אַ רעד טון וועגן זיין שטעטעלע בראַנסק, וועגן יענע יאָרן, וועגן טעאַטער.

אויפן טיש ליגט פאַנאַנדערגעלייגט אַ „דבר", געלאָזן אוודאי אין מיטן לייענען. אין אַ שענקל שטייען עטלעכע ביכער

מיט געקנייטשטע רוקנס. דאס פארפּאָלק ווייזט אָן אויף די דאזיקע אביעקטן מיט א ביסל פארשעמטקייט:

— קוים עטלעכע מאל א וואך בלייבט א שעה צייט אויף ארייננצוקוקן אין א געדרוקט ווארט.

זיי אַרבעטן 15—16 שעה א טאג. אמת, עס איז אַן ארבעט מיט הנאה. די צוויי דערוואקסענע זין זענען נישט אינדערהיים. איינער האט שוין געענדיקט די גימנאזיע, אַן אגראַרשולע און גלייך אוועק אין עמק, אין א קיבוץ. דער צווייטער זון לערנט אין אַן אגראַר־שולע, קומט אהיים נאר אויף די יום־טובים.

ביי אונזער אוועקגיין רייסט די באלעבאסטע ארויס עט־לעכע גרויסע גרינע, ברייטע בלעטער פון וועלכע עס וואקסן ארויס ווייסע בלומען ווי יונגע פריצהטעס, מען רופט זיי „כלה'ס", און דערלאנגט אונז במתנה.

דא ערשט, אינעם דאָרף, דערפילט מען שבתדיקע שלווה, דערפילט מען זיך נעענטער צום אנהויב פון באַשאַף. דער ריח פון ערד און אייביקייט איז אַן אנדייט אויף דעם פארבארגע־נעם סדר פון קיום און וועלט.

# האנטעכער

פארוואָרלאזטע הינטערגעסלעך, שטיפקינדער פון דער גרויסער שטאט. די איינשטאָקיקע הייזלעך זענען פון פרוכנע האלץ, געדעקט מיט זשאווערדיקער בלעך. יעדעס הייזל באַזונדער האט זיך זיין אייגענעם „סטיל“ פון זיין צעקרומט, צעלאָמט. די געסלעך, ווי זיי זענען נישט פארשטויבטע און פארקאָפּטשעטע, האבן זיי אבער דעם וואסער־ריח פון ים וואס ליגט ביי הונדערט מעטער ווייט פונדאנען, אַן אפענע וואסער־וועלט צו די אומענדלעכקייטן, צו וועלט־ווייטע לענדער און אינזלען. און א סך פריילעכע קינדערלעך זענען דא פאַראַן. זיי זענען תמיד אינדרויסן, אינמיטן האלב־ליימיקן, שפּיציק־שטייניקן שאסיי, וואס יעדער באלעגאָלע און שאָפער, אויב ס׳קומט אים אויס אמאל דורכצופארן, שיט אויס אלע קללות צו דעם טראקט און בלייבט שטעקן אויף גאנצע שעה׳ן מיט א צעבראכענעם ראד אדער אקס. דערפאר זענען זיך דא מחיה די אייזעלעך אויף וועלכע מ׳רייט, זיי זענען תמיד נאנט צו א וואנט און האבן ליב זיך א רייב טון, א זייטיקן קראץ אין וואנט, עס איז זיי דערנאך לייכטער צו האָפּסלען.

פארנאכט ווארטן די קינדער שוין אפּ זייערע טאטעס, וואס קערן צוריק פון דער ארבעט, נעמען ביי זיי צו דעם לייוונטענעם אקסל־טאש מיט די ארבעטס־מכשירים און אויס־

געליידיקטע עס־כלים. די מאַמעס קוקן איילּיק דורך די פענצ־טערלעך און איילן־צו די לעצטע הכנות צום מאלצייט. דעקן גיך דעם טיש, גיבן א שנעלן פארקעם מיט די פינגער איבער די האר, א גלעט אויס דאס פנים, ווארפן א בליק אויפן קליידל און גלייכן אויס די קנייטשן, באמיען זיך צו זיין פארפאַרעט ביים טיש, ווען אפילו אלץ איז שוין גרייט.

דאס געסעלע וועגן וועלכע מיר דערציילן דאָ, איז אויפן וועג צווישן תל־אביב און יפו, טראגט דעם נאמען פון אַן אלטן תימנער בעל מקובל און משורר. און ס׳קומט תמיד פאַר א געראנגל צווישן דעם טוכלען ריח פון די שטובן ארויס און דעם געזאלצענעם וואסער־ריח פון ים, באגלייט מיט אַן אייביק גערויש. דאס געסעלע האט אביסל א יומטובדיקע צורה אויך אין א געוויינלעכן וואכיקן באטאג.

אין אזעלכע באטאגן קומען צו דער פרענקינע שושנה, „די פרינצעסין", „געסט", אויף צו פארוויילן זיך אין ליבע.

זי וווינט שוין דא לאנגע יארן, נאך פון די טערקישע צייטן. געקומען אהער אלס יונג מיידל. געוווינט דא ביי די ענגלענדער, וווינט עד היום דא, און תמיד האט זי זיך פאר־נומען מיט דער דאזיקער פרנסה פון אַן אויסגעלאסענער פרוי.

זי דאַרף שוין באלד זיין קרוב צו די פופציק — רעכענען די שכנות. און דאָך קומען נאָך צו איר מענער, אפילו יונגע, און גאנץ באלעבאטישע. אויך אראבער. און אמאל זענען גע־קומען צו איר סאלדאטן פון די פרעמדע ארמייען. אבער — ס׳האט נאך קיינמאל נישט, פאר די אלע יארן, געטראפן עפעס א סקאנדאל ביי איר אין וווינונג. אפילו די מינדעסטע אוואנ־טורע נישט. „די פרינצעסין" ווערט זי גערופן מסתם נישט

נאָר צוליב אירע געפּוצטע קליידער, נאָר צוליב איר רו־איקייט. א כישוף טוט מסתמא אָפּ די דאָזיקע שושנה — אַז אפילו ווען עס קומט צו איר א שיכור — הערט מען נישט קיין געשרייען, קיין טומל. האָט זי זיך מיט אים יאָ פאַר־ווילט אָדער נישט — ווער ווייסט דאָס? — נאָר יענער גייט אַרויס א רואיקער, שטילער, אפילו שעמעוודיקער.

שושנה גייט נישט אַרויס אין גאַס אַז זי זאָל נישט טיילן נאַשוואַרג צו די קינדערלעך אין גאַס. באַלד ווערט טאַקע א געהילדערײַ... פון די פענצטער און טירן. דאָס רופן די מאַמעס זייערע קינדערלעך, שרייען אויף זיי נישט צו נעמען קאַ מתנות.

די שכנות האָבן זיך נאָך קיינמאָל נישט געקריגט מיט שושנהן. זי טראָגט זיי אַלעמאָל אַקעגן א שמייכלדיקן „שלום!". און אַז א שכנטע דאַרף אַמאָל א גומענע וואַרעמפּלאַש, א טער־מאָס, א טערמאָמעטער, און אפילו, ס'זאָל נישט אויסגערעדט זײַן, א קליינע געלט־הלוואה, שושנה זאָגט קיינעם און קיינמאָל נישט אָפּ.

און דאָך האָבן פאַר איר די שכנות נאָך א נאָמען, חוץ „די פּרינצעסין", — מ'רופט זי אויך — „די פּאַסקודסטווע".

איר קליין הילצערן שטיבל שטייט ביים ראַנד פון דרײַ שמאָלע געסעלעך. דאָס פענצטער פון איר שטיבל גייט אַרויס פון דער צווייטער זייט ווי די טיר. איז נישט אַלעמאָל זעען די שכנטעס ווער און דורכוואַנען מ'קומט. נישט אַלעמאָל שטייט אָן אַרויסצוקוקן פון פענצטער, נישט עס איז דאָ צייט דערצו.

פאַרנאַכט, ווען שושנה גייט שוין אַוועק שפּאַצירן צו אירע קרובים אין א צווייטן, ווייטן קוואַרטאַל, גייט זיך דורך

אזוי באלעבאטיש, וויגנדיק זיך אויף די היפטן ווי א זאטע טויב, ווי א מאמע פון שוין אויסגעגעבענע קינדער אין נחת, א רואיקע און צופרידענע, ווען זי איז שוין ארויס פון געסל — גייען ערשט דעמאלט צו די שכנות צו די פענצטער און נעמען ציילן די האנטעכער, וואס שושנה האט ארויסגעהאנגען אויף א שטריק צום טרוקענען.

פארן אוועקגיין אויף עטלעכע שעה, יעדן פארנאכט, צו די קרובים, הענגט זי ארויס אויף א שטריק, פאר איר פענצ־טער, די האנטעכער צום טרוקענען.

די שכנות נעמען איבערציילן די האנטעכער און זיך דורכטענהן צווישן זיך פון די פענצטער ארויס:

— ני', זעען זי, זעקס האנטעכער! זעקס מאנצפערשוינען! נישט איינער פון זיי האט אוודאי א גאנץ שיין ווייב אינדער־היים, און אפשר נאך דערצו א יונגע אויך, און קומען אהער צו דער־אָ פאסקודסטווע. ז'איז דאך שוין באלד א פיפציקער!

זאגט א צווייטע שכנה:

— די שאַנקייט אירע האבן שוין מיט פינעווצוואַנציק יאר צריק צעשלעפט די פארשידענע זעלנער איבער די קא־זארמעס. און זי האט נאך אלץ אויף זיך בעלנים, מענער ווי די כלבים.

און עס רופט זיך אָן א דריטע שכנה, שוין אין אַן אנדער לשון, און ס'מישט זיך דורך א באלוטער יידיש מיט א תימנער עברית, א קראקעווער פויליש מיט אַן איראקער אראביש.

און די האנטעכער וויגן זיך. דער ווינט טרייבט זיי און הייבט זיי אונטער אינדערלופטן, און די שכנות קוקן אויף די האנטעכער און יעדע איינע וויל זאגן דער צווייטער שכנה

עפעס אַ שייך, בייז וואָרט, אַ שטאָך טון דער „פּרינצעסין" און אפשר שוין אינאיינוועגס אויך דער שכנה גופא, און אינמיטן דערינען רופט זיך אָן אַ וויטערע שכנטע:

— קרוינישי, זי קענען דאָך אפילו רעכט נישט ציילן! נישט זעקס, נאָר זיבן האַנטעכער העגנען דאָך!

אַלע זענען איבעראַשט. דער טוץ ווייבער ביי די פענצטער ווערט צעטומלט, ווי עס וואָלט זיי פאַרגעשטאַנען אַ וויכטיקע אַנטדעקונג צו מאַכן און אַלע ציילן זיי נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די האַנטעכער. ווער שטיל, ווער הויך, אין די פאַרשידנסטע לשונות, און ס'קומט אַן אויסשריי־ענטפער שיער נישט פון אַלע ווייבער מיטאַמאָל:

— יאָ, זיבן, זיבן האַנטעכער!

עפעס זאָגט יעדע איינע אירס אַ פּאָר ווערטער אויף שושנה'ס חשבון, איינע הערט קוים די צווייטע, מ'לאָזט אַראָפּ די פוירהענגלעך, מ'נעמט גרייטן די מאַלצייטן. יעדער איינער פּלאָנטערן זיך איצט עפעס ציפּערן אין קאָפּ, צוזאַמען מיט ברעקלעך פון ליבע־דערקלערענישן. ס'מישט זיך צונויף בענקשאַפט מיט גלוסט צו פּוץ און עפעקט, ליבע מיט חשבון. מ'כאַפּט אַן אייליקן קוק אין די מאַטע, געפלאַצטע שפּיגעלעך, מ'פאַריכט די האָר — און אָט הערט מען שוין דעם טומל פון די קינדערלעך אינדרויסן. די טאַטעס קומען שוין צוריק פון דער אַרבעט. אַ רויט פלעמל פּעטשלט און פלעמלט איבער די באַקן — אָבער מ'גיט אַ האַסטיקן שפּיי — צו עפעס אַ וועמען, אָדער בייזער מחשבה — און מ'גרייט אייליק דעם טיש, און מ'גרייט זיך אויפצונעמען דעם מידן מאַן, וואָס קומט אַהיים פון דעם שווערן טאָג האָרעוואַניע — — —.

# אויפן דעכל שטייען טויבן

## מיניאטור

אז די שטאט הייבט אָן אויסצוגיין צו איר סוף, ווערט זי וואס אמאל מער אפגעלאזענער, שטויביקער, אביונדיק. די פארשטאט איז שוין אינגאנצן א שטיף־קינד.

הינטער תל־אביב, אין א זייט פון שאסיי. א שטיק פאר־וואַרלאָזטער שטח, וואס לאזט זיך אראפ ערגעץ צו א וואַדי. גריבלדיק, בערגלדיק, האלב־גראזיק, האלב־ליימיק. א שמאָל אויסגעטרעטן סטעזשקעלע נאָר אויף די ערשטע צען טריט און ס'פארלירט זיך גלייך אין ווילדגראז. דאָרט ליגט פויל דאס געוויינלעכע פסולת: ליידיקע קאָנסערוון־שאכטלעך, פאר־זשאווערטע טשוועקעס, שטיקער גלאָז, געלע, צעטרעטענע בלימעלעך און שטאָפּיקע סימנים פון בראָדיאַגישער ליבע אויף דעם אָרט.

דאָ ארום זענען גאראַזשן, א פלאַץ פאר אויטא־מתים, צע־האקטע, מיט די רעשטלעך בלעכענע אינגעווייד, עטלעכע קליינע טעקסטיל־פאבריקלעך, א זעצעריי, א טיי־הייזל, אין א ביידל. דאס ביידל באשטייט פון שטיקלעך ברעטער אין דער אונטערשטער העלפט, און פון זאַק־לייוונט אין דער אויבער־שטער העלפט. אויף די ברעטער זענען געכתיבהטע לאטיינישע

אויפשריפטן פון דער צייט ווען זיי זענען נאָך געווען קאסטנס, געקומען אויף שיפן פון פערסיע, אינדיע, איטאליע. בעת אַ ווינט, בלאָזן זיך אָן די לייוונטענע ווענטלעך און מאכן דעם אָנשטעל פון זעגלען אויף א ים־שיפל.

די אייגנטימער פון דעםביידל זענען אָן אלט פּאָרפּאָלק פון אוקראינע, געקומען נאָך מיט דער צווייטער עליה. זיי קאָכן טיי פאר די פועלים און שאָפערן, פארקויפן ברויט מיט הערינג, קעקסן, וועלכע ס׳האבן פריער שוין טועם געווען הונדערטער פליגן.

ווייטער אריין זענען שפייכלערס מיט שיפע, רויט־ציגלנע דעכלעך. ארום די אלע געביידקעס וואקסן בלימעלעך. אייגנ־טלעך נישט זיי וואקסן, נאר שטופן זיך ארויס מיט כוח פון דער פארליימיקטער ערד. בלימעלעך געלע, ווייסע, בלויע. זיי קלאמערן זיך ביי די שוועלן. שטרעקן די קעפּלעך צו דער זון. בעטלען ס׳ביסל ליכט און ווארעמקייט און צאָלן אָפּ מיט פרישן בליעכץ, שארף־בייסיקן ריח. זיי האלטן זיך וויפל נאָר מ׳קאָן, ביז איינער א ריינקייט־מפונק, א פעדאַנט, פארן אריינגיין אין דעם טונקעלן פאבריקל, וועט וועלן אויס־ווישן זיינע פיס פון נאַסן־ליים און דערלאנגט מיטן שוך אין סאמע מיטן געזעמל בלימעלעך.

יענע, ווידער, בלימעלעך וואס וואקסן ווייט פון די בנינים, באוואָרענען זיך מיט שטעכלקעס ארום. דערפאַר וואקסן זיי דא פרייער, בריווחער. דאָ וואקסט דער רימעניק מיט די געלע קעפּלעך און דערמאנט אין היימישן ריח פון קאָמפּרעסן צו ציינוויטיק.

דורכן פענצטער פון זעצעריי זע איך אויפן קייגנאיבער־

דיקן, משופעדיקן רויט־ציגלדיקן דאַך פון פארלאָזטן שפייכ־לער ארומפיסלען נחתדיק א דיק, ווייס טייבעלע. באלד באווייזן זיך דריי איילנדיקע שילער־יאַטן. זיי איילן זיך, קוקן זיך ארום, היטן זיך, זעט אויס, פון וועמענען. איינער בלייבט שטיין אויף דער וואַך און קוקט צום שאָסיי, דער צווייטער ציט גיך ארויס א יאַגד־ביקסל פון הינטערן רעקל, גיט א בייג אויס די לופע, לייגט אריין א קויל, א צילעווע אין דער ריכטונג פון ציגלענעם דעכל וווּ עס שטייט די טויב, א שאָס, און שוין קייקלט זיך די טויב פון דער שיפּקייט און פאלט אין גראָז. דער דריטער צעעפנט דאס סקויטישע רוקזעקל און פארבאהאלט די געשאסענע טויב. איילן ווייטער צווישן פאר־וואקסענעם, גראזיקן שטח, וואס ווייטער פון שאסיי און נענ־טער צום וואַדי.

די דריי שילער זענען פון די מזרח־עדות, פון די אראַ־בישע לענדער, אנגעטון אין נעטע, שמאָל־געפּאַסטע קאסטיומ־לעד, שקאָציש־אכזר׳יש, די שווארצע האָר שוין אוודאי גע־שמירט מיט זאַלבן, גלאנצן קאסטעטיש, זעט־אויס — אויך קאַרבירט. זיי איילן געשעפטסמעסיק, רעדן צווישן זיך גיך און קורץ און זוכן מיט די אויגן טויבן צווישן גראָז, אדער אויף די דעכלעך.

ס׳פארדריסט, מ׳ווערט אין כעס, מ׳ווערט סענטימענטאל — אפשר נאכיאגן די יאַטלעך־יעגער? אבער מ׳יאגט זיי נישט נאך, מ׳קומט נאָר אָפּ מיטן אונטערברומען די מעלאדיע פון דעם לידל:

„שטייען טויבן ביי מיין פענצטער,

טויבן ווייסע ווי שניי" — —

נישט די מעלאדיע יאגט זיי נאך, נישט די ווערטער, ווייל וואס פארשטייען אזעלכע חברה'ניקעס אין סענטימענטאלע לידלעך וועגן טויבן ? — — —

## טויזנט און איין נס

אין די ערשטע חדשים פון יאר 1946 איז אין יידישן קאָ־מיטעט ווארשע־פּראַגע אריינגעקומען א הויכער, אלטער דזשאַד, אין א גראנאט מאַטשעיוווקע־היטל מיט א גלאנציקן דאשעק, מיט אראפּהענגנדיקע גרויע וואנסעס, מיט א פּאר־שטויבט זעקל אויף די פּלייצעס, מיט א לאנגן, סענקעוואטן שטעקן אין האנט, זיך ארומגעקוקט און מיט איבערגעשראקע־נער פרייד אויסגערופן:

— אַ גוטמארגן, יידן!

מען איז דעמאלט געוווינט געווען צו די סאמע אויסטער־לישסטע באגעגענישן, דאָך האט קיינעם נישט געקאנט איינ־פאלן, אז דער טיפּישער „דזשאד" איז א ייד.

אַ מידער האט ער זיך האסטיק אוועקגעזעצט אויף דער באנק. פון די ערשטע ווערטער זיינע איז מען געוואר געווארן, אז ער הייסט בער ריטשיוול, א געוועזער חסיד, געוווינט אין ווארשע אויף פּולאווסקע 62 און געהאט דארטן א געוועלבל פון הערינג. זיין פרוי מיט פיר קינדער זענען אומגעקומען און ער אליין האט זיך געראטעוועט אויף א מאדנעם אופן:

ער האט אפּגעשוירן בארד און פאות, זיך געלאזן וואנ־סעס, אנגעטון א צלמל אויפן האלדז, זיך אויסגעלערנט פרע־פלען „פּאַטשעזש" (קריסטלעכע תפילה) און געלאזט זיך מיט

דעם זעקל אויפן פלייצע און שטעקן אין האנט איבער די זע־
פער אלס בעטלער. געשטאנען פאר די קאשטשאַלן, געצלמט
זיך, עפּעס „געמאַמליעט" מיט די ליפן, האבן די גויעס אריינ־
געוואָרפן מטבעות אין זיין בלעכן פושקעלע. אמאָל האט מען
אים אויך צוגעוואָרפן א שטיקל ברויט.

אבער נישט אזוי גלאטיק איז עס צוגעגאַנגען, עס האט
דאָך געדויערט יאָרן. עטלעכע מאל האט מען אים דערקענט
אלס ייד — אָט האט ער זיך געצלמט מיט דער רעכטער האנט
אנשטאָט מיט דער לינקער; אָט האט א פחד געצאַפּלט אין
זיינע אויגן; אָט האט ער זיך געקרעקט ביים עסן א שטיקל
חזיר. נישט איינמאל האבן אים גויים שוין איבערגעגעבן אין
די הענט פון געסטאַפּאָ און ער איז געשטאַנען צום דערשאָסן
ווערן.

אין יענער צייט האבן א סך אזעלכע געשיכטעס פּאַסירט,
אבער דער אלטער בער ריטשיוואָל האט מיט א גוואַלדאָוונער
עקשנות זיך איינגעשפּאַרט צו בלייבן לעבן. דורך איינפאַלן
און שפּיצלעך זיך פארשאַפן א נאַכטלעגער ערגעץ ביי א
קאַרטאָן־לייגערין אין דאָרף, קאָמבינירט ארויסצובאַקומען עסן,
אמאָל נאָך צוגעטראָגן א שטיקל ברויט און א פּאָר קאַרטאָפל
צו אויסבאַהאַלטענע יידן אין די וואַלד־גריבער.

איר זענט געזעסן און מיט שפּאַנונג אויסגעהערט די אַלע
קלוגע טריקן און אַוואַנטורעס, ענלעך צו א צויבער־מעשׂהלע
אונטערן נאָמען „טויזנט און איין נס". און דער גערער חסיד בער
ריטשיוואָל האט די אלע פּאַסירונגען און איינצלהייטן איבער־
דערציילט מיט אזא לעבעדיקייט, טרעפלעכקייט, אפילו הו־
מאָר — אז דער יידישער קאַמיטעט האט דעמאָלט גלייך באַ־

שלאָסן צו לאָזן דאָס אַלץ פֿאַרצייכענען לזכר. ביים קאָמיטעט האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אַ ציטווייליקע היסטאָרישע קאָמיסיע און די מיטאַרבעטערין פֿרוי בליומע וואַסער איז גע־זעסן מיט אים צו עטלעכע שעה אַ שיינע פּאָר טעג און אַלץ פֿאַרשריבן וואָס ער האָט דערציילט. עטלעכע מאָל בין איך אויך געזעסן דאַביי און זיך צוגעהערט צו זיין דערציילן. אין אַ צייט אַרום האָט די היסטאָרישע קאָמיסיע מיר איבער־געגעבן דעם גאַנצן פּראָטאָקאָלירטן מאַטעריאַל אויף צו באַ־אַרבעטן און רעדאַגירן און אין עטלעכע חדשים אַרום איז דער־שינען אַ ביכל אונטערן נאָמען:

„בער ריטשיוואָל: „ווי אַזוי האָב איך איבערגעלעבט די דייטשן".

אַז מען לייענט דאָס דאָזיקע ביכל, פֿאַרגעסט מען אין דעם גרויל פֿון יענע טעג און מען באַוווּנדערט גאָר די חכמהדיקע איינפֿאַלן און אויפֿטוען פֿון דעם אַלטן ייִד — די אויסגעטראַכטע מעשׂיות וועלכע ער פֿלעגט דערציילן פֿאַר די פּויערים וועגן די ווונדער פֿון יעזוסן, געגעבן זיי אָנצוהערן אַז ער אַליין איז אַ גלגול פֿון יענעם ליידנדיקן נוצרי. האָט ער באַקומען פֿון זיי צו עסן, אַ נאַכטלעגער, מ'האָט אים פֿאַרבונדן די ווונדן אויף זיינע פֿיס און מ'האָט זיך צו אים באַצויגן ווי צו אַ הייליקן. און אונזער ר' בער ריטשיוואָל איז גראַד אַ ייִד וואָס דאַרף אַ סך עסן כּדי צו ווערן זאַט. און אַז ער האָט דערזען גוטע אכילה, האָט די פֿאַנטאַזיע זיינע דעמאָלט אויסגעטראַכט די שענסטע מעשׂיות וואָס האָבן זיך געפּאַסט פֿאַר דער גע־געבענער סיטואַציע און סביבה. ס'רוב האָט ער נישט באַ־

דארפט לאנג טראכטן, ווייל ער האט זיי דערציילט אגדתא׳ס וואס ער האט געדענקט פון מדרש און גמרא.

אויף דער הילע פון דעם ביכל איז געווען דאס בילד פון בער ריטשיוואל, אזוי ווי ער האט אויסגעזען אלס „דזשאד״. דאס האט מען אים פון דער היסטארישער קאמיסיע אפפאטא־גראפירט גלייך אין די ערשטע טעג.

די לעצטע ווערטער נאכן דערציילן זיינע פאסירונגען זענען געווען וועגן דעם, אז ער וואלט וועלן פאר יעדן פרייז זיך נאך דערשלאגן קיין ארץ־ישראל. ווען ער האט געזאגט די ווערטער, איז ער נאך אלץ געווען אין זיין גוישן הולך, מיט זיין טריפה אויסזען (אין יענער צייט איז נאך געווען געפערלעך פאר א ייד ארומצוגיין איבער די גוישע גאסן — און כמעט אלע גאסן זענען געווען גוישע).

פארן דערשיינען פון דעם ביכל האט די היימישע צענזור פון דער היסטארישער קאמיסיע געוואלט ביי מיר אפדינגען די עטלעכע שלוס־זאצן ווי ריטשיוואל רעדט מיט התפעלות וועגן פארן קיין ישראל, אבער איך האב נישט נאכגעגעבן. עטלעכע שורות האבן זיי דאך געשניטן. אבער דאס ביכל ענדיקט זיך פארט מיט דעם זאץ:

„אצינד וויל איך נאר, אז מיינע אלטע ביינער זאלן ליגן אין דער ערד פון אונזערע אבות אבותינו. איך וויל גארנישט מער, אבי איך זאל נאר קענען פארן אין אונזער הייליק לאנד אריין״.

און אט באגעגנט מיך די לעצטע טעג א קאלעגע, דער שרייבער מרדכי אלעי (וועלכער וווינט, אלס פרומער ייד, אין שיכון פון „פעלי אגדת ישראל״, נישט ווייט פון אונזער

שיכון) און דערציילט מיר, אז אין בני ברק פרעגט זיך אויף מיר נאָך אַן אלטער ייד פון ווארשע, א געוויסער בער ריטשי־וואל. ער האנדלט מיט „צעלניק" אויף רחוב יהושע און וויל זיך מיט מיר זען.

בני ברק ליגט 2—3 קילאמעטער פון אונז, בין איך גלייך דארט אהין צוגעפארן מיט אַן אויטאבוס. דאס אויסזען פון דעם שטעטל האט חן און כאראקטער, מען טרעפט זעלטן מענער אין די בלויזע קעפּ, מען זעט זעלטן מענער אָן בערד, די יידן גייען דאָ יחוסדיק, ווי זיי וואלטן צופרידן זיין מיטן עול התורה. עס איז ריין אין שטעטל און אויף די סלופּעס הענגען גרינע עמערס מיט דער אויפשריפט: „פסולת" (אָפּ־פאַל). עס איז פרייטיק מיטנטאג און אויפן שאָסיי פאָרט זיך א מיטליעריקער ייד אויף א ראָווער מיט א קוישל פון פאָרנט, א ציכטיק־ריינער ייד, מיט א שווארצן הוט אויפן קאָפּ, מיט א געפלעגטער, זויבערער באָרד׳ מיט איין האנט האלט ער דעם רודער פון ראָווער און מיט דער צווייטער האנט גלעט ער בנעימותדיק זיין באָרד, וויל ארויסציען, זעט אויס, אַן ענטפער אויף א מחשבה.

איך פאָר אויף דער הויפּט־גאַס „רבי עקיבא", קוק ארויס דורך דער שויב און אָט דערזע איך זיצן אויפן טראטואר אַן אלטיטשקן ייד, ארום אים ליגט אויסגעלייגט אויף א קאָלדרע א קרעמל מיט צעלניק. מיר דוכט זיך אז דאס איז טאקע ריטשיוואל, כאָטש מען האט מיר אנגעגעבן די יהושע־גאַס. איך גיי אראָפּ פון אויטא און דערגענטער זיך צו אים. איך פרעג אים:

— ווו גייט מען דאָ, רב ייד, אויף דער יהושע־גאַס?

— אַט־אַ־דאָ רעכטס.
— איר זענט פון וואַרשע ?
— אוודאי.
— איז נישט אייער נאָמען בער ריטשיוואָל ?
— וואָדען ? און איר דאַרפט זיין גראָסמאַן, כ'דערקען אייך שוין.

גיט מען זיך אָפּ א פריילעכן שלום־עליכם.

ער האָט שוין צוריק אָן אנגעוואַקסענע גרויע באָרד. זי איז נאָך קאַרג אין וווּקס, אָבער דערפאַר מילך־ווייס, ווייך און קיילעכדיק. איין אויג האַלט ער פאַרמאַכט. איך בין אים חושד, אַז דאָס אויג איז א געזונטס, נאָר ער האַלט עס פאַרמאַכט צוליב געוווינטער פּאַרזיכטיקייט, כדי צו קאָנען א גיכן טראַכט טון און דערווייל זאָל מען נישט תיכף דערכאַפּן זיין בליק און כוונה.

נאָכן קעלצער פּאָגראָם (יולי 1946) איז ער גלייך אנטלאָפן קיין דייטשלאַנד און פון דאָרטן, אין יאָר 1947, געפאָרן מיט דער „עקזאָדוס"־שיף קיין ארץ־ישראל. עטלעכע חדשים, זאָגט ער, האָבן זיי געקעמפט אויפן ים און געוואָרן צוריקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. אין א קורצער צייט נאָכדעם איז ער ווידער געפאָרן און שוין אָנגעקומען אין ארץ־ישראל.

און אָט זיצט ער, דער געוועזענער „דזשאַד", דער בעטלער פאַר די קאָשטשאָלן, וואָס האָט געמוזט זאָגן „פּאַטשעזש" און זיך צלמען כדי ניצול צו ווערן פון טויט — זיצט איצט אויף דער רבי־עקיבא־גאַס אין בני־ברק, פאַרקויפט שפּיגעלעך און מגן־דודלעך.

— ווי אַזוי איז מיט פּרנסה ?

— דאַנקען גאָט, נישקשה.

— ווי איז ביי אייך מיטן געזונט? איר דאַרפט דאָך זיין, ביז הונדערט און צוואנציק, וויפל?

— זיבנאונזעכציק.

— אפשר אויך חתונה געהאט?

— וואָדען?!

— די פרוי איז אוודאי א יונגערע פון אייך?

— ווי שייך, אונטער די פופציק.

ער בעט ביי מיר אַן עקזעמפלאר פון דעם ביכל זיינעם, ער האט עס נאך ביז איצט נישט געזען. אפשר קאָן איך אים פארשאפן אזא ביכל. ער פארקוועטשט אצינד נאך מער דאס צוגעמאכטע אויג און ווענדט זיך צו מיר:

— אפשר קאָן מען עפעס האבן דורך אייך א שטיקל „לאַסקע"? (טובה).

זאג איך אים אז איך אליין דאַרף נאך לאסקעס, בין נישט לאנג אין לאנד. נאר דאָך, וואס איך וועל קאָנען, וועל איך זיך באמיען, קיין סך קאָן איך זיכער נישט אויפטון.

— וואס ה י י ס ט, איר זענט דאָך עפעס א „פירמאָווע" מענטש, ס'בלאַט האט דאָך געשריבן וועגן אייער קומען אהער.

איך בעט ביי אים זיינס א פאָטאָגראפיע פון דער לעצ־טער צייט. איך ווייז אים זיין פריערדיקע פאָטאָ און ווייז אים אויך דאס ביכל זיינס מיטן בילד אויף דער הילע. ער קוקט זיך איין און לאזט פלוצים ראָש אראָפּ דעם קאָפּ. ערשט איצט, דאַכט זיך מיר, האט ער געעפנט דאס רעכטע פאר־מאכטע אויג, ווייל ער קוקט אויף דער ערד אראָפּ. איך פיל ווי עס זענען אים באפאלן זכרונות יוי א היישעריק־כוואַליע.

ער גיט א פלוצימדיקן טרייסל מיטן קאָפּ, שאקלט אים אפּ, הויבט אים אויף. דאס אויג איז שוין צוריק פארמאכט און ער זאגט פארטראכט:

— האַ? איז דאס אלץ טאקע מעגלעך? בין דאס י אַ ך טאקע דער־אָ? נו גוט, כ'וועל מיך נאך היינט אפּפּאטאגרא־פירן און מארגן־מעטשעם קומט צו מיר צו, וועל איך זי אייך געבן.

ביים צוריקגיין צום אויטאבוס קוק איך נאכאמאל אויפן שילדל פון דער גאַס און לייען איבער:

„רחוב רבי עקיבא".

שוין ארויפשטייגנדיק אויפן טרעפּל פון אויטאבוס, שפּרינגט מיט א פונק פון א מחשבה:

ווען ער אליין, טאקע ר' עקיבא, זאל דאס זען! דאס שטעטל, די דאזיקע גאַס, דעם אלטן ייד בער ריטשיוואל — וואלט ער אוודאי די ענויים, מיט וועלכע די רוימער האבן אים געפּייניקט, נאך מער אנגענומען באהבה.

שיכון רמת עמידר

## חברטע דינה׳טשע

### מיניאטור

אויף איר פנים איז אפילו נישט פארבליבן קיין אָרט אויף זכרונות־שטריכן, צעקנייטשט. די הויט — אויסגעטרוקנט, צי איינגעטרוקנט, איינגעשרומפן, גוזמאדיק געריגצלט. ווו איז דער מינדעסטער סימן פון איר אמאליק פייער? געליבט און געליבט געווארן, איר גאנג איז געווען געזאנג, גליק האט געגליט אין די אויגן, אויף די ברעמען, מויל — ווו נישט? איז געווען שטיפעריש, און אפילו פארפירעריש.

און איצט — די הויט־קנייטשן האבן זיך אזוי ענג צונויפגעדריקט, כדי נישט דורכצולאזן דעם מינדעסטן אנדייט פון יענעם אמאל.

און זי פירט ערשט די ערשטע עטלעכע יאר פון די פערציקער.

יאָ, נאך פארט פארבליבן אַן אנשיין פון א פארבלאנדזשעטן עדות פון דעם געוועזענעם — אין די ווינקלען פון די אויגן. עס בלאנדזשען ארום פייער־פעדעמלעך, עקשנען זיך, ווילן נישט פארטריבן ווערן.

זי איז ערשט עטלעכע יאר אַן אלמנה. איר מאַן, דינענדיק אין דער הגנה, האט זיך געבאדן אין ים ביים חיפה׳ער ברעג און דערטרונקען געוואָרן.

זי וווינט אין איינעם פון די ארבעטער־הייזער אין חיפה, גאַנץ צום ים. זי איז שוין אריבער פינעוועצוואנציק יאָר אין לאַנד. עס טשעפּען זיך צו איר חולאתן און זי טרייבט זיי, לוגנען, מאַגן־ווונד. זי רייכערט ווייטער ציגאַרעטלעך מיט מאַנצפּערשווינישער בריה׳שאַפט און טרינקט ווײַן, בראַנפן, מיט אַרעמען צובייס — אויף אַלע חברשע און פּאַרטייאישע באַנקעטלעך און „ביבקעס״.

זי וועט נישט אויסמײַדן צו זײַן אויף אַ קאָנצערט פון אַן אויסלענדישן ווירטואָז, אָבער נאָך ווינציקער וועט זי אויסמײַדן צו זײַן אויף אַ רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראַציע.

בײַ איר אין שטוב, אויפן דריטן שטאָק — אַ זכרונות־בית־עולם. אַלע ווענט, דער בופעט, דאָס ביכערשענקל זענען באַהאַנגען און באַשטעלט מיט פאָטאָגראַפיעס פון אַלע אירע נאָנטסטע — געשטאָרבענע, געפאַלענע, פאַרלענדטע, אומגעקומענע.

די שטוב איז געדיכט מעבלירט, אַ סך שטולן, בענקעלעך, פּאַטעלן, אַלע איבערגעצויגן מיט בלומיק־פאַרביקן קרעטאָן — געמאָלטע יאַפּאַנעריִנס מיט צעלאָזענע פעכערס, קלאָונען אין קוואַדראַט־קאָסטיומען, שמעטערלינגען, שלאַנגען. אָבער פון אַלע ווינקעלעך שווייגן אַרויס די בילדער פון די פאַרשטאָרבענע, פאַרשניטענע:

איר טאַטע (זײַנע אויגן קוקן אויף זײַן אייגענער, אויסגעווירעטער באָרד)׳ די מאַמע (איר שייטל פאַרשאָטנט אירע אויגן), ברידער, זייערע ווײַבער און קינדערלעך, מומעס און פעטערס, איר מאַן, נאָנטע, געפאַלענע חברים.

טויט אַרגאַמענטירט דאָ יעדעס מעבלשטיק, שאָטנט אויף

די וועגט, סופּיט, אויפן זשיראַנדאַל מיט די דריי לעמפּלעך און האַמעוועט, פאַרפּאַמעלעכט די גיכע, נערוועזע טריט פון דער איינזאַמער איינוווינערין דאָ. פאַרקלעמט איר שטים ווי אַ סורדין דעם מעטאַלענעם טאָן פון אַ פידל, איז שוין אַפילו אַנגעשפּאַלטן־הייזעריקלעך, קוועלט און צעשפּאַלט איר געלעכטער — וואָס זי קאָן נאָך אַלץ נישט דערפון זיך אָפּגעוווינען.

זי פאַרנעמט ווייניק שטח אין חלל — זי איז קוים פון קנאַפּן מיטלוווּקס, בצימצומדיק שמאָל, אַ פלאַכע ברוסט, שמאָלע, דינע פיס און דער מינדעסטער מוסקוליאַטור, און דער מינדעסטער אויסטאַקונג. טראָגט זי פּראָסטע, טונקעלע, וואַלענע זאָקן, אַ טאָפּל אויף אַ פלאַכן קנאַפּל און טריטלט געשיקט, לייכט, ייִנגליש, נערוועז.

איר חיונה איז איר קיינמאָל נישט אָנגעקומען לייכט, געוועזן אירע אַלע יאָרן אַ נייטאָרין. די לעצטע יאָרן איז זי אַ באַאַמטע אין אַ קאָמונאַלער אינסטיטוציע.

זי אַבאַנירט אַלע אויסגאַבן פון פּאַרטיי־פאַרלאַג, שטעלט אַריין די ביכלעך אין שענקל, ס׳רוב נישט אויפגעשניטענערהייט. צוקאָפּנס פון איר בעט שטייט אַ קליינער אַקוואַריום מיט עטלעכע גאָלדענע פישעלעך, געוואַרעמט דורך אַ קליין, עלעקטריש לעמפּל.

זי געדענקט די געבורטסטעג פון אַלע אירע פריינדינס און חברים, האָט ליב צו שיקן מתנות און באַקומען מתנות.

האָט שוין דורכגעמאַכט עטלעכע גוף־אָפּעראַציעס.

קיין קינד — קיינמאָל נישט געהאַט.

זי דאַרף שוין ווידער גיין אין שפּיטאָל אַריין, אויף אַ

לענגערער בדיקה, עווענטועלער אפעראציע, זי וועט אבער די דאקטוירים נישט צוליב טון... זיי סטראשען זי — און איידער זי גייט זאגן מיט וואס זיי סטראשען זי — גיט זי א טיפן, הייזעריקן לאַך און אירע אויגן באגלייטן עס מיט א גיכן פינקל־בליץ:

— זיי זאגן מיר, אז זיי האבן א פארדאכט אויף — ראַק!

— כע־כ — — —

וואס זי וואלט נאך יאָ געוואלט דערלעבן, ווי לאַנג נאר ס'זאל נישט דויערן און נהאלטן — אבער דערלעבן עס — די סאציאלע רעוואלוציע דאָ אין לאנד! דעם ארייננמארש פון יענער בארימטער, זיגערישער, רעוואלוציאנערער ארמיי!

נישט עקאנאמישע, אפילו פאליטישע, רעפארמען און ענ־דערונגען אינטערעסירן זי. נאָך א ברויט? נאָך א שאַכטל קאנ־סערוון? נאך א קאטלעט? נאך א פאָר שיך, נאך א צימער, א שעה ווייניקער ארבעט? ווייסעך וואס — זי וויל די רע־וואלוציע גופא! נישט דעם אינדערוואכנס פון דער רעוואלו־ציע, נאר דעם יומטוב פון דער רעוואלוציע, דאס ליד פון דער רעוואלוציע —

רויטע, פלאַטערנדיקע פענער, א סך, א סך פענער, א וואַלד מיט שטורמפענער, הילכיקער ריטמישער מארשרוט, צאָרניקע און פריידיקע אויסגעשרייען, געזאנגען, בליציקע טראָציקע, זיגערישע בליקן, אויסרופן, האַסטיקע, טיפברוסטי־קע רעדעס, מיט שניידיקע זאַצן, סטאקאטאָ, יעדעסווארט זאל זיין — אַן אורטייל!

זי וועט טראגן א רעוואלווער אויף א רימען, זי וועט אפשר קיינעם נישט שיסן, זי האט ליב מענטשן, נאר דער רעוואל־

וועד זאָל העננען אויפֿן רימען — דער סימבאָל פֿון איבערקע־רעניש פֿון פֿריערדיקן געוויינלעכן סדר, פֿון דער טאָגטעגלעך־כער גראָקייט — רעוואָלוציע, רעוואָלוציע! — אָט דאָס דאַרף זי, אָט דאָס וויל זי דערלעבן. זאָל זיין אַ רעוואָלוּוער אויפֿן רימען, שליסלעך איז איר דאָס נישט נייטיק. דער דירעקטאָר פֿון דער אינסטיטוציע ווו זי אַרבעט וועט אויפֿהערן רעדן די מאָנאָקירטע רייד און וועט זיצן אויף איר אָרט און אַמט. אין דעם ערשטן אָפּענעם צימער אַן אַ פֿאַרצוימונג, אַן אַ פֿענצטערל, ביי אַן אָפּגעריבן טישל און אַרויסגעבן אָפּגעריבענע, צע־קנייטשטע קאַרטאָן־נומערן.

זאָלן אַלע זיך אויפֿשטעלן ווען זי וועט אַריינגיין, זי וועט זיי גלייך הייסן זיך צוריקזעצן, זי וועט זיך פֿאַרהאַלטן חבֿריש אפֿילו מיטן קלענסטן, זי דאַרף אפֿילו נישט אַז מ׳זאָל זיך פֿאַר איר אויפֿשטעלן — אָבער די רעוואָלוציע זאָל זיין! מ׳זאָל זי אויסקעמפֿן. מ׳זאָל זי, דינה׳טשען, שיקן אויף די סאַמע געפֿערלעכסטע פּונקטן. זי וועט אַליין דאָרט אַהין אַוועק, אויס־פֿירן די סאַמע פֿאַרטרוילעכסטע אויפֿגאַבעס.

אפֿילו אַז מ׳וועט דאַרפֿן זיך אויפֿרייסן מיט אַ דינאַמיט־לאָדונג — זי וועט עס אָן קווענקלענישן דערפֿילן.

עס זעגען איר אַ שאָד די פֿאַמיליע־פּאָטאָס, אַ שאָד דער קליינער אַקוואַריום — ווער וועט שפּייזן די גאָלדענע פֿישעלעך? זיי וועלן דאָך אויסגיין — נו, מילא, אַ הייליקער קרבן פֿאַר דער רעוואָלוציע!

פֿון די פֿריסטע יוגנטיאָרן אָן געהערט זי צו אַ רעוואָ־לוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, אייביק געהערט און גערעדט און געחלומט וועגן רעוואָלוציע, אפֿילו בעתן ליבן זיך — טאָ

ווען וועט זי קומען? וואס, זאל זי פריער אוועק אין שפיטאל אריין, כדי ס'זאל זיך ארויסווייזן אז דער פארדאכט פון די דאקטוירים איז א ריכטיקער?

זי רייכערט איין פאפיראס נאכן צווייטן. די נאכט איז היינט א געדיכטע, דריקט אויף די שויבן. זי נעמט אין מויל אריין צוויי פאפיראסן אויף אמאל, ציט גיריק, זינגט הייזעריקלעך, אבער מעלאדיש, אירס א באליבטן ציגיינער־ראמאנס, שטעלט זיך אויף, דרייט זיך אין א טאנץ־קרייז מיט א טיכל אין די שפיץ פינגער, קומט צוריק צו צום טישל, שלינגט אויס א גלעזעלע קאניאק, בעט דיך זיך מרחם זיין אויף איר און מיטטרינקען א גלעזעלע קאניאק, דו ביסט דאך ביי איר אזא נישט־אפטער גאסט:

— קוק נישט אויף דיינע חולאתן, סיייויסיי גייט אלץ פארביי! —

ניין — ניין! — זי וויל נישט ס'זאל פארביי אן א רעוואלוציע, זי וויל נישט, זי וויל נישט —

און זי גיט א שליידער דאס גלעזעלע אויף דרערד, דערהערט דעם בראזג — און צעוויינט זיך — — —.

# אין קינדלהויז

אין קינדלהויז. העלע, ליכטיקע צימערן. עס איז איצט די שעה פון באזוך ביי די קימפעטארינס. זיי ליגן אין די בעטן אפגעשוואכטע, אבער ווי זיגערינס. בלומען ביי זייערע בעטן. מען ברענגט צו נאך פרישע רויזן און ראזע נעגעלעך און די קראנקנשוועסטער אין די ווייסע כאלאטן און ווייסע הייבלעך שטעלן אריין די רויטע רויזן אין די וואזעס, גיסן אונטער וואסער.

די מענער פון די קימפעטארינס שטייען ביי די בעטן, צעטומלטע און גליקלעכע. די קרובים ווינטשעווען, באגריסן, פרייען זיך, אויך צום מאן באציט מען זיך ווי צו א העלד און זיגער.

מען פרעגט ביי אים פרטים, צי זי איז שוין געווען אין די פולע 9 חדשים, ווי אזוי מ׳האט ביי איר אפגענומען דאס קינד, וויפל שניטן, קלאמרעס, וויפל דאס קינד וועגט.

אבער בערך מיט 9 חדשים צוריק איז אלץ געווען בסוד. אין א פינצטער צימער. אפשר גאר ראנגלענישן מיט איר, א שלעכטע שטימונג, פארדרוס-קרעכצן און תאווה-זיפצן, הנאה און ווייטיק, פארשעמטקייט, שעפטשערייען, מ׳זאל דורך קיין שכנותדיקער וואנט נישט הערן — און איצט?

מען בארימט זיך מיטן סוד, מען שעמט זיך נישט מיטן סוד.

„געזייעט מיט טרערן און געשניטן מיט געזאנג...“.

נאר ביי איינעם פון די זעקס בעטן אין דעם צימער — איז דער סוד, אויב נישט פארהוילן, פארשעמט, באליידיקט, טרויעריק — יענע פרוי האט גע׳מפיל׳ט.

## צוויי פּרויען שפּאַצירן אין תל־אביב

אויף רחוב דיזנגאָף, נאָכן סקווער, אויפן ברייטן טראָ־טואַר נאָענט צו די קאַפע־הייזער. מ׳זיצט ביי די טישלעך אויפן טראָטואַר. הינטער די טישלעך שטייט אַ ריי לאַמטערנס מיט אַ מילך־מאַט עלעקטריש ליכט. זיי דאַרפן אימיטירן אַמאָליקע גאַז־לאַמטערנס פון פּאַריז, וואַרשע, פּעטערבורג. איצט זעט מען אַזעלכע לאַמטערן נאַר אויף סטיליזירטע דע־קאָראַציעס אין רעוויו־טעאַטערן.

ביי די טישלעך זיצן יוגנט, סטודענטן און קינסטלער. אין דער ליטעראַטור און קונסט האָבן זיי ליב דעם מאַטן מילך־שאַטן פונעם ראָמאַנטישן אַמאָל.

די עלטערע דאַמען ביי די טישלעך שטריקן סוועטערס, פּלעכטן אייגלעך און שטריקן אַריין די זייטיקע בליקן פון די דורכגייער.

די נאַכט קילט זיך אָפּ פון דעם הייסן כאַמסין־טאָג.

דאָ זענען דריי קאַפע־הייזער איינע נעבן דער אַנדע־רער. „כסית״ די קינסטלער־קאַפע, איז אין מיטן.

עס שפּאַצירן אַדורך געאָרעמט צוויי פּרויען. איינע פון זיי אַ הויכע, וואָס ביי די שוועדן הייסט עס נאָך מיטלוווּקס. איר קערפּער איז אויף דער גרעניץ פון דיק ווערן. נאָר איר קינסטלערישער אומרו דערלאָזט ניט דערצו.

זי איז געאיבט אין פארבארגן אייגענע ביטערקייט און זוכט נאָר תמיד צווישן אירע באקאנטע וועמען א באַוואָלטן, כדי אים צו קאָנען טון א טובה.

די צווייטע פרוי איז מיט א קאָפּ נידריקער פון דער ער־שטער. זי איז אַ יונגע מאַמע, כאָטש זי איז שוין אין די מיטעלע יארן. איר פנים און די אויגן זענען ווייבלעך־ווייך, אבער ארומגעזוימט מיט ליניעס פון שטרענגער ערנסטקייט. איר פנים און די אויגן זענען אפן, מיט געצוימטן פּאַטאָס, און — סודות׳דיק פארבארגן, אסקעטיש. די קעגנזעצלעכע שטריכן און אויסדרוקן פון איר פנים און אויגן זענען נאָך, זעט אויס, אַלץ אין שטרייט, קיינער פון די צדדים איז נאָך נישט באַזיגט געווארן, דעריבער זעט מען זיי נאָך אָן. זי איז א חסידישע טאכטער פון ווארשע, א לאנגיעריקער מיטגליד פון א רעוואָ־לוציאנערער ארגאניזאציע, אקטיווע אנטיילנעמערין אין דער ווארשעווער קאמפּס־ארגאניזאציע בימי היטלער־געטאָ אין ווארשע.

ביידע זענען זיי געקומען פון ווארשע ערשט מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק.

ביידע זענען זיי געווען אין געטאָ און מחוץ׳ן געטאָ אין ווארשע, אויף דער ארישער זייט, און זיך דארט יעדן טאג געטראָפן אין א קאפּעהויז, אויף איבערצוגעבן זיך געהיימע אינסטרוקציעס, געפעלשטע דאקומענטן און מסתמא אויך גע־ווער.

ביי דער יונגער פרוי, באַשע ב., האט א פּאַסמע גרויע האר זיך באזעצט אין סאמע מיטן קאָפּ. זיך אנגעהויבן ווייסן אין יעדן פון יענע טעג אין ווארשע, בעת די קאָנספּיראציע

באגעגענישן, ווען זיי האבן באדארפט שפילן די ראלע אז זיי רעדן דווקא פריי, וועגן גענויינלעכע, לייכטזיניקע, ווייבערישע ענינים.

זיי זעען ביידע נאך איצט אויס אויס ווי וועלטלעכע קלויסטער־שוועסטער, זענען אנגעטון באשיידן. קוקסט זיך נאך אמאל צו צו זייערע פנימער, דערזעסטו א נייעם וואריאנט: אינטעליגענטישע איידלקייט פלוס ראמאנטישן רעוואלט.

דאס מאטע עלעקטרישע מילך־ליכט און די לעשנדיקע באמסין־היץ העלפן אויך, זעט אויס, צו ניואנסירן די געזיכטס־שטריכן און די אויגן־פארב.

די ערשטע פרוי, ר. א., איז א שריפטשטעלערין, די צווייטע פרוי, באשע ב., איז א ביבליאטעקארין.

די יונגע מאמע אין די מיטעלע יארן האט אוודאי שוין געלייגט איר קינד שלאפן. זי האט שוין געענדיקט איר אמטירן אין דער ביבליאטעק און ארויס שפאצירן אויף רחוב דיזנגוף, צום קינסטלער־קאפע „כסית“, כדי מסתמא צו זען באקאנטע, אדער בלויז אפרוען דורכשפאצירנדיק.

די ביידע פרויען רעדן אויך צווישן זיך סודות'דיק, קאן זיין אז גראד איצט רעדן זיי וועגן גענויינלעכע פרויען־ענינים. די רייד זענען באגלייט מיט אפענע שמייכלען. און דאס שמייכלען זיי נישט כדי אפצונארן די אויגן פון די לויערנדיקע שפיצלעס און שאנטאזשיסטן פון ווארשע, וועלכע האבן זיך ספעציאליזירט אין זוכן יידן מיט ארישע אויסזעענס. דאס שמייכלען זיי אויף אן אמת, ווייל ביידע גייען זיי אצינד שפאצירן אויף די גאסן פון תל־אביב. זיי גייען מיט די טריאומפאלע נס־טריט פון די אלע, וועלכע האבן יענע היטלער־יארן

איבערגעלעבט און נאך עפעס געטון דערצו, אז נאָך אנדערע ייִדן זאלן ניצול ווערן. און אפשר האבן זיי אויך זוכה געווען צו זען, ווי אויך יענע קומען אהערצו, אין ישראל־לאַנד.

גייען זיי, דיביידע דאַמען, רעדן האלב־סודות׳דיק און שמייכלען פולמויליק, מיט פרייד פון נס און נצחון, וואס זיי שפאצירן איצט אויף רחוב דיזנגוף אין תל־אביב.

דאס מאַטע מילך־ליכט פון די סטליזירטע לאמטערנס, וואס ציט זיך אויס אלץ לענגער אויפן טראטואר נאך די צוויי שפאצירנדיקע דאַמען, ווייל דאס אלץ פארשאָטענען אין א מעשהלע. ס׳איז אבער וואָרער אמת פון די מאַי־טעג יאר 1951.

## די לערערין גיזא

1

ווען ער איז געווען 16 יאר און זי 22 — איז געווען צווישן זיי בײדע א גרויסער מהלך, א מרחק אין יארן: ער — א יינגל, זי — שוין א פרוי פון א מאַן. דערצו נאָך לערנט זי אין אוניווערזיטעט. זי איז אויך לערערין אויף די אוונט־קורסן פאר ארבעטער. זי איז שוין שוואנגער אויך. זי איז אין צענטראל־קאמיטעט פון דער רעוואלוציאנערער יוגנט־ארגאניזאציע, פירט אָן מיטן קרייז אויפן נאמען פון ראזא לוקסעמבורג.

שבת באטאג קומט פאָר, האלב קאנספיראטיוו, דער וועכנ־טלעכער פאליטישער קרייז און די לערערין גיזא איז די רע־פערענטין, זי רעדט אזוי שטיל און ניגונדיק ווי זי וואלט אימיטירט א מוזיק־אינסטרומענט. די טעמע פון שמועס איז: רעוואלוציע, דערלייזונג. זי דערציילט וועגן די הייליקע קעמ־פער פאר דער זאך, לעגענדארישע געשטאלטן: ראָבעספיער, לואי בלאַן, באקונין, דעלעקלוז, לואיזע מישעל, ראָזע לוק־סעמבורג. זי רעדט וועגן די ווייטע געשטאלטן ווי זי וואלט געווען זייערס א נאנטע, זי זעט איצט אליין אויס ווי א היי־ליקע. אירע ניגונדיקע רייד רייבט זי אריין, ווי א זאלב, אין די יונגע הערצער, און דער שבת נאכמיטאג ווערט פול מיט

יראת הכבוד פאר דער רעוואלוציע — די באפרייערין, די רעוואלוציע וואס איז קדושה, דערלייזט. אלע מענטשן זענען ברידער, דאַרפן זיין צו זיך גוט, די געפייניקטע דאַרפן תמיד זיין געאייניקטע. אבער פאר־דאס דעם שונא — דאַרף מען צעשטערן, צעשמעטערן, אומברענגען — אין נאמען פון די באעוולטע, באליידיקטע, אויסגענוצטע, הונגעריקע; אין נאמען פון דער פרייהייט, גערעכטיקייט. פאר יוגנטלעכע זענען דאס נישט קיין וואכעדיקע, אפגענוצטע ווערטער. די ווייזיע גליט, הערא̈איזם גלעט, דער רויטער קאַליר כון די פענער פלאטערט פאר די אויגן, שפיגלט זיך איצט אין די אויגן פון דער רע־פערענטין, איבער די באריקאדן בעת דער פאריזער קאמונע.

2

אין 30 יאר ארום. זיי טרעפן זיך ביידע אין א פארשטאט פון חיפה. ס'איז שבת אינדערפרי. זיי דערקענען זיך. ער איז 46, זי — 52. זיי זענען איצט ביידע ווי פון איין יאר. ביידע גרוי. ער — מיט א גרויקייט ווי די האר וואלטן פלוצים איי־בערגעבערענט געווארן אויף גרוי. פארגוואלדיקטע, ליידנדיקע, הארטע, מרה־שחוריקע. אירע האר — גלאטער זייד, א סאַ־לידע ווייבער גרוי, ווי געגרויט זיך פון נחת, קאסמעטיש, כדי צו באַצירן דאס פנים פון דער דאַמע גיזא מיט יחוסדיקער דיסטינקציע.

ער האט דורכגעמאכט יארן אין לאַגערן, די נאנטסטע פארלוירן, געראנגלט זיך מיטן טויט, זיך מיט אים פאַרן גאַרגל געהאלטן, געווארגן. מיט הונגער, טיפוס, לייז — געווען פארברידערט, געוואלגערט זיך אין שפיטעלער, טורמעס, גע־

שלאָפן ביי די וואָקזאַלן. די אַמאָליקע פּאַרהייליקטע געליבטע — די רעוואָלוציע, האָט ער געזען אַרומשלעפּן ביי די האָר אין די רינשטאָקן. זי איז געוואָרן אַ זונה, אַ צרעת, אַ מכשפה, אַ בלוטצאַפּעריין.

זי, מאַדאַם גיזאַ, איז היינט אַ פרוי פון אַן אַרכעאָלאָג. ער איז מיט 15 יאָר עלטער פון איר. דער ערשטער מאַן, אינזשיניער־מעכאַניקער, איז יונג געשטאָרבן פון שווינדזוכט. זי איז לאַנג נישט געווען אַליין. פרוי גיזאַ איז אַ פּאָרנעמע קולטור־דאַמע. וווינט אין אַ שיינעם אַפּאַרטאַמענט, האָט אַ שיינע ביבליאָטעק, באַזוכט רעגולמעסיק די פילהאַרמאָניע, ברענגט אַלעמאָל אַ בוקעט בלומען פאַר די באַרימטע ווירטואָזן. יאָ, זי איז נאָך אַלץ אַ רעוואָלוציאָנערין. צו קיין פּאַרטיי געהערט זי שוין נישט, אָבער אירע יוגנט־אידעאַלן האָט זי נישט פאַראַטן, זי איז נאָך אַלץ אַ פאַרערערין פון דער גרויסער, מעכטיקער, הייליקער רעוואָלוציע אויפן מזרח.

נאָך די ערשטע אויספרעגענישן וועגן די פּערזענלעכע פּאַסירונגען פאַר די דרייסיק יאָר, פאַמיליע־מצב, איז מען אַריבער אויף דעם המשך פון יענע שמועסן פון די שבת נאָכמיטאָגס אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, דאָרט אין וואַרשע, אויף דזשיקע גאַס. וועגן יענעם ווייטן אַמאָל וואָס איז שוין איצט ערגעץ ווייט און ווייטער פון דער קאָמונע, ראַבעספּיערן, ענגלישער פּויערים־בונט. האָט זיך ערגעץ צונויפגעגאָסן מיט שפּאַנישער אינקוויזיציע, קרייצצוגן, אַריין אין אַלטערטום, ערגעץ אין ווייטע, פּרעהיסטאָרישע טונקעלע תהומען פון מאָרדי־מולך, געצנדינערייי, קאַלך־אויוונס.

ער רעדט און שעלט. ער וויקלט מיט געשיכטע, עפּאָכעס,

געשטאלטן, פּאַסירונגען, ווי ער וואלט ארומגעוויקלט תפילין־רצועות ארום זיין האנט. רעדט צו איר וועגן דער וועלט, לעבן ליידן, אלע קאַרידארן פון פּיין — ווי א גיד, א טוריסטן־פירער קלערט אויף פּאַר טוריסטן דעם וועג אין א הייל אין א טויזנטיעריקער קאַטאקאָמבע. ער רעדט מיט חכמה פון געפּרוווטקייט, א בעל נסיון אין ערב־טויטן.

זי, גיזא, די אמאליקע לערערין, איז איידל אויפגערעגט. זי שמייכלט מיט אזא אויבער־קלוגשאפט, וואס איז, זעט אויס, צוגענגלעך און צוטריטלעך נאר פאר פארטרווילעכע, אויס־דערוויילטע יחידים. אזעלכע וועלכע ווייסן עפּעס א גרויסן סוד, וואס איז זיי אנטפּלעקט געווארן אויף א גאנץ באַזונדערן, געהיימען וועג. אויבער־מענטשן. אויבער־רעוואלוציאנערן. זי זאגט צו אים מיט א באלערנדיקן, לעצט־ווארטיקן טאָן:

— יאָ, די רעוואלוציע פאָדערט קרבנות. א סך. הונדער־טער. טויזנטער. און אפשר מיליאנען? יאָ, דיקטאטור איז אומבאדינגט נויטיק. יאָ, טעראר. ליידער איז ער נויטיק. יאָ, אפילו איבער זקנים, אפילו איבער קליינע קינדער, אפילו איבער הויכער אינטעליגענץ, אפילו איבער אייגענע, שלאַ־בעריקע רעוואלוציאנערן, חברים וואס וואקלען זיך — יאָ, טעראר, צעשטערן, צעשמעטערן! — — —

און אין מיטן איר פייערלעכן רעזאנירן האט זיך עפּעס דערהערט פון דער זייט אַן אומנאטירלעכער קוויטש! —

וואס איז געשען?

אַט, א פשוטער צופאל: א דורכפארנדיקער אויטא האט איבערגעפארן א דורכלויפנדיק הינטל. זי, גיזא, האט דאס די ערשטע דערזען — און זי ספאזמירט, כליפּעט, כאפּט זיך

פאַרן האַרץ. ער מוז זי אַריינפירן אין אַ פרעמדער שטוב, דערלאַנגט איר וואַלעריאַן־טראָפּנס און מונטערט זי כסדר:

— נעמט איך נישט איבער, חברטע גיזאַ, דער הונט איז נישט אומגעקומען, ס׳האַט אים נאָר צעקוועטשט אַ פוס.

אָבער עס איז שווער זי צו טרייסטן, צו דערמונטערן, איר מראה איז אײַנגאַנצן געביטן, טאַרבעלעך אונטער די אויגן, אַ צער צוקט אַרום אירע ליפּן און זי ספּאַזמירט נאָך אַלץ —

זי, די חברטע גיזאַ, די אָנהענגערין פון טעראָר איבער מיליאָנען — — —.

## א באזוך אין חיים ווייצמאן־גארטן

דאנערשטיק, דעם 23־טן אויגוסט 4 נאכמיטאג, האט מען זיך פארזאמלט אין ירושלים פאר דעם קאנגרעס־בנין, ביי די אויטאבוסן, כדי צו פארן קיין רחובות צו דער גארטן־אויפנאמע ביים פרעזידענט ווייצמאן.

חוץ די ארדנער, סדרנים, מיט די ווייסע ארעמבענדער און געהעריקע אפצייכנס, פארן אויך מיט קראנקנשוועסטער, ווי מ'וואלט זיך חלילה געגרייט צו פארן אויף א קריגס־אפעראציע.

אין תור צו די אויטאבוסן שטייען די קאנגרעס־דעלעגאטן פון העכער א האלבער מאה לענדער און די היגע און אויס־לענדישע זשורנאליסטן, אלע מיט די איינלאדונגס־קארטן אין די הענט.

דורך וואסערע 10 מינוט רעד איך מיט באקאנטע, וואס איך האב אין די לעצטע יארן געזען אין שטאקהאלם, פאריז, ניו־יארק, מיט אזעלכע וועלכע איך קען נאר זייערע נעמען, אדער זיי קענען מיין נאמען — פון טשילי, ארגענטינע, או־רוגוואי.

אין די פאר אייליקע מינוטן רעדט מען וועגן פערזענלעכן געזונט־מצב, וועגן פראבלעמען פון ישראל, ליטעראטור,

פרעסע. מ׳פרעגט זיך נאך אדער מ׳גיט זיך אפ גרוסן פון בשותפותדיקע באקאנטע.

די אויטאבוסן פארן שוין. דאכט זיך אז זיי פארן א ביסל צו פאמעלעך, צו אזא גרויסער פייערלעכקייט וואלטן זיי געמעגט פארן א ביסל גיכער. ווארט, ווארט, זיי פארן שוין, דאכט זיך, צו גיך, צו אזא פייערלעכקייט וואלט מען געמעגט פארן א ביסל פאמעלעכער...

קאלעגע לייב ראכמאן ווייזט מיר אן אויף א דעלעגאט וואס זיצט הינטער אונז און די גאנצע צייט פונעם פארן, שוין קרוב א שעה צייט, האלט ער אין איין לייענען אט דעם ווייסן איינלאדונגס־בילעט, נעם איך שוין ארויס אויך מיין איינלאדונגס־בילעט און לייען איבער:

בית הנשיא של מדינת ישראל
נשיא המדינה והגב׳ ויצמן
מזמינים את .............. למסיבה לכבוד
צירי הקונגרס הציוני הכ״ג שתערך בגן ביתם
ברחובות, ביום כ״א באב, תשי״א, 23.8.1951,
בשעות 18.30 עד 19.45.

(הויז פון פרעזידענט פון מדינת ישראל. דער פרעזידענט און פרוי ווייצמאן לאדן איין דעם ........... (נאמען) צו דער מסיבה, לכבוד די דעלעגאטן צום 23־טן ציוניסטישן קאנגרעס אין גארטן פון זייער הויז אין רחובות, דעם 23־טן אויגוסט 1951 (כ״א באב תשי״א) אין די שעהן פון 18.30 ביז 19.45).

וואלט איך געוועזן א דעלעגאט פון אורוגוואַי, צי פון טשילי, וואלט איך מסתמא אויך מער ווי איינמאל איבער־געלייענט אַט די דאזיקע איינלאדונג, וואס מ׳וועט זי באַ־דארפן באהאלטן פאר אַן אָנדענק פון דעם זכות און כבוד וואס דו האסט געהאט — פארבעטן צו ווערן צום פרעזי־דענט פון מדינת ישראל — ד״ר חיים ווייצמאַן.

בין איך דאך אבער א תושב פון ישראל, לייען איך זי ניט מער ווי איין מאל, אבער א וואַרעם פלאַטערל באַ־גלייט דאס איינע מאָל לייענען.

ביז איצט האב איך געהאט געזען ווייצמאַנען נאָר צוויי מאָל: אויפן ציוניסטישן קאנגרעס אין 1939 אין זשענעווע, אים געזען און געהערט; אין פּאַריז, יאר 1949, ביים וואָק־זאַל סאַן לאזאַר. צענדליקער טויזנטער יידן זענען אים גע־קומען אנקוקן צום וואַקזאל. פרויען האבן געקושט די שויב פון אויטאָ ווו ער איז געזעסן, און טראדיציאנעלע יידן האבן הויך געמאכט א שהחיינו און געגלעט דאס טירל פון אויטא. דער געדראנג אויף די גאסן, ארום זיין אויטא, איז געוועזן אזא געדיכטער, מאסיווער, אז ניט איינעם האט מען געזען מיט א צעעפנט מויל פון ניט קאָנען אטעמען. די פראנצוי־זישע פאליציאנטן האבן געמוזט אנקומען צו זייערע שטע־קעלעך און זיי אויספרווון אויף די יידישע נאַקנס... וואס דערפון איז לגמרי ניט געווארן לויזער און לייכטער צום אטעמען. ערשט ביי דער צערעמאניע־תפילה אין שול איז שוין מעגלעך געווען אים עטוואס צו זען.

מיר זענען שוין נאָנט פון רחובות. דאס וואַרעמע פלאַ־טערל אין דער נשמה צעפלאטערט זיך האסטיקער. חוץ דער

געוויינלעכער פארערונג צום פרעזידענט, איז אין די לעצ־
טע וואָכן מיר צוגעקומען א גאנץ באזונדערע, פערזענלעכע
סיבה פאר א טיף געפיל פון דאנקבארקייט צו אים.

און דא וויל איך איבעררייסן מיט א פערזענלעכער הת־
נצלות. אין יאר 1949, ווען עס זענען שוין געהאט דערשינען
אין פאריז מיינע צוויי בענדער וועגן רוסלאנד, האב איך
געשיקט אזעלכע 2 בענד צום פרעמיער דוד בן גוריון קיין
ישראל. געשיקט צוליב צוויי סיבות: ראשית — פון גע־
רירטקייט, פון איבערגענומענקייט מיט מדינת ישראל, צו איר
ערשטן פרעמיער־מיניסטער; והשנית — אויך מיט דער
כוונה אז ער זאל די ביכער לייענען און זיי זאלן אים בא־
ווירקן, ער זאל געוואר ווערן דאס וואס ער ווייסט אפשר
נישט וועגן ראַטנפארבאַנד. וועט עס אפשר אויך זיין צום
נוצן פון ישראל. ווען איך האב אין א קורצער צייט ארום
באקומען פון דער קריה אין תל־אביב, פון פרעמיערס קאנ־
צעלאריע, א דאנק־בריוו, האב איך זיך דערמיט זייער גע־
פרייט.

אָט איז די פאָטאָ־קאָפּיע פון בריוו:

(זע ווייטערדיקע זייט)

לשכת ראש הממשלה
CABINET DU PREMIER MINISTRE

00/5214

הקריה, כ׳ בכסלו תש״י
11 בדצמבר 1949

לכבוד
מר משה גראסמאן
פריז.

א.נ.,

נתבקשתי על ידי ראש הממשלה לאשר קבלת ספרך "אין פארכיטופטן לאנד פון לעבעדארן דזשוגאשווילי" ולהביע לך רגשי הוקרתו העמוקים על התשורה הנאה שהואלת להגיש לו.

בכבוד רב

דורית רוזן
לשכת ראש הממשלה

רמ/רס

— קאנצעלאריע פון פרעמיער־מיניסטער 00/5214
הקריה, כ׳ כיסלו, תש״י — 11 דעצעמבער 1949

צום געערטן הער משה גראָסמאַן, פּאַריז.

ג. ה.,
איך בין געבעטן געוואָרן דורכן פּרעמיער־מיני־

סטעו צו באשטעטיקן דאס דערהאלטן אייער בוך „אין פארכישופטן לאנד פון לעגענדארן דזשוגאשווילי", און אויסצודריקן אייך געפילן פון טיפער אכטונג, אנערקענונג, פאר דעם שיינעם געשאנק וואס איר האט באוויליקט אים צו שיקן.

מיט גרויס כבוד

דודית רוזן
קאנצעלאריע פון פרעמיער־מיניסטער

צום מלוכה־פרעזידענט האב איך בכיוון נישט געשיקט, הגם עס האט זיך מיר דאס זייער געוואלט. איך האב צו אים נישט געשיקט דערפאר, כדי עס זאל אים נישט שטעלן אין א פארלעגנהייט — ער וועט אפשר וועלן דאנקען און ס'וועט אים נישט זיין באקוועם, אלס פרעזידענט מוז ער זיין געהיטן מיטן מינדעסטן דאקומענט פון זיין קאנצעלאריע, און ארום דעם בוך איז דאך א צייט געווען אביסל פאליטישער טומל.

אין יאר 1951, אין ירושלים, האב איך באקומען אן אנצוהערעניש פון פרעזידענטס נאענטן קרוב, אז איך זאל מיינע צוויי ביכער צושיקן דעם פרעזידענט. דעריבער, ווען איך האב באקומען אן ענטפער פון זיין קאנצעלאריע, און האב נאך חוץ דעם באקומען רעלאציעס פון זיינע מקורבים וועגן דעם איינדרוק פון מיינע ביכער אויף אים, איז עס ביי מיר געווען גאר, גאר אנגעלייגט.

## די פאַטאָ־קאָפּיע פון בריוו:

**מדינת ישראל**

**לשכת הנשיא**

הקריה, ט"ו בתמוז תשי"א
19.7.1951
1/ס/5957

לכבוד
מר משה גרוסמן,
בית 141,
רמת עמידר.

מר גרוסמן הנכבד,

נשיא המדינה הורנו לאשר בהודה את קבלת מכתבך מיום 12 ביולי 1951.

אנא סלח לנו על העכוב שחל בגלל טעות משררית, באשור קבלת ספרך: "אין פארכישופטן לאנד פון לעגענדארן דזשוגאשווילי".

אל נכון תשמח לדעה שנשיא המדינה קרא בעיון והעריך את ספרך המקשט הדיר את ספרית ביתו.

קבל-נא את תודות הנשיא על מתנתך הנאה.

בכבוד רב,

[signature]

לשכת נשיא המדינה

מדינת ישראל, קאנצעלאריע פון פרעזידענט,
הקריה, 19־טער יולי 1951,
לויף־נומער 1/3/5957

צום געערטן הער משה גראָסמאַן, הויז 141,
רמת־עמידר

געערטער הער גראָסמאַן,

דער פרעזידענט פון דער מדינה האט אונז אנ־געוויזן צו באַשטעטיקן דאס דערהאלטן אייער בריוו פון 12־טן יולי 1951. אנטשולדיקט אונז, ביטע, פאַר דעם אויפהאלט, וואס איז געשען צוליב א ביורא־טעות, אין באַשטעטיקן דאס דערהאלטן אייער בוך „אין פארכישופטן לאנד פון לעגענדאַרן דזשוגאשווילי".

איר וועט זיך זיכער פרייען צו וויסן, אז דער מדינה־פרעזידענט האט געלייענט מיט אינטערעס אייער בוך און עס אריינגעשטעלט צווישן די ביכער, וואס באַצירן סטאַביל זיין הויז־ביבליאָטעק.

נעמט צו, ביטע, די דאנקען פון פרעזידענט פאַר אייער שיינער מתנה.

מיט גרויס כבוד
א. שפירא

קאנצעלאריע פון מדינה־פרעזידענט

**בין איך דעריבער איצט אין געשפאַנטער, פייערלעכער, ערב יומטובדיקער, אדער שוין טאָקע — פול־יומטובדיקער שטימונג.**

**קודם האט מען באַזוכט דעם וויצמאַן־אינסטיטוט. די**

אינזשיניערן און לייטערס וועלכע האבן ארומגעפירט די געסט איבערן אינסטיטוט, האבן געגעבן אויפקלערונגען אין עברית, יידיש, ענגליש, שפאניש.

מען איז געוואָר געווארן אז:

1) אין דעם וייצמאן־אינסטיטוט איז געלונגען צו דער־פינדן א מיטל אויף צו אנטזאלצן געזאלצענע וואסערן. די דאזיקע דערפינדונג איז איבערגעגעבן געווארן אין רשות פון דער אונאָ, אז זי זאל עס איבערגעבן צו די אלע פעל־קער, וועלכע נייטיקן זיך דערין (ווי פערו, מעקסיקע און אנדערע);

2) מ'האט געפונען א מיטל ווי אזוי צו פארוואנדלען געוויסע געוויקסן אין שטאָפן פאר פלאַסטיק און ניילאָן. די דאזיקע דערפינדונג איז געמאכט געווארן צוזאמען מיט פאַר־שער פון דער פאריזער סאָרבאָנע. פראנקרייך פראדוצירט שוין די דאזיקע שטאפן 75 טאָן א טאג. מיר וועלן ערשט דאס אנהויבן פראָדוצירן אינעם נאָנטסטן יאר. דאס וועט עלול זיין צו אַן איבערקערעניש אין דער ישראל־אינדוסטריע;

3) אלע פארטרוקנטע מיליאנעןביימער אין די פאר־לאזענע פרדסים וועלן ווערן איבערגעמאלן און שאפן א פלאַסטמאסע וואס איז אויסגעצייכנט פאר בוי־צוועקן;

4) אונדזער צה״ל איז אין כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט דעם אינסטיטוט און עס ווערן אויסגעפונען נייע מינים גע־ווער און פארטיידיקונגס־מיטלען;

5) דער גרויסער ספעציאליסט פאר ראַק־פארשונג, ד״ר בערנבלום, א ייד, געפינט זיך אין דעם דאזיקן אינסטיטוט און פירט דא זיינע פארשונגען;

6) אַן עלעקטראַנישער עלעקטראַסקאָפּ, וועלכער פאַרגרע־סערט (און פאָטאָגראַפירט) אויף 100 טויזנט מאָל. אַזעלכע אַפּאַראַטן זענען פאַראַן אין דער וועלט בסך הכל 45. אַדאַנק דעם דאָזיקן אַפּאַראַט איז געלונגען צו פאָטאָגראַפירן געוויסע באַצילן, אָבסערווירן זייער טעטיקייט — וואָס דאָס האָט געהאָלפן באַשטעטיקן די פערמענטאַציע־טעאָריע פון ד"ר חיים ווייצמאַן.

חוץ דעם דאָזיקן עלעקטראָסקאָפּ געפינען זיך אינעם אינ־סטיטוט נאָך איניקע וויכטיקע אַפּאַראַטן, וועלכע זענען פאַ־ראַן אין דער וועלט ווינציקער פון 10.

דאָ געפינט זיך די ביבליאָטעק פון גרעסטן כעמיקער אין דער וועלט, דעם דייטשן ייִד פּ. האַבער. ער, דער בע־רימטער לייטער פון דער „אַ. ג. פאַרבן־אינדוסטרי", דער דער־פינדער פון די שטיקנדע גאַזן אין 1918, דער נאָבל־לאָוראַט, בעת ווייצמאַן האָט אין יאָר 1933 אים פאַרבעטן קיין ארץ־ישראל, אין ירושלימער אוניווערזיטעט, האָט האָבער אים אָפּגעענטפערט מיט אַ בריוו, אַז ער וואָלט די דאָזיקע אײַנ־לאַדונג מיט פאַרגעניגן אָנגענומען, נאָר עס פּאַסט ניט, עס איז ניט שיין אַז ער זאָל פאַרלאָזן די דייטשן, דייטשלאַנד — אין אַ צייט פון אַ סכנה.

אין אַ יאָר אַרום האָט שוין האָבער געמוזט אַנטלויפן פון דייטשלאַנד קיין שווייץ. ער האָט דעמאָלט געשריבן אַ בריוו צו ווייצמאַנען, אַז ער וועט אין דער שווייץ נאָר אָפּרוען בלויז צוויי וואָכן און תיכף קומט ער קיין ארץ־ישראל. האָט דער גורל, זעט אויס, דאָס ניט געוואָלט, זיך פאַרעקשנט און האָבער איז אין די דאָזיקע 2 אָפּרו־וואָכן — געשטאָרבן.

עס האט נאר דערגרייכט אהער א טייל פון זיין בי־ביבליאטעק וואס ער האט באוויזן אפצושרייבן ווי א געשענק. אין איר זענען פאראַן זעלטענע עקזעמפלארן, ביכער וועגן כעמיע, וואס פון א סך אוניווערזיטעטן אין דער וועלט בעט מען זיך פאר זיי אפצושרייבן בלויז געוויסע פאראגראַפן און פאָרמולעס.

8) מען זעט דאָ אויך א שאַנק מיט ביכער געשאָנקען פון פראפעסאר אַלבערט איינשטיין.

אנגעזאפט און דורכגענומען מיט דער איידעלער הנאה פון פארברענגען אין אַן אטמאספער פון דערהויבנקייט, עקזאק־טער, פראקטישער וויסנשאפט — וואס איז הויכע רוחניות — זענען מיר אריין צוריק אין די אויטאבוסן און צוגעפארן צום פאלאַץ, צו דער רעזידענץ פונעם פרעזידענט.

ביים אריינגאנג קאנטראלירן שוטרים אייער איינלאדונג. אינעווייניק שטייען שוין: די פרוי פונעם פרעזידענט — וויע־ראַ וויצמאַן, דעם פרעזידענטס סעקרעטאר, נאָך איינע א פרוי, און זיי אלע באגריסן מיט א האנטדרוק יעדן איינעם פון די אריינגעקומענע געסט. די פרוי וויצמאן טראגט העטשקעס, שווארצע, ריפסענע האַנטשן, ווייל זי מוז דריקן העכער טויזנט הענט, קיין עין הרע — — —

דערנאָך דערנענטערן מיר זיך צו יענעם ליכטיקן ווינקל, וואס איז פארשאָטנט פון א ברייט־צעצווייגטן, פול באַבלע־טערטן בוים, אויף א באנק אין גאָרטן — און דארט זיצט ער אליין — אונדזער מלוכה־פרעזידענט ד״ר חיים וויצמאַן.

ער זיצט אנגעלענט. שיער ניט ליגענדיק. זיין פנים און

אויגן באוויזן, אז אייגנטלעך פילט ער זיך אינגאנצן ליגנדיק, ער זיצט אבער מיט אלע כוחות.

זיין פנים און געשטאלט פון אַן אַדלמאַן, גייסטיקן גיבור; מיט טרויער פון א גרויסן ייד וואס איז געווען אַן עדות פון דעם גרויסן יידישן בראָך; באשיינט מיט פרייד פון דער־לעבן מדינת ישראל (אויף וואס ער האט זיך ניט געריכט נאָך אין דער ערשטער העלפט יאר 1947); מיט צופרידנ־קייט פון דער איצטיקער באגעגעניש מיט פאָרשטייער פון יידנטום אין דער גאָרער וועלט; פאלקסטימלעכע ווייכקייט אין זיינע וואַרעמע, סענטימענטאלע אויגן — אָט די געשטאלט וואס הייליקט זיך פון רגע צו רגע — נאָר א ־רעמבראנדט וואלט געווען ביכולת צו מאָלן אָט דעם פאָרטרעט פון איינעם פון די שענסטע יחידים אין אונדזער דור.

אויף דער באנק זיצן נעבן אים פון ביידע זייטן ד״ר נחום גאלדמאן און אליה דאבקין. זעלטן ווער עס וואַגט צוצוגיין גאנץ נאָנט און אים באלעסטיקן מיט א האנטדרוק. עס פאָרמירט זיך ארום אים א האלבער קרייז. זיינע אדיו־טאַנטן בעטן העפלעך דעם עולם זיך אפצירוקן אביסל וויי־טער, כדי ניט צו פארשטעלן אים די לופט. אבער די פילם־אָפעראַטאָרן און פאָטאגראַפן שטייען מיט די פאטא־לופעס נאנט צו זיין פנים און האלטן אין איין אויפנעמען און אראפ־נעמען. אלץ וואס פון גרויסקייט און מאַיעסטעטישקייט לאזט זיך נאָר אראפנעמען אויף א קלישע — מוזן זיי ארויסבא־קומען. דעריבער שטופן זיי די גלאז־אביעקטיוון אלץ נענטער און נענטער צו די דינסטע ניואנס־שטריכן פון פרעזי־דענטס פנים.

די וויניקע מקורבים וועלכע גייען צו אים צו זיך באַגריסן מיט דער האַנט, פרעגט ער ביי זיי עפּעס שטיל איבער, מ'הערט אַז ס'רוב פרעגט ער אין יידיש. צו יצחק גרינבוימען זאָגט ער פּאַטערלעך גוט־ברודעריש:

— דו האַלטסט זיך קאַנעהאָרע, נאָך גאַנץ יונג און פריש.

וועגן זיינס אַ באַוווּסטן אַמאָליקן קעגנער, וועלכער געפינט זיך דאָ איצט אין גאָרטן, זאָגט ער צו איינעם פון די דעלעגאַטן:

— נו, ער האָט כאָטש אַריינגעכאַפּט „קלעפּ" אויפן קאָנגרעס?

זיינע הענט ליגן אויסגעשטרעקט מידע, האָניק־געלע. דאָס פּנים, דער שטערן, די אויגן זענען איצט דורכגעאָדערט און באַלויכטן מיט אָפּשטראַלן פון זכרונות פון זעכציק יאָר מי, לערנען, קעמפן, פאָרשן, וויטיקן, דערגרייכן, דורכפאַלן און דערפאָלגן, פון זעקסאונזיבעציק יאָר לעבן אַ גרויס לעבן — אָבער אינמיטן דעם אַלעם ציקט דורך אויף דער אויבערשטער ליפּ און אין די אויגן־ווינקלען אַ היימיש שמייכעלע פון דעם היימישן יינגל פון שטעטל מאָטעלע ביי פּינסק, פון דעם סטודענט וואָס איז געווען מיט עטלעכע פופציק יאָר צוריק אַן אָרדנער ביי דער טיר אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס; אויך אַ שמייכעלע פון אַ פּאָלעמיסט, — פון אַ פּאָליטיקער — אַ שמייכל פון אַ זיגער.

דער עולם זיצט אין גאָרטן ביי די טישלעך ווו מען דערלאַנגט צום טרינקען פּאָמעראַנצן־זאַפט מיט קיכעלעך. אין אַ זייט שטייען ביי צוויי מנינים מזרחי־דעלעגאַטן און דאַווענען צווישן די ביימער מנחה.

ס'איז מסתמא אויך א תפילה און א שבח פארן דערלעבן צו אזא זכות, צו אזא באגעגעניש אין מדינת ישראל. אזא תפילה און שבח זאגן מסתמא בכוונה אויך ניט־דאווענענדיקע דעלעגאטן.

עס גייען פארביי עטלעכע דעלעגאטן פון מפ"ם: דער דיכטער שלאָנסקי, מאיר יערי, זרובבל, ד"ר אַדאָלף בערמאַן מיט זיין פרוי, יצחק לעוו, עס קומען זיי אקעגן יוסף העפטמאַן, רעדאַקטאָר פון „הבקר", דער רעוויזיאָניסט אייזיק רעמבא, דאָ באגריסן זיך אלע מיט פריינטלעכע יום־טוב־שמייכלען. עס איז נישט לאנג אוועק הרב ד"ר הלל סילווער. ברוך צוקערמאַן זיצט מיטן פנים צו די דאווענענדיקע... דער הימיש־באליבטער און כמעט פון אלעמען רעספעקטירטער יוסף שפרינצאק גייט ארום און זוכט מיט זיינע נייגעריקע אויגן עפעס איינעם פון וועלכן מ'קען הערן א גוט ווערטל, אדער דערציילן יענעם א גוט ווערטל. ס'איז אויך רעכט א פשוטן, געשמאַקן קיבעץ טאָן.

דער פארנאכט פאלט צו דאס מאל, דאכט זיך, פאמעלעכער ווי געוויינלעך.

די שטימונג איז נעילהדיק, צוגלייך — שמחת־תורהדיק. מ'הערט ווי עס מישט זיך איצט ווידער איבער א בלאט אין דער יידישער געשיכטע. מיר האבן דעם זכות צו זיין דערפון עדות. די ביימער שאָקלען זיך פאמעלעך צום נאכזאגן „אמן" — ווי ס'וואלט אוודאי געזאגט מענדעלע, עס שווימט צו די נאכט אויף א שטילער, רוישלאָזער שיף. ס'דערנענטערט זיך דער מוצאי יום־טוב און אן „אמן" באגלייט דיך ארויס פון ווייצמאַן־גאָרטן אויף דעם וועג צוריק קיין ירושלים.

חודש אב, תשי"א, אויגוסט 1951

## קאנצערט פון זכרונות

מיין שכן, דער בולגארישער ייד, איז נישט אזוי אלט ווי געבויגן. זיינע פיס פארטראגן שוין נישט דעם צו הויכן קערפער, וועלכער איז היינט שוין ווייט פון זיין אמאליקער פולקייט. אבער אויך די מאגערע רעזערוון זענען נאך אלץ צו־פיל לאַסט פאר די לויזע, טרייסלענדיקע פיס. איז די פלייצע זיינע אויסגעבויגן, ווי זי וואלט זיך איבערגעגעפערט דעם קאָפּ, ער זאל אויך אביסל צוהעלפן שלעפן: די אברים דאַרפן זיך קעגנזייטיק ארויסהעלפן.

גייט ער דווקא איילנדיק, וועלנדיק ארייננכאפן א לעצטן שאנס, ווייל צופיל קאָן מען זיי, די פיס, שוין נישט טרויען. טריטלען די פיס שמאלע, טענצלדיקע טריטלעך. ווען ער קויפט עפעס איין און דאַרף דאס ארייננטראגן, טוען עס שוין פאר אים די שכנטעס. אין תור לאזט מען אים נישט שטיין, מ'טראגט אים אָפּט צו דאס שטרויענע קאָשיקל מיט די פּראָ־דוקטן ביז צו דער שטוב.

חוץ בולגאריש רעדט ער אביסל פראנצויזיש און עטוואס עברית. ער רירט אָן די עברית ווערטער קוים־קוים, ווי זיי וואלטן זיין פון פאַרצעליי און ער האט מורא זיי צעברעכן. קומען ארויס די רייד זיינע קינדיש. און גראד בעתן קינדערשן פּי־שטשען עברית — לאָזן זיך אים נידעריק אראפּ די קינסט־לעכע ציין אין מויל, און ער וויל זיי שנעל צודריקן צו די

אונטערשטע, פארכאפט זיך אין מיטן אווארט און אנשטאט „כן־כן" — קומט ארויס — „קוועין־קוועין".

ער וווינט דאָ מיט איין זון. ער איז 35 יאר אלט דער זון, נאר עס איז א קנאפע נפקא מינה וויפל ער איז אלט — דער דאזיקער מאנצפערשוין — ווייל דאס לעצטע איז ער נעבעך גאנץ גאר קנאפּ...

אויך הויך אין וווקס, שמייכלט א פארשולדיקטער מיט דעם גלאטיקן פרויען־פנים, ווי ער וואלט זיך פארענטפערט מיט א בקשה אין די אויגן: — לאכט ניט פון מיר, איך בעט אייך, אזא בייזער קאפריז פון דער נאטור, איך האב געהאט דעם בעסטן ווילן...

און צו וואס איז ער נאך דווקא אזוי הויך געוואקסן? וואלט ער כאטש געווען קליין, דאַר, איינגעשרומפן. שלעפט ער זיין צולהכעיסדיקע הויכקייט און גייט אויך עטוואס איינ־געבויגן.

לעצטנס האט ער באקומען ארבעט אויפן כביש. איז אהיימגעקומען אפגעברוינט אויפן פנים, מיט דער געשמאקער מידיקייט פון וויסן — אז ער האט געטון עפעס וויכטיקס, געארבעט גראָבע ארבעט און פארדינט 2 פונט.

דער טאטע ווארט אים אָפּ פאַר דער שוועל און שוין פון ווייטנס פאָכעט ער צו אים מיטן האנט, ווייזט אים די טיר אויף אריינגיין, ווי ער וואלט אים פארבעטן צוגאַסט.

דער זון שמייכלט מיט א פאַרדינטער צופרידנקייט, אליין נאָך קינדיש פארשעמט, גייט אריין אין שטוב און דער טאטע בלייבט נאָך אין דרויסן אויף דער שוועל, אויף א מינוט, כדי צו זאגן האלב אין דער גיך צו מיר, זיין שכן:

— אַ שוואַך קינד, גלייב איך, אָבער מען מוז אַרבעטן.

ער האָט נאָך צוויי זין, איינער אַן אינזשיניער, וואָס הייבט זיך ערשט אָן איינאָרדנען, און דער צווייטער אַ פידלער. זיי קומען צו אים נאָר אויף שבת.

לעצטנס, איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, איז ער אַרויף אויפן ערשטן שטאָק צו דער ליטווישער שכנטע. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן, געפּרעסטן אָנצוג, אין אַ פּריש־שטײף ווייס העמד, בריייטן גראַנאַט־קראַוואַט פאַרזעצט מיט אַ פּערל־שפּילקע. אָפּראַזירט אויף ווייפל אַ ווייך, געקנייטשט פּנים לאָזט זיך אָפּראַזירן, אָדעקאָלאָנירט, די שיך אָפּגעפּוצט.

די שכנטע האָט איר באַוווּנדערונג שנעל נייטראַליזירט און געבעטן דעם אַלטיטשקן זיצן.

ביז איצט האָט זי, ווי אַלע שכנטעס, אים געזען תמיד נאָר אין אַן אונטערשטן געל־רויט געקראַטעוועט פלאַנעל־רעקל וואָס איז אַ העלפט פון אַ פּיזשאַמע. זעלטן ווען האָט ער גע־טראָגן אַ לייכט, שוואַרץ אַלפּאַגן־רעקל.

נאָך איידער ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט ער גע־זאָגט נאָך וואָס ער איז געקומען:

ער איז געקומען הערן ראַדיאָ פון ירושלים. ער האָט נישט אין שטוב קיין ראַדיאָ.

די פרוי האָט געעפנט דעם אַפּאַראַט, אָנגעשטעלט אויף ירושלים און אין אַ מינוט אַרום האָט זיך שוין געהערט שפּילן. די שכנטע האָט אים געפרעגט צי ער וויל ניט טרינקען אַ גלאָז טיי, עסן אַן אַראַנזש. ער האָט מיט אַן אַנטשולדיקונגס־געבעט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

ס׳האט נישט געדויערט לאנג און דער אלטיטשקער האט זיך צעוויינט.

נאך איידער די פרוי איז צוגעלאפן צו אים פרעגן די סיבה, האט ער אליין ארויסגעהעשעט:

— מיין זון שפילט! דער פידלער!

בעת דער פויזע האט דער אלטער נאך אלץ זיך פאר־ענטפערט:

נאך די אלע איבערלעבענישן געמיינט — ער וועט שוין קיינמאל מער נישט קענען שפילן. עטלעכע יאר נישט געהאט די פידל אין האנט — און אָט שפילט ער שוין ווידער. דורכן יידישן ראדיא. פון ירושלים. און —

ער האט שארף איבערגעהאקט, ווייל ס׳האט זיך שוין געהערט דער צווייטער טייל פידל־קאנצערט.

דער טאטע איז געזעסן, מיט ביידע הענט אונטערגעשפארט דעם קין, די מחשבות זיינע זענען איצט אויך אין די הענט. ער קוקט אין ראדיא, ווי ער וואלט אים טאקע דאָ געזען שפילן, אדער אפשר אויף דער עסטראדע, אדער אפשר האט ער גאר איצט געזען ווי זיין זון האט אין בולגאריע זיך גע־ראנגלט מיטן דייטש בעת יענער האט אים צוגענומען די פידל, דאס אויסבאהאלטן זיך מיט דער משפחה אין קעלער, די שאָסן אונטער די אויערן, אנטלאפן, זיך געראטעוועט, ווי־דער אויסבאהאלטן, די באפרייאונג, דאס עולה זיין קיין ישראל — דאַכט זיך אז אָט טאַקע דאס שפילט איצט אויס זיין זון אויף דער פידל, דורכן ירושלימער ראדיא.

ער שטופט שטארקער די הענט אונטער זיין קין. — ווייל פארהאלטן דעם ספאַזם־ניגון, וואס באגלייט אין דער שטיל זיין זונס קאנצערט...

## „דער בלינדער און דער יתום"
(בלעטלעך פון היימישן אמאָל)

### א

„קרעסטיאַנין סיעעט פּאָלע" — זענען די ערשטע ווער־טער אין דעם רוסישן עלעמענטאַר, וואָס איך האָב געלערנט אַלס קליין יינגל, מיט פערציק יאָר צוריק. אין מיטן פון דער דאָזיקער דערציילונג איז געווען אַן אילוסטראַציע ווי אַזוי אַ פּויער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל פון העמד, אין אַ שטרוי־ענעם קאַפּעליוש מיט ברייטע ראַנדן, האַלט מיט איין האַנט אונטערגעהויבן דאָס אַנגעבונדענע פאַרטעך און מיט דער צווייטער האַנט זייעט ער קערנדלעך אויפן פעלד.

אויף די ווייטערדיקע זייטלעך זענען געווען בילדער ווי פּויערים שניידן די תבואה, ווי שיקסעס בינדן בינטלעך זאַנגען, גייען אהיים זינגענדיקע פון פעלד מיט די גראַבליעס אין די הענט, אַנגעלענט אויף די אַקסלען, ווי ביקסן ביי סאָל־דאַטן.

אין וואַרשע האָבן מיר דעמאָלט געהאַט געוווינט ערשט צוויי יאָר, אָבער דאָס קליינע שטעטל, די פעלדער אַרום, זאַנגען, דער טייך, די מיל — זענען דורך די צוויי יאָר שוין פאַרמעקט געווען, יעדנפאַלס — געדיכט פאַרנעפּלט. אין יענע

יארן פון זעקס ביז אכט, איז יעדער טאג געווען נאך איין ביי, אויפגעעפנט טויער אין אומבאקאנטן לאנד — לעבן, א טריט אויף א בארג וואס דאס אויג זעט נישט זיין שפיץ (ווי א מילב וואס נעמט קריכן אויף דער פוס־פיאַטע פון א העל־פאנט). דורך איין טאג ווערט מען דערנצמאל אזויפיל געוואר, מען דערזעט נייע וואונדער, מ׳הערט נייע דערשטוינלעכע מע־שיות וועגן די פארבארגענישן אין דער וועלט — א טאג גע־דויערט דעמאלט זייער, גאר לאנג. און צוויי יאר האבן אזוי־פיל טעג, און איבער דער גאנצער צייט אין וואַרשע האט מען נישט געזען נישט קיין פעלדער, נישט קיין זאַנגען, נישט קיין טייכל, נישט קיין מיל. דעריבער איז אזוי אלץ פארווישט געוואָרן, א נעפל אויף א נעפל אויף אלעם געזעענעם אמאל אין שטעטל.

און וויפל האט דאס א פינף־זעקסיעריק ייִנגעלע אין שטעטל אין גאנצן סך הכל זיך אנגעזען מיט פעלד? אין חדר איז ער פארנומען און דערשראָקן פון דער גמרא בבא קמא מיט דעם אָקס וואס שטויסט זיך, אפילו שבת מוז ער קומען צום רבין אין חדר אויף פרק אדער ברכי נפשי, גיין צו די פעטערס זיך לאזן פארהערן די סדרה — טאָ וויפל געלעגנ־הייטן האבן זיך דען געמאכט אויף צו גיין הינטערן שטאָט אויפן פעלד?

אין וואַרשעווער הויף, אויף דזשיקע גאַס, האט מען פון פעלד־זאַנגען געזען נאר דאס צעריבענע שטרוי, וואס מ׳האט ערב פסח ארויסגעשיט פון די שעניקעס ביים מיסט־קאַסטן.

אין חדר האט מען געלערנט רוסיש נאר איין שעה אין טאג. דעריבער בין איך, נאכן צוריקקומען פון חדר, געזעסן

אויף א שוועל פון הויז אין אונזער הויף און געהערט די לעק־ציע אין רוסישן ביכל „רוסקאָיע סלאָוואָ".

„קרעסטיאַנין סיעעט פּאָליע" — אָט דער פּאַרכישופטער זאַץ האָט זיך, זעט אויס, אויעקגעזעצט ווי אויף אַ פּוסנבענ־קעלע אין מיין זכרון, זיצט זיך אַזוי מנוחהדיק שוין וואָסערע פערציק יאָר, און ווינקט אַהין צו יענעם אָרט אויף דער שוועל אין הויף אויף דזשיקע 8, צו יענעם ביכל, יענע ביל־דלעך, יענע טעג. אויף די ווייטערדיקע בלעטלעך אין יענעם ביכל, ווו מען זעט שניטערינס און גאַרבן־בינדערינס, איז חוץ דעם וואָס כ'האָב ביים קוקן גלייך דערפילט אין נאָז דעם פרישן, האַרבן ריח פון תבואה, גלייך דיימלעך און קלאָר דער־הערט די שניטערינס געזאַנג. איך האָב געוואָלט נאָכזינגען זייער געזאַנג, אָבער נישט געקענט, עפּעס איז דער ניגון נישט געווען קיין ממשותדיקער, א געזאַנג וואָס כ'האָב נישט געקענט אַנטאַפּן ביי דער מעלאָדיע. ווייס איך נישט צי האָב איך טאַקע אַמאָל געהערט אַזא געזאַנג פון די שניטערינס אויף די פעלדער אין קוראָוו, אָדער עס איז געווען בלויז אַן אויסדאַכטעניש, דאָס געזאַנג האָט זיך באַשאַפן ערגעץ אין מיר ערשט ביים קוקן אויף די דאָזיקע אילוסטראַציעס, אויף די בלעטלעך פון עלעמענטאַר „רוסקאָיע סלאָוואָ".

ב

צו אונז אין הויף האָט זיך געהאַט אַריינגעצויגן א יונג פּאָרל. אַן אַנדער שטייגער מענטשן ווי אַלע אַנדערע. אויף א קאָטש מיט גומענע רעדער האָט געפלעגט פאַרפאָרן ביינאַכט

אויך דער פעלדשער מיט זיין פרוי. ער איז געווען א פעלדשער און געהאט א ראזורע קייגנאיבער, אויף דזשיקע 5. נו, איז דאס פארשטענדלעך, ער האלט אפן די ראזורע אום שבת, האט נישט קיין קינדער, רעדט מיט דער פרוי פויליש — האט זיך פאר זיי געפאסט דאס קומען ביינאכט צוריק פון צוגעסט, אדער פון טעאטער, אויף א קאטש מיט גומענע רע־דער. דער סטרוזש האט זיך פאר זיי נידעריק גענייגט. אבער דאס נייע, פארל, וועלכע קומט ביינאכט צוריק פון שפאציר אויך אויף א קאטש מיט גומענע רעדער — זיי רעדן יידיש! האלטן זיך היימיש, און מיט מיין מאמען און טאטן רעדן זיי באזונדערס צוגעלאזן. און מיט מיר רעדט אמאל ווי א לערער, אמאל ווי א קרוב, אמאל ווי עפעס א דאקטער, און אמאל — גאר שיער נישט ווי אן עלטערער חבר, אויך א יינגל.

זיין פרוי איז אוודאי נישט ווינציקער ווי טאפל הויך פון אים. ער האט צו איר ארויפגערעדט, זי צו אים — אראפ־גערעדט. זי האט געטראגן אויפן אקסל א פוטערנעם קאלנער אויך אום זומער, א לאנגן סקונקס, מיט טיפע, שטייפע, ווייס־שווארצע האר און ביים עק פארענדיקט מיט א געשפאלטן אויף דער העלפט קעפל פון א חיה, מיט אויגן און א שטיק נאז. איך ווייס נאך היינט אויך נישט, און אוודאי האב איך עס נישט פארשטאנען דעמאלט — צו וואס מען דארף אום זומער טראגן א פוטערנעם קאלנער. אבער זי האט אים כמעט תמיד געטראגן, פארווארפן אויפן אקסל. דאס האט זי געמאכט אויס־זען נאך העכער. און איר שמאלקייט האט נאך אויך געהייבט איר וווקס. אויף א צולאג האט זי נאך געטראגן הויכע, אויס־

געהוילטע, שמאָלע אַפּצאַסן. איך זאָג אַז זי איז געווען טאָפּל העכער פון אים — דערפאַר, ווייל כ׳פאַרשטיי אַז טאָפּל זעט אויך אויס ווי אַ גוזמא, אָבער אין דער אמתן האָט זי דענצמאָל אויסגעזען אין מיינע אויגן דריי, אָדער אַפילו פיר מאָל העכער פון אים. און ער איז דאָך גאַרנישט אַזוי קליין געווען. אפשר האָט ער אויסגעזען קלענער צוליבן רעדן זיין ברייטן, ווייכן, לויזן פּלאַטשיקן יידיש?

לויט איר געפּלעגטער שיינקייט, געפּוצטקייט, עלעגאַנץ, האָט זי באַדאַרפט רעדן פּויליש, צי רוסיש, און זי האָט גאָר גערעדט יידיש. ווי זי וואָלט אַרויסגעצויגן קאָרקעס פון פלע־שער — שמאָלע רייד, געפּרעסטע, האַרטע, אָנגעלאָדענע, וועלכע שיסן אויס מיט אַ סך לופט — אַ ליטוואַטשקע!

איר מאַן, נו, אויף אים איז דאָך לייכט צו דערקענען אַז ער איז נישט קיין „ליטוואַק״. ווער דערקענט דאָס נישט דעם אונטערשייד פון אַ פּוילישן ייד ביז אַ ליטווישן? אַפילו ווען אַזעלכער זאָל זיין נאַקעט. איך האָב שוין, זעט אויס, דאָס דערקענט אין די פריע קינדעריאָרן.

ער האָט גערעדט צו איר ווייך, מיט רייד אין דער ברייט, מיט אַ ניגון. און זי, אַז זי האָט עפּעס גערעדט צו אים, האָט זיך געדאַכט אַז זי רעדט קעגן אים. האָט ער צעפּירט מיט די הענט און אַ פאַרשולדיקטער געענטפערט:

— ני גאַי וואַיס, גאַי וואַיס!

ערשט דעמאָלט האָט זי אַ כאַפּ געטון פון אים דאָס וואָרט ווי זי וואָלט פון אים אַרויסגעריסן אַ בייטש, און אים דערלאַנגט דערמיט אַ שמיץ:

— ני גאַי וואַיס, גאַי וואַיס!

פאר דער מאמען אין געוועלבל אונזערס האבן די שכנות געזאגט וועגן פּאָרל:

— ער האט זיך געוואָלט איינהאנדלען א ליאַלקע פאר א צירונג, א שיינעם אתרוג, וועט ער גאר בלייבן ביים „פּיטעם".

די ווייבער האבן אויך עפּעס בארעדט זיינע צען יאר מיט וועלכע ער איז עלטער פון איר, און די רייד צובאגלייט מיט שפּיציק געלעכטער. וויפל כ׳זאל נישט האבן פארשטאנען פון זייער גערייד, סיווי בין איך געווען אויף זיין צד, געהאלטן מיט אים. און ווער זאל זיך ריכטן אז גראד ער וועט מיר אפּטון אזא מיאוסע זאך, זיין דער גורם פון פארשעמען מיך אויף גאנצע יארן? און אָט די דאזיקע געשעעניש איז די טעמע פון אונזער פארצייכעניש דאָ.

ג

איינמאל, ווען כ׳בין אהיימגעקומען פון חדר, ווען כ׳בין געזעסן אויף דער שוועל פון הויז און געלייענט דאס רוסישע ביכל, באקוקט די בילדלעך, איז ער צוגעקומען צו מיר און מיך געפרעגט:

— משהלי, האָסטעך שוין אמאל אפאטאגראפירט?

— אפאטאגראפירט? זינט יעך לעב.

— זאגזשע דאַאַן מאמעליו זי זאל דעך אוואשן, אָספּיצן, עלעך דעך נעמען צי מיע אין אנשטאלט, אָף מארשאלקאווסקי גאַס און עדעך אָפּאָטאָגראפירן. לויף, שנעל!

די מאמע איז מיט מיר באלד אוועק פון געוועלבל, ארויף

אין שטוב אריין, אויף גיך צעריסן אַן אלטע, ווייסזיי־דענע בלוזקע אירע, פון די חתונה־צייטן, און געמאכט פאַר מיר א שאַליקל אויפן האַלז. מיך אפגעוואַשן, אראפגעפירט פון די 4 שטאָק שטיגן און מיך צוגעשטעלט צו די הענט פון אונזער סימפאטישן שכן, אנגעזעגנט קונה פון אונזער שפּייזגעוועלבל, דעם הער ג. און אים אנגעזאגט:

— טיט אָף אים גיט אכטינג, כ׳בעט ענק, ער האָט א טבע זיך צו פּאַקיקן, האָט ליב קריכן אינטע די ווענט.

ער האָט מיך אוועקגעפירט מיטן טראַמוויי און מיר זענען לאַנג געפאָרן. דער מאשיניסט האָט געקוועטשט מיטן פוס אויף א שרויף און ס׳האָט געקלונגען — פורן האָבן געמוזט גיך אוועק אין א זייט, מענטשן האָבן געמוזט שנעל אנטלויפן, אָט־אָט א האָר, און זיי פאלן, חלילה, אַרונטער אונטערן טראמוויי. דיביימער אויפן טראָטואַר לויפן אויך נאָך אונזער טראמוויי — ווי נעמט מען אזויפיל אויגן אַלץ צו זען — די מענטשן, די וויסטאַוועס, די פלאַטפאָרמעס, דראָזשקעס, קאַטשן, ראָווערן.

דער הער ג. האָט מיך אריינגעפירט אין א גרויסן זאַל אריין מיט מאַטע שויבן. דאָרט איז שוין געזעסן און געוואַרט דער ייד מיט דער לאַנגער גראָער באָרד און בלאָע ברילן, וועלכער גייט ארום איבער די הייזער און צו אונז קומט ער יעדן דאנערשטיק נאָך דער נדבה. וואס טוט דאָ אַ־דער ייד?

דער הער ג. פאָרעט זיך ביי א געשטעל מיט א גרויסן אפּאַראַט. ער ציט פון אים ארויס א שווארצע האַרמאַניע, ווי ס׳וואָלט געווען א צעקנייטשטע כאַליעווע פון א גימזע־

שטיוול. לאזט אים אראָפּ נידעריקער, העכער, שרויפט אהין, שרויפט אהער.

דערנאָך רופט ער צו דעם אלטן ייד אין די בלאָע ברילן, שטעלט אים אוועק לעבן מיר, הייסט ארויפליייגן זיין אנגעמאלענע פלאַכטע וואס שטעלט פאָר א פלויט ארום א שטיבל מיט א פענצטערל. איך דערפיל עפּעס שלעכטס און מיאוסעס דערין — וואס עפעס זאל דער בעטלער האלטן זיין האנט אויף מיר? דאָ געשעט עפּעס א נישט שיינע זאַך. איך דערפיל אָן עוולה, וויל וויינען, שעם זיך, האב מורא. דערווייל קוקט יענער ארונטער אונטער א שווארצן טוך וואס ר'האט פארוואָרפן איבערן אפּאַראַט, הייסט דעם אל־טיטשקן אראפּנעמען די האנט פון מיין אקסל. בין איך שוין צופרידן דערפון, הייסט ער מיך אבער אננעמען פאר דער האַנט פונעם אַלטן:

— א רגע'טשקי נאָ' א מיניט, האלט אזוי, כווינאָ זעי־ען!

און ער האט א קוועטש געטון עפּעס ביי א שלענגלדיק גומעלע אין א זייט פון אפּאַראַט, איינמאל, נאכאמאָל, ארויס־געכאפּט דעם קאָפּ פון אונטערן טוך און א צופרידענער אויסגעשריגן:

— גיט! געראטן!

ערשט דעמאלט האב איך זיך פאַנאַנדערגעוויינט. דעם אלטן האט ער געגעבן עפּעס געלט, דאכט זיך א האלב קערבל, מיר האט ער דערווייל געשטופּט א צוקערל וואס כ'האָב נישט געוואָלט נעמען, דער אלטער האט זיך געדונ־גען, האט ער אים דערלייגט נאך צען קאפּיקעס. אים נאָך

געגעבן געלט אויף א טראמוויי, אויף פאר מיר, און אים געהייסן מיך אפפירן ביז צום טויער אויף דזשיקע 8.

בין אהיימגעקומען איז שוין געווען פארנאכט. א מידער און פארשטויבטער זומערדיקער פארנאכט. די זון האט זיך שוין ארונטערגעלאזן מיט פלאמיק־בלוטיקע פוירהאנגען, בלאָע שטאָרן ארומגעזוימט מיט פלאַמען, ארונטערגעלאזט זיך אויף יענער זייט גענשע גאַס, ווו עס איז דער בית־עולם. דארט ווו פארנאכט ברענט מען די רשעים אין גהינם. בין געווען איבערגעשראקן, און אין האלז איז געווען אזוי פארשטייפט, אז ס'איז אפילו מיר געווען שווער נאכאמאל ארויסצוווייגען.

ד.

איך האב שוין געלערנט אין אַן אנדער חדר, ווו מ'האט הוץ רוסיש אויך געלערנט לייענען און שרייבן יידיש, לשון קודש מיט דיקדוק. מ'האט איינגעצאלט ביים לערער געלט און ער האט באַדאַרפט היינט ברענגען פאר די תלמידים נייע ביכלעך, „הלשון“ ספר ראשון, מאת ש. ל. גורדון. איך האב נישט געהאט קיין געלט אויף איינצאלן און באַדאַרפט אָנקומען מיט ארייגקוקן אין ביכל צו א צווייט יינגל.

דער לערער טיילט פאנאנדער די ביכלעך, אלע כאַפּן האסטיק און מיט פרייד די נייע ביכלעך. מען נעמט דער־ווייל דורכקוקן פריער די „מאליאָוואַנקעס“, די בילדלעך. איך קוק ווי אַן אָרעמער קרוב צו יענעם אין ביכל אריין און פליצטאלבן צעשאלט זיך א געשריי אין כיתה:

— „זאַק מיט תירוצים“ שטייט אין ביכאַ! שטייט אין ביכאַ!

„זאַק מיט תירוצים“ — דאס איז מיין צונאָמעניש ביי די יינגלעך אין חדר. וואס הייסט דאס — איך שטיי אין ביכל?! פון אלע זייטן טראגט מען מיר צו די ביכלעך און מען שטופט זיי מיר אין די אויגן אריין: —

— נאַ, זע, שטייסט אין ביכאַ, ווי אַ יתום, — האסט אָפגענאַרט!

אַ קוק געטון אין ביכל, דאס בילד ווערט געכפלט, געצענפאכט, די טרערן לאזן נישט דייטלעך זעען, אבער אַ פאַרטרערטער זע איך דעם בלינדן ייד געפירט דורך מיר, איך וויל אים אראפרייסן די ברילן, ארויסרייסן דעם שטעקן — איך בין נישט קיין יתום, כ'האב טאטע־מאמע — דאס האט דער ליטוואטשקעס מאַן מיך אריינגעשטעלט!

אלע יינגלעך באלאגערן מיך, דער לערער טרייבט זיי פאנאנדער, איך וויל לויפן צו דער טיר — אבער ס'איז צו ווייט, דאס פענצטער איז אָפן, ס'איז אין דער נידער, שפרינג איך ארויס דורכן פענצטער. פאַל אום, שטעל זיך אויף און לויף ווי אַן אויסגעשאסענער אהיים.

ה.

אין יענעם חדר האב איך שוין מער נישט געלערנט. איך בין עטלעכע טעג נישט ארויס פון שטוב. איך געדענק נישט — צי גאר געלעגן צו־בעט. מיין מאַמע האט מיר צוגעזאגט, אז נישט געקוקט דערויף וואס ער איז איר בעסטער

## העִוֵּר וְהַיָּתוֹם.



רבי לוי הזקן נתעור, והיה מהלך ומגשש במקלו. פעם אחת תעה בדרכו, ולא ידע אנה ללכת. ראה נער אחד, נגש אליו ואמר:

— הגידה נא לי: לאן אתה הולך, זקני ואלופי?

— להתפלל אני הולך — ענה רבי לוי — רצונך, בני, הוליכני לבית התפלה.

קונה, וועט זי אים אפגעבן „פאַד סוד". ער האט געשענדט איר קינד, פארשלייערט פאר א יתום — אויף די שונאימס קעפּ. האסט נאָך, גאט צו דאנקען, עלטערן אויף לאנגע יאר.

ווען כ'בין עטלעכע טעג נאכדעם געשטאנען אין געוועלבל און דערזען אנקומען יענץ פּאָרל, האב איך זיך באַהאלטן אין בופעט. די מאמע האט גערעדט צו זיי א סך אידעלער ווי זי האט מיר געהאט צוגעזאגט, אבער דאָך מיט כעס:

— ווי האט מען דאס א יאנדעס, א סאָוועסט, איר זענט דאָך נישט די זיבן פּאַר א גראשן, עץ זענט דאָך פון דער אינטעליגענציע, ווי אזוי נעמט מען און מען שטעלט אריין דאס קינד אין א ביכל, צוזאמען מיט אַזאַנעם וואס גייט אויף די טירן, און מען שרייבט נאָך אז ס'קינד איז א יתום? הא? דאס קינד איז דאָך פארביי, קרענקט איבער, פאר די עטלעכע טעג איז ער לגמרי נישט צו דערקענען! איר האט אלעמאל געזאגט אז ער געפעלט אייך, אז איר האט ליב מיט אים צו רעדן און איר טוט אזא מיאוס שטיקל. דאס קינד איז דאָך איינגאנצן משנה צורה געווארן און האלט אין איין וויינען.

ער הט ארויסגעפישטשעט מיט א קוויטשיק שטימעלע:

— ני גאַי וואַיס!

דא האט זיין פרוי די ליטוויטשקע אין אים ארייגעשאסן עטלעכע ארויסגעצויגענע קאַרקעס:

— ני גאַי וואַיס! צבועק! כיטראק! האסט ניט געקאנט נעמען עפעס אַן אָרעם קינד פון גאַס, באצאָלן אים א האלבן רובל און אים נוצן פאר א מאָדעל?!

איצט בין איך אויף איר צד. אירע ליטווישע רייד האבן מיר איצט אויסגעזען אזוי ווייך, ציטערנדיק, גלעטנדיק, אז כ'האב געמוזט צוריקשטופן ס'געוויין פון גארגל אין בויך אריין און אין דער מחשבה נאכגעקרומט דעם רשע:

— ני גאי וואיס, גאי וואיס!

ו.

אין וואָסערע 15 יאר ארום, ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין דער באוווסטער צינקאגראפיע פון ח. ג. — איך האב באדארפט איבערגעבן א קלישע פון רעדאקציע, אדער אפנעמען — ווען איך האב אים דערזעען — האב איך גלייך געפרעגט אויף זיין פרוי. אויך ביי ווייטערע ענלעכע פאַלן האב איך אים אין דער האנט אריין קיינמאל גארנישט געגעבן, כמעט נישט געקוקט אויף אים און נישט גענטפערט. אין וואָסערע נאָך 5 יאר ארום, ווען ער איז געזעסן — דער באקאַנטער צייכנער, קאריקאטוריסט, אילוסטראַטאָר, לידלעך־שרייבער, צינקאגראפיסט, א מיטגליד אין דער ליטעראַרישער משפחה — ווען ער איז געזעסן אין ליטעראטן־פאריין ביי א טישל — בין איך תמיד אוועק. ווען עס איז אים אויסגעקומען צו זיין אין רעדאקציע, אין אדמיניסטראציע „היינט" ווו כ'האב געארבעט, און אז ער האט זיך צו מיר עפעס געווענדט, האב איך אויסמיידנדיק אים געענטפערט, אדער לגמרי זיך נישט געמאכט הערן. איינמאל האט ער מיך א פרעג געגעבן:

— אנטשולדיקט מיר, ליבער פריינט, כ'האב שוין עפעס עטלעכע מאל באמערקט אז איר באציט זיך צו מיר נישט

פריינטלעך, אדער מיידט מיך לגמרי אויס — קאָנט איר מיר נישט זאגן וואס סע איז די סיבה? האב יעך איך עפעס אמאל באליידיקט?

— יאָ! — האב איך אויסגעשריגן מיט אַן אנגעזאמלטן, פעטן, הילכיקן „יאָ!" — דאס איז געווען מיט צוואנציק יאר צוריק, אין יאר 1912 אדער 1913, איר האט מיך אפפאָטאגראפירט מיט א בלינדן ייד א בעטלער און אילוסטרירט מיט דעם בילד א דערציילונג אונטערן נאמען „העור והיתום"! איך וועל עס אייך קיינמאל נישט מוחל זיין!

ער האט זיך צעלאכט. פארהאלטן זיך אין מיטן, ניט געוווסט צי ער זאל ווייטער לאַכן. מיך אנגענומען פארן לאָץ, געוואלט עפעס זאגן, זיך פארענטפערן, נאר ארויסגעקומען איז בלויז דער איינער זאץ וואס איך האב אים שוין נישט געהערט צוואנציק יאר:

— ני גאַי וואַיס!

ווי איך בין נישט מיט אים געווארן שלום, האב איך נאָך אלץ געטראכט וועגן עפעס אים אפטון. כ'האב שוין געוווסט אז אָט דער גאנץ אנגענעמער, אפילו פריילעכער מענטש האט א טבע, אז אויב ער דערזעט נאָנט פון זיך א ציבעלע — חלשט ער. איז אפשר אים מהנה זיין מיט עטלעכע ציבעלעס אויף אמאל?

אבער ס'איז צו דעם קיינמאל נישט דערגאנגען, פונקט ווי מיין מאמע האט אים קיינמאל נישט אָפגעגעבן „פאָד סויד".

ז.

יאר 1939. הארבסט, צי גאר פרילינג 1940, האבן מיר

זיך געטראפן ווי פליטים אין ביאליסטאק, צי ער איז צו־ריק אוועק פֿן דאָרטן און אומגעקומען דורך די דייטשן, צי ער איז פארבליבן און אומגעקומען ערגעץ אין א טורמע, אלנפאלס אומגעקומען איז ער, ער און זיין פרוי, אפשר אין זעלבן טרעמבלינקע ווו ס׳איז אומגעקומען מיין מאמע.

ווען מ׳האט מיך ארעסטירט און אין טורמע האט מען צעריסן אלע מיינע בילדער וואס כ׳האב געהאט ביי זיך, האב איך אין יענער רגע א טראכט געטון, אז אויב איך וועל דאָ אין תפיסה־קעלער אויסגיין, קיין בילד וועט פון מיר אינערגעץ נישט פארבלייבן, וועט זיך אפשר ערגעץ פארוואלגערן דאס העברעאישע לערנביכל „הלשון", מיט דעם בילדל — „דער בלינדער און דער יתום", א בילדל פון דער צייט ווען כ׳בין אלט געווען אכט יאר.

אויף דעם בלינדן בעטלער בין איך שוין נישט באליי־דיקט, צום וואָרט „יתום" קאָן איך שוין אויך נישט האבן קיין טענה און בין, פארשטייט זיך, מוחל דעם קינסטלער ח. גאלדבערג.

לעצטנס, ווען כ׳האב אפגעפונען אַן עקזעמפלאר „הלשון", האב איך באשלאסן די דאזיקע גאנצע פאסירונג צו פארציי־כענען, און לכבוד דעם וואס האט פארייביקט מיינס א בילד פון די קינדעריארן (קיין אנדערס האב איך בכלל נישט), מיך צום ערשטן מאל „אָפגעדרוקט" אין א ביכל, פארענ־דיקן מיט א שבח פאר אים, און מיט דעם ווערטל פון זיין גאלדבערגס נוסח:

— גיי ווייס וואס סע קאָן אלץ פאסירן — „ני גאַי וואַיס!"

# א גריף צו א פידל

(מלחמה־צייט אין סאוועטישן אזיע)

עס איז זייער ווײַטיק וואָס פאַרא שיך מען טראָגט אויף די פיס.

אויב גאַנצע שיך, אָדער גאָר שטיוול, מיט גראָבע, האַר־טע זוילן און נאָכנישט אויסגעטרעטענע קנאָפּל — פילט מען זיך זייער גוט, זיכער, נאָך בעסער ווי מען וואָלט געהאַלטן א שטעקן. עס איז שיעור נישט ווי א שטיק געווער. דער גייסט פעסט און זיכער, מונטער, און דו פילסט, אַז טאָמער עפּעס וואָס, טאָמער פאַרטשעפּעט דיך ווער, א כוליגאַן אָדער א הונט, קאָנסטו א קאָפּע טון מיטן פוס יענעם אין די ווײַכקייטן אַרײַן.

נאָר ביי מיר דעמאָלט איז עס נישט געווען אַזוי דער פאַל. איך האָב געטראָגן לײַוונטענע לעטשלעך, אויף א לײַ־וונטענער „זויל". יעדער טריט דײַנער זינקט אין לײַמיקן, אָדער זאַמדיקן באָדן און די קליינע שטיינדלעך אויפן וועג, יעדעס קערעלע פון א קערש אָדער פלוים קוועטשט זיך אײַן אין פוסטריט און פאַרשאַפט ווייטיק. דו פילסט זיך פון אַזאַ מין גאַנג דערשלאָגן און שלאַבעריק.

אויף צוגאָב בין איך נאָך געווען נישט לאַנג נאָכן טיפוס. געווען נאָך עטלעכע צוגאָבן: איך האָב אונטערגעהונגערט,

שוין לאַנג, לאַנג נישט דערעסן צו דער זעט. און די זון, אין מיטל־אזיע, איז שוין די הערשערין אפילו אין אנהייב אפריל, זי ברענט אויס די ערד, גליט אָן דעם שטויב און וויל נאר, אז דער מענטש זאל זיך צעטריפן, אויסרינען מיטן שווייס. און נאכמער שליטה האט זי איבער אַן אפגעשוואכטן גוף.

איך בין געגאנגען פון דעם אלטשטאט־פערטל אין דער נייער שטאט אריין. דאָ, אין אלטשטאט, זענען שמאלע געס־לעך, נידעריקע, ליימענע קיביטקעס מיט בלינדע ווענט, אויף די דרויסנדיקע ווענטלעך טרוקענען זיך „פלעצלעך" פון אייזל־צואה אויף צום הייצן, און דער מענטש שפאצירט דא צוזאמען מיט דעם דערשלאגענעם און פארטרוימטן אייזעלע. געגנט, ווי מיט טויזנטער יארן צוריק, געמיטלעך און אי־דיליש.

אין נייעם שטאט־פערטל זענען פאראן שוין געמויערטע געביידעס, מיט גרויסע פענצטער, מיט שילדן אויף מאגא־זינען, עס יאגן פארביי מאדערנע אויטאס. דארט טרעט מען שוין איבער ברוקירטע טראטוארן און די דורכגייער איילן זיך. געענדיקט מיט דער מזרחדיקער געמיטלעכקייט.

א הויפט־אָרט פארנעמט דער גרויסער ביכער־מאגאזין, וואס איז אויפן ראָג פון צוויי גאַסן. ביי די אנדערע מאגא־זינען שטייען רייען מענטשן, דארט שטופט מען זיך, מען איז נערוועז, מען באליידיקט זיך קעגנזייטיק. אין די אָטשע־רעס איז ביים מענטשן דעמאלט דער הויפט־בעל־דעה — זיין מאגן. די אויפגערעגטע באוועגונגען פון די הענט, די פארלאפענע אויגן, דאס שטופן זיך, די בייזע באמערקונגען:

„ער שטופּט זיך", „גרויסער פּריץ", „נאַכאַל". — דאָרט באַ־קומט מען ברויט, מאַרמעלאַד, קאַרטאָפל.

אַנדערש איז ביים מאַגאַזין פון ביכער. די זעלבע מענטשן, ווען זיי שטייען ביי דער וויטרינע פון ביכער־מאַ־גאַזין, זענען זיי שוין רואיקע, באַזאַכטע, רעדן שטיל און איידל, געדעמפט.

אין די שויפענצטער ליגן גרויסע, אילוסטרירטע, מיט גאָלד־געליישטע ביכער, פּאָרטרעטן און סקולפּטורן פון דענ־קער און פּידער, פּילפּארביקע, קינסטלערישע אויפשריפטן, דיאַגראַמען. ביי די פענצטער שטייען ס'רוב קינדער, שול־יוגנט און די ווייניקע עלטערע מענטשן, וועלכע האָבן אַן אינטימע באַציאונג צו געדרוקטע אותיות. די וועלכע גייען אַהיים איינגאַנצן צופרידענע ערשט דעמאָלט, ווען אין קיישל, אויף דעם ברויט, מאַרמעלאַד און קאַרטאָפל — ליגט נאָך אַרויפגעלייגט אַ ביכל.

אינעווייניק, אין גרויסן מאַגאַזין, איז שטיל און אַ האַלב־יום־טובדיקע שטימונג.

איך קוק זיך איין אין די ביכער־פּאַכן — נישטאָ קיין נייע ביכער, די זעלבע פּאָליטישע ליטעראַטור, דער עיקר פון די באַרימטע צוויי, וועמנס ביכער עס ווערן געדרוקט אין די מיליאָנען עקזעמפּליאַרן. דער ביכער־פאַרקויפער, דער טיפּישער מענטש אין די ברילן, וועמענס גרעסטע עמאָ־ציע איז עפּעס אַן אַנטיקוואַר־בוך (און ווי געוויינלעך — אַ זון פונעם „עם הספר"), פילט זיך אַביסל פאַרלעגן און ווי אַ שולדיקער פאַרענטפערט ער זיך, צעפירט באַדויערנדיק מיט די הענט:

— עס דאַרפֿן אנקומען נייע ביכער.

אויפֿן טיש, אין א גאַבלאָטקע אונטער גלאז, זענען נאָך אלץ געלעגן די צוויי בראשורן, וועלכע רעכענען זיך שוין פּאָר אויסגעשעפּטע און קאָסטן דעריבער א ספּעציעלן, טייערן פּרייז: „דער רענעגאַט קאַוטסקי" און „ווי אזוי צו היילן שילשול ביי זויג־קינדער".

אין דער צווייטער גאבלאָטקע איז שוין געלעגן עפּעס א נייעס, וואס עס איז ביז איצט נישט געווען — גריפֿן צו פידלען. דאס איז ווירקלעך א נייעס. די לעצטע עטלעכע מלחמה־יארן איז מיר איבערהויפּט נישט אויסגעקומען צו זען א פידל, אדער צו הערן מוזיק.

אויב נישט רעכענען דעם ראדיא־הילכער אויפֿן שטאָט־פּלעצל קייגנאיבער דעם פּרעכטיקן מיטלאלטערלעכן „רע־גיסטאַן" — האב איך קיין מוזיק נישט געהערט. דער שלע־כטער ראדיא־הילכער שיילט סיווי אפּ יעדן מוזיק־קלאנג פון זיין פרישקייט, דינקייט. די קלאנגען זענען פּאראומריי־ניקט, באהאנגען ווי מיט וואַטע־צויטן. יעדער טאָן ווערט צערונען אין די כארכלענדיקע וואָיענישן פון בייזע באַסן. די מוזיק איז שוין דאַן גיכער ווי קאָנסערוון־ערזאַץ.

דער גריף אין דער גאבלאָטקע האט דערמאנט אין אַ ריינער, צאַרטער פידל. דערמאנט טיילווייז אין די יארן, ווען דו האסט געהערט און אויפגענומען די מוזיק אין ווארשע־ווער קאָנסערוואטאריום, אין פילהארמאניע, אבער נאכמער אין דער יוגנט־צייט, ווען דו האסט זיך אליין געלערנט פידל־שפילן. בעתן לערנען זיך שפילן, האב איך אויף דער פידל, דארט ווו מען לענט אן דעם קין — שטענדיק אונ־

טערגעלייגט א ווייס־זיידן טוכעלע. איך קוק אויף דעם גריף, דערמאָן איך זיך אין האנעגערס גאַמען, וואס כ׳האב געשפּילט, אבער נאכמער גייט פאר מיר אויף דאס ווייסע, זיידענע טיכעלע, און די ווייסקייט פון דעם טיכעלע דערפירט מיך צו א גאר גראָבער מחשבה — צו א ווייס ליילעך. איך דער־מאָן זיך, אז שוין פיר יאר בין איך נישט געשלאָפן אויף קיין ליילעך, נישט רעכענעדיק די צייט אין שפּיטאָל. דאָרט בין איך דאָך געלעגן אינגרויסער היץ און דאס ליילעך איז ביי מיר געווען פאַררעכנט פאר א זאך, אין וועלכן מען טראָגט אראָפּ אין מתים־שטיבל.

איך קוק אויף דעם גריף, וואס ליגט אויסגעבעט אויף א ווייס שטיקל פאפיר און זע יענץ ווייסע, זיידענע טיכעלע, די פידל, און געדענק די דעמאלטיקע נאַיווע מחשבות מיינע — אז מיט מוזיק קאָן מען אויסלייזן די וועלט. איך הייס מיר ארויסגעבן א גריף, דער ביכער־פאַרקויפער, וועלכער קען מיך שוין פון פריעדיקע וויזיטן דאָ, שמייכלט צו מיר פריינטלעך, ווי אַן אָנגעהעריקער צו איין סעקטע:

— איר האט א פידל אינדערהיים? איר שפּילט?

איך שאָקל פארלעגן מיטן קאָפּ, אבער אזוי נישט דע־צידירט, אז עס איז שווער צו כאַפּן, צי איך שאָקל אויף יאָ אָדער ניין.

ער נעמט ארויס דעם גריף, שרייבט אויס א צעטעלע צו דער קאַסע. איך באמערק דערוויַיל, אז נעבן דער גאַבלאָ־טקע ליגן אין א קליין שאכטעלע קליינע, זילבערנע שטערנ־דלעך צו אפּיצירן־עפּאָלעטן.

איך האב שוין דעם גריף אין טאש און גיי שנעל ארויס פון מאגאזין.

א זוניקער פרילינג־טאג אין דרויסן. איך הער איצט שפּילן די גאַמען פון יענע ווייטע יארן, מיר דוכט זיך איצט אויס, אז די זון־שטראלן זענען סמיטשיק־בויגנס, וועלכע שפּילן אויף א פידל, וואס ציט זיך פון סאמארקאנד ביז ווארשע. דער שטח פארבייט זיך שנעל אויף צייט, אויף די פאר־לאָפענע יארן פון דעם פעריאָד. באלד פארמישט זיך אלץ אין א שווינדל־טאַנץ פאר די אויגן, עס פאלן זילבערנע שנייעלעך, קליינע עפּאָלעטן־שטערנדלעך, זון־שנייעלעך.

איך בין, זעט אויס, אפּגעשוואכט. די פיס וואקלען זיך. איך שטעל פאמעלעכע טריט און מיט דער האנט דריק איך אויפן גריף אין טאַש.

די גאַס האט זיך אירע וואכעדיקע געשענישן. אַן אוּ־קראינישער ייִד, וועלכער האלט דא א ביידל מיט לימאנאד און גאזירט וואַסער, וואשט דארט אין ביידל די פעסלעך און גיסט ארויס א שעפל מיט וואסער — עס טרעפט כמעט אינ־גאנצן אין מיר. אין דער ערשטער רגע דערשרעקט עס, דערנאָך דערפיל איך די קילקייט אויפן לייב און עס פאר־טוישט זיך באלד אין היץ — מסתמא פון דעם דערשרעקן זיך, פון איבערגעראשטקייט, כעס. צום ערגסטן איז אבער מיט דעם וואסער אויף די לעטשלעך. איצט זענען זיי שוין אינגאנצן פּיטש־נאס און עס איז אוממעגלעך צו שטעלן א טריט.

דערווייל אבער שטעלן זיך אפּ פארבייגייער און איינער, א האלב־אויסגעפּוצטער הפקר־יונג, וויל זיך וואַרפן אויף

דעם ייד פאר זיין עוולה לגבי מיר. פארכאפ איך אים פאר די הענט און וויל אים אוועקשלעפן. רייסט ער זיך אפ פון מיר און נעמט מיך זידלען — הלמאי איך האב נישט דער־לאנגט מיין באליידיקער אין צורה אריין — אז איך בין א שמאַטע, א וואָרעם, א פּחדן און שפּייט פאר מיר אויס. טויכט אין מיר פלוצים אויף א זייטיקער כוח, אַן אומבאקאנטע כעס־ענערגיע — איך צי אויס די האנט און דערלאנג דעם יונגן פּאַרשוין א קלאַפּ.

נעמט זיך פארפלאנטערן עפּעס א משונהדיקער אינצי־דענט: דער אוקראַינישער ייד זידלט מיך און וויל זיך ווארפן אויף מיר דערפאַר, ווייל איך האב געוואָגט שלאגן אַן אומשולדיקן מענטש. דער געשלאגענער כאפּט מיך ביים האלז און וויל מיך ווערגן. א פּאָר יונגע פרויען־הענטלעך רייסן אים אוועק זיינע הענט און ער לאזט מיך אָפּ.

איך זיץ אויף א שוועל, אלע זענען זיך שוין צעגאנגען. מיין גרינע פלאנעל־בלוזע איז צעריסן, אין די נאסע לעטש־לעך איז נישט מעגלעך צו שטעלן א טריט. די יונגע פרוי קומט צוריק פון א זייטיק געסל, געמוזט, זעט אויס, באגלייטן מיין אנפאלער, בעטן אים, דאנקען אים. זי זעצט זיך צו מיר צו אויפן שוועל. ערשט איצט דערזע איך איר פּנים. זי רעדט נאך א פארסאפּעטע:

— גאָט מיט אייך, ווי פילט איר זיך?

איך זע אירע אויגן. מען דאַרף נישט קוקן לאנג, זיי גליען מיט גוטסקייט און בענקשאפט.

זי נעמט ארויס נאדל־פאָדעם און נייט מיר צו דאס אפּ־געריסענע שטיק בלוזע. איך קוק אויף אירע פינגער ביים

נייען. זי הייבט יעדעס מאל אויף די אויגן און לאָזט זיי שנעל אראָפּ, כדי נישט צו ווייזן די טרערן, וועלכע ריזלען אין אירע אויגן. זי זאגט מיר שטיל:

— אָרעמינקער, שטאַרקט זיך!

איך קוק אין אירע אויגן, אויף אירע פינגער און פרעג ביי איר:

— אויף וואס פארא אינסטרומענט שפּילט איר?

אירע פארטרערטע אויגן לייכטן אויף אין א שמייכל, עס שפילט אין זיי מוטערלעכע גוטסקייט.

— אויף קלאַוויר, יאָ?

— ניין, פידל; פונוואנען ווייסט איר דאס אז איך שפּיל?

איך הייב זיך אויף פון דער שוועל און זי נעמט מיך אונטערן אָרעם אויף צופירן אהיים.

ביים געזעגענען זיך נעם איך ארויס דעם גריף פון טאש און גיב עס איר אוועק. —

— איר שפּילט פידל?

איך שאָקל מיטן קאָפּ אזוי אז זי קען נישט וויסן — יאָ צי ניין.

איך הער שפּילן גאַמען, פאר די אויגן פאַלן זוניקע, זילבערנע שנייעלעך און פון זיי לייכטן ארויס א פּאָר וואַרעמע אויגן, פול מיט גוטסקייט און בענקשאפט — פון א פרוי, וואס שפּילט פידל...

## ערב יום־כיפור

שוין עטלעכע וואכן צופֿויער שיקט יום כיפור וואָרנענדיקע שליחים צו יידישע קינדער. סימנים, ריחות, סטראָשונקעס. געלע, אייגעקארטשעטע בלעטער וועלכע פאלן מיד, אָן כוח, פון די ביימער, ס׳רוב גלייך אין רינשטאק אריין; מוטנע, זשאווערדיקע רעגנס; פון ערגעץ ארויסגעטריבענע ווינטן וואס טרעפן אָן אויף לויזע דאַך־בלעכן און באמבלען מיט ווידערקלאנג; ערגעץ ווו ליגן אוודאי פארגעסענע פייקלען און דער ווינט פויקלט אין זיי און פרווט זיין ווידערקול. אין נאז טעם׳ט א ריח פון איבערצייטיקטע, צוגעלעגענע אויבסטן, און אין די אויערן עקבערט א ציטער־עכאָ פון שופר־בלאזן אין די נאָענטע „שטיבלעך" און שולעכלעך. די זון תענית׳ט שוין און קוים זי ווארעמט, האט נישט קיין כוח זיך קייגנשטעלן די וואלקנס וועלכע פארשטופן זי ארונטערצו, פארגראָען, פארחושכן איר פנים. זי איז שוין נישט גאלדיק, נישט געל, נאר פאריסט, פארקאָפּטשעט, רייסט זיך דורך אויף א רגע, טובלט זיך אפּ אין לויטערקייט, גאלדיקט זיך ווידער, קומען אָן צו שווימען די כמורנע כמארעס און פארשלינגען זי.

אזוי האבן זיך דערשלעפּט די טעג ביז ערב יום כיפּור. דורכן אפּענעם לופטשיק פון אונזער שטוב הערט זיך דאס

קרייען פון א האָן וואס טראגט שוין אויך מיט א ריח פון געבראטן פלייש. שוין א פעליקע וואך ווי די מאַמע האט צוגעזאגט, מיט א באוואָרעניש פון א „בלי נדר“, „אם ירצה השם“ — אז אויף הייַנט וועלן מיר האבן געפילטע קרעפלעך, געפרעגלט פלייש און וויינטרויבן.

אין גאַס קאכט זיך, ווי אויף אַן אונטערגעלייגט פייער, א טומלעניש. א טרייסלדיקע רעדערקלאפעריי פון לאסטוואגנס, דראזשקעס, פויערשע לייטערפורלעך; סיגנאלקלאנגען פון טראמווייען און א געדיכט געגייערײ פון איילנדיקע מענטשן. איך צעפראַל אויף דאס גאנצע פענצטער, ווערט פון טומלעניש א הודזשעניש. די פאָדליגע און די ווענט כאפן דאס אונטער און צעציטערן. זאל זיך רודערן, לאָ׳מען הערן! אבער די מאמע רופט ראַפטעם מיט א פארוויינטער, צעצויגענער תפילה־שטים:

— מאך צו ס׳פענצטער, ס׳יאגט א קעלט!

איך פאלג זי און דער טומל ווערט דערוואָרגן צווישן די לייסטלעך. אין שטוב ווערט קעלטער. די זון, א פארנעצטע, פארשעמט די געמאַליעוועטע ראָזע בלומען אויף אונדזערע ווענט און באווייזט אז זיי האבן אונטער און הינטער זיך געלע ווילגאטש־פלעקן. די קיך איז קאלט און אפגעדעקט פון די פייערקעס און שטערצלעך, וועלכע וואלגערן זיך אין א קופקעלע אַש. אין די ליידיקע טעפלעך פלאצט די עמאליע.

ס׳איז שוין אודאי צוועלף. אויפן טיש ליגט זינגלאז די געפלאצטע סעראטע. די מאמע זיצט אויפן בענקל ווי א פארפרוירענע, די הענט שטייף אויסגעשפרייט, און האלט

פאַרכטיק און פאַרזיכטיק, ווי א וויקלקינד, א שווארצן, זייד דענעם שאַל. קייגנאיבער איר זיצט דער טאטע, פארלייגט דעם ווייזפינגער אויפן נאז און בייסט דאס קליינע, שווארצע בערדעלע. די מאמע באנעצט מיטן צונג אירע פארטרוקנטע ליפּן און פּרעסט ארויס האלבזינגענדיקע רייד:

— יעקב, נעם מיין שווארצן, זיידענעם שאַל און גיי פארזעץ, ס׳איז פּיקוח נפש!

דער טאטע שרומפּט איין. ער איז נישט סובל ווען די מאמע נעמט רעדן מיט א תפילה־ניגון.

— כ׳על נישט גיין, לאהלע, סיניש קאַן אומגליק. עט מען היינט נישט עסן.

— יעקב, די קינדער הונגערן, ס׳גייט אויף אונדז א פארכטיקער טאג, א טאג פון דין און חשבון, מ׳דאַרף היינט עסן, כדי צו קאָנען דעם מעת לעת אָן א מכשול אויספאַסטן, סאַ גרויסע סכנה, פארגעס נישט, ס׳איז ערב יום כיפור! היינט מוז מען עסן! סאַ געבאָט, א גרויסע מצווה!

— אז מ׳האט צו עסן איז עס א מצווה, און אז מ׳האט נישט, בלייבט מען נאָר הונגעריק. כ׳על מיך נישט גיין ארומטראגן מיט א שאַל צו פארזעצן. כ׳אָ נישט ביי וועמען, און צו דיין משפחה וועל איך נישט גיין, כ׳האב זיי פיינט און גענוג!

ער האט זיך אויפגעהויבן פון בענקל און אוועקגעבויגן דעם קאָפּ אין א זייט:

— אין א צוויי שעה ארום דאַרף איך זיך טרעפן מיט א היימישן ידיד, וועל איך בארגן ביי אים עפּעס געלט.

— נישט נאָר עסן דאַרף מען דאָך, יעקב, איך מוז

האבן צו באצאלן פאר א „שטאט" אין שול, סי דאָך יום־כיפור, יעקב, געדענק!

ער האט זיך געקאָרטשעט, ער ווערט קלענער, שמעלער, ר'האט פאַמעלעך געעפנט די טיר און זיך שטיל ארויס־געשארט.

## ב.

די קינדער האבן זיך צוריקגעלייגט אין אנטועכץ אין די בעטן אריין. ס'בעטגעוואנט איז נישט איבערגעצויגן, איז ראָז־רויט ווי א לונג און בלאָ ווי א מילך, מיט אָדערן. אין אנדערע ערטער גראָ־געל ווי אַן אפגעלעגענער ציטרין, גלי־טשיק־פייכט און צעקנאדערט, באקלעפט מיט פעדערן.

די מאמע זיצט נאך אלץ אין איר פארפרוירענער פאָזע, מיט דעם זיידענעם שאַל אין האנט. איך, דער עלצטער פון יינגלעך־קליינוואַרג, טראכט איצט וועגן טאטנס ידידים. ביי וועמען קאָן ער דאס כאפן א גמילות־חסד? ביי מאירל ראַפּאַ־פּארט? ער איז א שיינער ייד, מיט א קורץ געשוירן, צוגע־פרעסט, שווארץ בערדל און הארטן מעלאָניק. ער האט א פארטרעטונג פון א קאָלישער האָפטן־פאבריק. זיין ווייב טראגט די אייגענע האר, אָן א שייטל, און האט א פול מויל מיט ארייגעשטעלטע טויטלעך־ווייסע ציין. די צוויי יינגלעך הייסן מיידלשע נעמען: גוטשע און טאָליע. טראגן גראַנאַטענע או־ניפארמעס מיט ליאמפאסן און גאלדענע אדלערקנעפּ. ביי די ראַפּאַפּאָרטס אין שטוב לייענט מען יעדן שבתצונאכטס שטיקלעך מענדעלע, גרעץ און מ'רעדט וועגן שקלים.

אז ראפאפארט קומט ארויף צו אונדז אין שטוב אריין, טוט ער אויס דעם שווארצן הארטן קאפעליוש, פארלייגט א געפרעסט זיידן קאפעלע, גלעט נאך מער צו דאס צוגעשני־טענע, צוגעפרעסטע בערדל און טענהט צו טאטן:

— ער וועט אים אויסבארגן וויפל געלט ער וויל נאר אליין, נאר ער זאל פאר דעם געלט קויפן ערד אין ארץ ישראל. ער ווייזט אויף:

— אט איז א ביילים־פראצעס, אט איז א יאגעללא־באיקאט. אָט איז זיין גוטשע געווארן א שטאמלער, ווייל א גוי האט אים אמאל איבערגעשראקן מיט א לאנג מעסער, געוויזן אויפן האלדז כיק־כיק. עס גיסט זיך יידיש בלוט אויף דער וועלט, גיסט זיך א צייט נישט, ווערט עס פארגליווערט פון פחד. אזוי תמיד, כסדר, טאג־איין, שעה־אויס. ווי לאנג איז דער שיעור? אייביק אין דער פרעמד, אין טויט־אנגסט, אימה, שרעק, — גענוג!

און ער פלעגט פארענדיקן:

— אָ, גאָט, באשענק אונז מיט פליגל, אז מיר זאלן שוין וואס שנעלער קאנען אריבערקומען אין אונדזער הייליק לאנד אריין!

אזעלכע ענלעכע רייד רעדט אויך ראפאפארט יעדן שבת פון דער בימה אראפ אין דער שול „עדת ישורון“.

אבער שטענדיק, ווי אויף פלייס און להכעיס, פלעגט נאך אים באלד נאכקומען יויזיפ, א זון פון נאפטשאזש, וואס האט ס׳געוועלבל פאר אונדזער טויער אויף דזשיקע אכט. אויך ער טראגט א שווארצן קאפעליוש, אבער א ווייכן. און אז ער טוט אויס דעם הוט, פארלייגט ער נישט אויף זיין

ארט קיין קאַפּעלע, אויף דעם ארט פּאַליעט זיך א געדעכטע, פלאַטערדיקע טשופּרינע.

ער גיט זיך א טאַפּ ביי זיין גלעזערן אויג (צוריקגע־קומען דערמיט פון סיביר), ווארפט א צארן־בליק אויף ראַ־פּאַפּאָרטן און עס צעוועטערט זיך א שטורעם:

— יאַנקעלע, לאז זיך נישט פארעדן די ציין! מיר דאַרפן נישט די מאמע רחלס קבר און נישט דעם כותל מערבי. מיר דאַרפן בירגעררעכט, קאָנסטיטוציע, פּראָטעסט, סוואָבאָדאַ!

אינמיטן דערינען איז אויך תמיד אנגעקומען די מאמע. איז תיכף געוואָרן ש־ש־א! זי האט מיט די צוויי פינגער ארייגעצוועגלט אירס א שטיק באַק, זיך א קניפּ געטון, און הויך געמאָלדן, קודם כל צו גאט אינדערהייך, דערנאָך צו די געסט און צום טאַטן:

— די טומאה מיט דער קליפּה זענען שוין דא! ברוכים הבאים, סקאָצל קומט!

ראַפּאַפּאָרט האט ביי איר געהייסן דער „פאַלשער משיח“ און יוזיפ — „דער סיבערניק“. זי האט זיי שיער נישט, מיט א מכלומרשט חכמהלע און ווערטל, ארויסגעטריבן פון שטוב. צום טאַטן האט זי דערנאָך ארייגעטענהט:

— ביסט דאך, יעקב, נישט קיין פארגרעבטער מענטש, קענסט לערנען, שטאַמסט פון אַן אַ־ידלער משפחה, טאָ פאר־וואס זאלסטו האבן צו טון מיט אזוינע פאַרשוינען? די קינ־דער וואקסן אונטער און קענסט דאך נישט־דא־געדאכט, ברענגען אויף זיי אַן אומגליק, א ווארע אומגליק!

דער טאַטע האלט דעם וויזפינגער אנגעלענט אויפן נאז

און גריזשעט א חלק שווארץ בערדעלע. די אַפּלען אין די אויגן איז ענג און זיי טענצלען פון איין אויגנווינקל צום צווייטן. איך האב מורא אז ער זאל איר נישט אפענטפערן יענץ איינע ווארט, דערמאנען איר בלויז דעם איינעם נאמען פון איר משפחה — און די מאמע וועט גלייך אפהאקן רעדן. נאכן דערהערן דעם דאזיקן נאמען פלעגט זי נעמען זיך שלאגן אין קאָפּ אריין, שרייען „ימח שמה!", אויסשפייען דריי מאָל, א שלוקערץ טון און פאלן אין חלשות.

דער נאמען פון יענער איז:

צ׳ייטשע!

דער מאמעס א גישוועסטערקינד.

ג.

מיר האבן נאך היינט גארנישט געהאט אין מויל, אפילו אביסל געזאָטן וואַסער. אונטערן הארץ־גריבל ריזלט א לייַדיקער ווייטיק — עסן! ס׳ווילט זיך עסן.

ס׳איז שוין איינס באטאג, צוויי באטאג. דאס קליינוואַרג דרייט זיך אין שלאף. דאס קלענסטע וויינט שוין — עסן! און דער טאטע איז נאכנישט צוריק. הפנים נישט געטראָפן זיינע ידידים. ראפאפארט וויל אוודאי באָרגן געלט, נאָר אויף צו קויפן ערד אין ארץ־ישראל, אבער נישט אויף צו עסן דאָ, און יויזיפ׳ דער פון דער „סוואַבאָדע", האט דאָך נישט קיין געלט.

די מאמע לייגט שוין אוועק דעם שאַל און גייט צו צום פענצטער. זי זאגט פון א סידור. פריער וויינט זי אויס דאס

װאָרט, דערנאָך זאָגט זי עס אַרויס שױן דײַטלעכער, און בײַם דריטן מאָל איבערחזרן דאָס װאָרט צעװײנט זי זיך װידער.

אין גאַס איז שױן קנאַפּער דער טומל. דער הויף איז שױן ליידיקלעך, ס׳פליען שפּינגעװעבן, ס׳װעבט זיך אַן אימה פאַר די פענצטער, יינגלעך שפּילן זיך שױן נישט, ס׳טריטלען פאַמעלעכקע עטלעכע ייִדן און װײַבער מיט באַדעכטיקע טריט. װײַכע, פאַרכטיקע בליקן אין זייערע אויגן. די זון רוקט זיך שױן אין אַ זײַט פון פענצטער און ס׳װערט טונ־קעלער, קילער. אין די קייגנאַיבערדיקע שטיבער האַלט מען שױן בײַ דער צװייטער סעודה. די מאַמע זאָגט שױן נישט פון סידור. זי דרייט זיך מאַנצפּערשװיניש הין און צוריק איבערן שטוב, די הענט פאַרלייגט אויפן רוקן, און רופט הויך, מאָנענדיק:

— מן המצר קראתי יה! מן המצר קראתי יה!!

זי װײנט נישט, זי פאַדערט. די טרערן גליװערן אין אירע אויגן. גייט צו צום פענצטער, נעמט װידער דעם סידור אין האַנט אַרײַן, קלאַפּט איבערן טאָװל און רופט מיט אַ מאָנענדיק פּרעטענציע־קול:

— מן המצר קראתי יה!

דאַן פאַרלט זיך האַסטיק אויף די טיר. עפנט זיך אין דער גאַנצער ברייט, װי אַן אַרײַנפאַר־טויער, מיט אַ רעש און גערויש. װער איז דאָס געקומען?

די מאַמע װערט מת׳יק בלאַס, לאָזט אַרויס דעם סידור פון האַנט און דערכאַפּט אים קוים בײַם טאָװל, זעצט זיך האַסטיק אַראָפּ אויף אַ בענקל. —

נייטשע איז געקומען!

הויך, אויסגעפּאַסט־דיק, אוודאי געקרעמפּעוועט פון א גארסעט, אין א לאנגן, סאמעטן זשאקעט איבערגעווארפן מיט א טיפהאריקן, שווארצגרויען קאלנער, וואס האט אַן אפּע־נעם חיהשן פּיסק ביים עק, זי טראגט א גרויסן העל־פּילצענעם הוט, באצויגן מיט זיידענע טאַשמעס, אויף די ברייטע ראנדן ליגן אנגעלייגט פּרוכטן פון קאָלירט גלאז. אירע לאַטשן זענען שפּאגל־נייע, אויף א שמאל־געהוילטן, הויכן אפּצאַס. אין די אויערן וויגן זיך גרויסע אוירינגלעך, באַשמוקט מיט בלישטשענדיקע שטיינדלעך. אלץ דאס סאמע שענצטע און עלעגאנצטע, וואס מ׳זעט אין אונדזער ארעמער געגנט פון דזשיקע און מילע.

דאס פּנים אירס — ראָזע טייג, קיילעכיק, אויסגעפּורעמט. געגוי ווי די מאנעקינען אין די אויסשטעלעס. געשמירטע ליפּן, פעט־שווארצע ברעמען און ליאלקעדיקע, לעכטיק־בלאָע אויגן. ס׳צופּט א שארפער פּארפוס־ריח. זי רעדט הייזעריק־לעך, ווי אויף לויזע סטרונעס פון א באס.

די מאמע זיצט נאך, ווי א פּארליימטע, אויפן בענקל, נאָר אירע הענט זענען חופּהדיק אויסגעשטרעקט אין דער ריכ־טונג פון די קינדער, וויל זיי באשיצן פון אַן אומגעריכטן קלאפּ.

נייטשע זעצט זיך אפילו נישט צו.

— הער, לאה, כ׳האב שוין געוואלט ביי דיר א סך מאל זיין, נאָר כ׳אָ נישט געגאַט קא צאאַט. אביסל האב איך מורא געהאט אז איך פאַר שוין אוועק מייוועד לעיאַם (מעבר לים), העט־וויס און כ׳על דיך שוין קיינמאל מער נישט

זעיען, און סי גראד היינט ערעף יאמקיפא (ערב יום כיפור) בין איך געקומען זיך געזעגענען.

די מאמע האלט צו די ווערטער צווישן די פארהאקטע ציין, און שפאלט נאר ארויס צעצויגן די פראגע:

— וויאַהין פא־ער־סטי דאס, נייטשע?

— זאַ נישט קא באַטש און פרעג נישט אזעכע קאַשעס *) כ'פאַר קא בוינע **) בינעך געקימע זעך געזעגענען און לאָזן א דיזענע אביסל לעצטגעלט, פאר דיע, דאַנע קינדע — האָסט, זעיעך, קאַנעהאָרע שיינע, געראטענע קינדער — זיי זאלן דע געזינט זאַן.

די מאמע האט נאך מער אויסגעשטרעקט צו אונדז די הענט, צום באשיצן פון א קלאפּ.

נייטשע האט אראפּגעצויגן די לאנגע, ווייסע לאקירטע האנטשן, געעפנט דעם גראבן זילבערנעם שלאס פון בייטל, האט ארויסגעצויגן איין אסיגנאציע, נאך א באנקנאט, צוגעקליבן עטלעכע זילבערנע מטבעות און מיט א טראַמאַסק עס אוועקגעלייגט אויפן טיש.

ביי דער מאמען האט זיך די נאז פארשפּיצט, שופרדיק, כ'האב געזען ווי די אויגן האבן זיך ביי איר פארצויגן מיט א מאָט הייטל. מיט א געקוועלט, אבלדיק קול האט זי א רוף געטון:

— ניטע, נייטשע, באַזין דיך!

נייטשע האט איר שנעל דערלאנגט די האנט און מיט א נאך מער לויז־באַסיקער שטימע א זאג געטון:

— זאַ נישט קא נאַר, כ'פארדין דאס ערלעך און כשר,

---

*) אזעלכע קשיות. **) בוענאָס איירעס.

מיט מיין אייגן לאַאַב און גוף. ווען מיין טאטן וואלט זיך נישט פארוועלן אויסארבעטן אייגענעם שפערטעס און אײ־געגנע באַנדעראָלן, וואלט ער נישט פארשיקט געווארן קאַ סיביר, וואלט נישט געווען קא קאטארזשאַן און ס׳וואלט צו דעם אלעם נישט דאַגאַנגען. מינעסטאָם האט גאט אזוי גע־וואָלט, האט ער, פּאַפּאַלן...

און ארומגעכאפּט דער מאמען און זי אנגעקושט:

— מיט די קינדע, זעיסטי, וועלעך זיך ניש קישן. בי, זאַאַמע גיזיינט און גליקלעך! א גוט יאר און א גיטע כסימע טויווע!

און נאך אימפּעטיקער ווי זי איז געקומען איז זי אוועק, א זעץ טוענדיק מיט דער טיר. ס׳האט נאך אמאל א בלאז געטון מיט ווינט און צופנדיקן פּארפוס־ריח.

אין א האלבער שעה ארום איז דער טיש שוין געווען געדעקט מיט מחיהדיקע, געקאכטע מאכלים, געברענגט פון א גארקעך, פרוכטן און אפילו א קליין פלעשל וויין.

דער טאטע איז געקומען גאר שפעט. ער האט די טיר געעפנט פּאמעלעכקע, רוישלאָז, נישט־דרייסט, פארשעמט. ער האט, זעט אויס, טאקע קיינעם פון זיינע ידידים נישט געטראפן, צוריקגעקומען מיט ליידיקע הענט. דערזען דעם געדעקטן טיש, האט ער זיך צוריקגעצויגן. א קוק געטון אויף דער מאמען, אבער זי האט אפגעווענדט דעם קאפּ אין א זייט. האט ער געקוקט אויף אונדז, געפרעגט מיט די בליקן, מיר האבן אבער באמערקט ווי די מאמע ווייזט אונדז מיט א פינגער אויפן מויל.

זיסלעך, מיט איינגעהאלטענעם שטאָלץ, האט זי זיך אנ־
גערופן:

— מ׳נע, יעקב, גיי וואש זיך און קום עסן. כ׳גיי באלד
אוועק איינצאָלן פאר א שטאָט אין שול.

דער טאטע האט א פארשעמטער זיך צוגעזעצט עסן —
כאטש נאך אלץ אנגעשטעלט פרעגנדיק די בליקן:

— עפעס שפּירט מען דא אזעלכע ריחות.

ס׳יונגערע ברודערל האט זיך נישט געקענט איינהאלטן
און א בורטשע געטון:

— נייטשע.

כ׳ווייס נישט צי דער טיש האט זיך א טרייסל געטון,
צי דער טאטע האט אזא ציטער געטון. ער האט גיך אפגע־
רוקט דאס עסן. איך, דער עלצטער בן, האב געוואָלט נאכ־
טון דעם טאטן, און אויך אפגערוקט דעם טעלער:

— כ׳קען נישט, מאמישי, ס׳שפּירט זיך מיט פערפום.

ס׳האט א פלייץ געטון פון אירע אויגן. די טרערן זענען
געווען ווי פון א העליש פייער באלויכטן.

— גאָט, גרויסער גאָט, רבונו דעלמא כולא, דער וואס
כ׳בין נישט ווערט זיין נאמען צו דערמאנען — דיינע וועגן
זענען פארהוילן! אלמעכטיקער, דער וואס כ׳האב מיר נישט
געוואשן די הענט — דו שטעלסט מיך פאר א נסיון? ענט־
פער, גאָט!!

זי האט זיך אויפגעריסן אויפגעשטעלט, א קלאפ גע־
טון מיטן פויסט אין טיש:

— שטיל זאל זיין! נישט מבייש זיין די סעודה המפ־
סקת! ס׳איז פאר כל נדרי!

אפגעהאקט. אצינד האט זי אזוי שטיל, ווי מען זאגט נאך ביי מזכיר נשמות, געפליסטערט:

— כ׳על פארשפעטיקן, איינצאלן׳ פאר א שטאט, אין שול. כ׳מוז, גיין.

די טיר׳ האט, דאכט מיר, זיך אליין געעפנט, די מאמע שוועבט לופטיק, דעם קאפּ איבערגעדעקט מיט דעם שווארצן שאַל. ער איז אזוי לאנג געווארן דער שווארצער שאַל, ער הייבט זיך, פליט. די מאמע איז שוין אויף די שטיגן און דער שאַל פאליעט נאך אלץ אריין אין דער אפענער טיר.

דער טאטע זיצט צוריק אנגעלענט דעם ווייזפינגער אויף דער נאז און בייסט דאס קליינע, טרויעריקע, שווארצע בער־דעלע.

# קאַנוואַליען

געווידמעט מײַנע אומגעקומענע פֿאַניע און מאַיאַ

### א.

איך מוז אים אויסהערן און וועל אים אויסהערן. זיין בליק האט געפונען א שנעלן קאנטאַקט מיט מיין אינעווייניקסטן וועלטל, נאָך איידער איך האב באוויזן פעסטצושטעלן לאָגיש, אז דער דאזיקער מענטש שפיגלט אפּ מיין איך. אין זיינע אויגן פלעמלט עקסטאז. אין אזעלכע מינוטן רעדט מען נאָר אמתע רייד. יעדעס וואָרט זיינס באַרירט א קלאַוויש פון צער. ער הייבט אָן שטיל, פּאַמעלעך, באמערקט נישט ווי זיין טאָן ווערט אלץ העכער און געשווינדער.

איך מוז אים אויסהערן — ווייל ער רעדט מיינע אייגענע רייד.

ער הייבט אָן פון עפּעס א ווייטן ענין, נאר ער האט, זעט אויס, א שייכות צו א לעצטער איבערלעבעניש.

— יאָ, אָרעמע יידישע קינדער פון דער דזשיקע־גאַס אין ווארשע, האבן זעלטן געזעען בלומען. ביי אונז אין שטוב האב איך ווינטערצייט געפלעגט זעען בלימעלעך פון אייז אויף די שויבן. ערב־פּרילינג האבן די פייכטע ווענט אין אונזער שטוב אויפגעטאַיעט און געלע פלעקן האבן אָנ־

געבימען די צורה פון קראַנקע, פאַרווייַנטע בלומען. געטריפט מיט טרערן־טראָפּנס. די פייכטקייט האָט זיך אויך אַריינגע־כאַפּט אין די רויטע ציכלעך. ביים איבערציִען דאָס בעט־געוואַנט האָט מען געזען אויף זיי די זעלבע וואָס אויף דער וואַנט פאַרבעצטע, געלע פלעקן, אויך אין געשטאַלט פון קראַנקע, פאַרווייַנטע בלומען.

ווען דער טאַטע, אַ קראַנקער, האָט זיך שטאַרק פאַנאַנ־דערגעהוסט, אויף זיין פּנים האָבן זיך געפאַרבט בולטער די רויטע אינזעלעך, האָט די מאַמע פאַרבראָכן די פינגער און מיט אַ פינצטער קול אַריינגעקרעכצט אין אַ ווינקל:

„אוי, די שווינדזוכט־בלימעלעך צעבליִען זיך שוין אויף זיין פּנים"...

אָט וועגן אַזעלכע בלומען האָב איך דאָס געוווּסט אין מיינע קינדער־יאָרן.

ב.

— ווען איך בין אַלט געווען בערך פינעוועצוואַנציק יאָר, האָב איך זיך באַשטעלט אויף אַ ראַנדעוווּ מיט אַ מיידל, אין וועלכער איך בין געווען פאַרליבט מיט אַלע מיינע אָנגע־זאַמלטע בענקשאַפטן.

עס איז געווען אין אַן ערב־פרילינג נאָכמיטאָג, ערב־פּסח. זי איז אָנגעקומען מיט אַ קליינער פאַרשפּעטיקונג. איך האָב זיך נאָר מיט איר באַגריסט און גאָרנישט מער געזאָגט. מיין געוויינלעכע באַרעדעוודיקייט האָט מיר דענסטמאָל צו גאָר־נישט גענוצט. ווען איך האָב פּאָרט געפּרוּווט אַרויסברענגען עטלעכע ווערטער, האָבן זיי אונטערגעציטערט ווי אַ קלאַנג,

בעת דעם פידלער געלונגט נישט פעסט צוצודרוקן מיטן פינגער די סטרונע, איך האב געקנייטשט אין האנט דעם ביי־געקויפטן קאפעליוש, די הענטשקעס. איך האב געוואלט אז עס זאל מיר געראָטן כאָטש אנצוכאפן איין גאנצן זאץ מיט ווערטער און אים ארויסשליידערן מיט איינמאל, פריי און פליסיק, עס האט זיך מיר אבער נישט איינגעגעבן.

מיט דעם זעלבן מיידל האב איך שוין געהאט געארבעט זינט פיר יאר אין איין ביורא, אפטמאָל אין דעם זעלבן צימערל און אפילו ביי איין טיש. ערשט נאָך מיט צוויי שעה פאַרן ראנדעווו, האבן מיר גערעדט צווישן זיך פריי, נישט געצווונגען, אבער אצינדער האט עס זיך אונז באין אופן נישט איינגעגעבן. צו דעם ראנדעווו האב איך זי באשטעלט דורך א בריוועלע, געשיקט דורך דער פאָסט. איך האב געשריבן, אז איך האב מיט איר צו רעדן א וויטיק־ערנסטן ענין.

וואס פארא שטייגער מיידל זי איז געווען? אלע מענטשן זענען צו זיך זייער ענלעך, באכמער זענען צו זיך ענלעך — פרויען, אזוי האַלט, געווייינלעך, די וועלט, אבער איר זאלט דערין נישט גלייבן. גופים זענען צו זיך ענלעך, אבער נישט קיין נשמות. און נישט יעדער גוף איז דאָך באשאנקען מיט א נשמה.

און אויב יעדע נשמה באזונדער מוז פריער באהויכט ווערן פון באשעפערס אָטעם, געווארעמט ווערן אין זיינע הענט, אין זיין בוזעם, האט איר נשמה גאָט לאנג באהויכט און געווארעמט און געטוליעט. און אזא אויסגעווארעמטע האט זי געדוט אין אירע אויגן־ווינקלען, געניגונט אין איר

קול, דעמלט ווען אירע רייד זענען געווען שעמעוודיקע, קינ־דערשע, ציטערנדיקע, און זיי זענען עס תמיד געווען.

זענען מיר דעריבער אפילו געפעלן געווארן אירע זומער־שפרענקעלעך אויפן פנים. נאָך מער פארליבט אין איר האב איך זיך ערשט ווען איך האב דערזען א צערעלע אין איר קליידל.

וואַרט, וואַרט, איך וועל אייך זאגן גענוי — דאס צע־רעלע איז ביי איר געווען אויפן לינקן ארבל, שוין נאָענט צום אקסל, פון פראנט, און אביסל זייטיק. עס איז געווען א טונקל קליידל, גראַנאַט, פון א ווייכן זייד. דאס קליינטשיקע שטאָפּקעלע האט מיר אנטפּלעקט אינטימקייט, היימישקייט, בשמהדיקייט.

זי איז געווען מיט צוויי יאר יונגער פון מיר. זי האט, דאכט זיך, אלעמען ליב געהאט, אבער ליב קריגן ווער־מען גאנץ באזונדער האט איר אויסגעזען א ווייטע זאך. זי האט, מסתמא, וועגן ליבע נישט איינמאל געחלומט, זיך געשאפן איר פארשטעלונג ווי אזוי עס וועט אויסזען איר באשערטער, אבער מיט דערווירקלעכקייט האט עס נישט צו טון. אזעלכן באגעגנט מען נישט. איז זי פול מיט ליבע צו בלומען, קושט זיי; האט זי ליב קינדערלעך, קליינע הינטעלעך; האט זי ליב היסטארישע העלדן און ליבע־קראנקע פרינצעסינס; זי האט ליב איר מאַמע און שוועסטערן, די בילדער פונעם פאר־שטארבענעם פאטער און ברודער; זי האט ליב אירע חבר־טעס, אירע קאלעגן אין ביורא, האט ליב קראנקע און אָרעמע — אויב נאָר זיי זענען זויבערע — אבער אזוי? ווער־מען ליב קריגן ווי א באשערטן?

בעת זי האט באקומען מיין בריוועלע צו קומען אויף א ראנדעוווּ, איז זי, מסתּמא, געווען שטארק איבעראַשט, נאָר זי איז געקומען. זי וועט דאָך נישט אפזאגן א קאלעגע מיט אים זיך צו טרעפן. במשך די פיר יאר האט זי דאָך באַדאַרפט ווי עס איז באמערקן, אז יעדע אויסשטראלונג פון איר בליק האב איך אויפגעכאפּט און אים ביי מיר פאר־האלטן; אז יעדער איר וואָרט געווענדעט צו מיר, האב איך מער ווי געהערט.

הכּלל — זי איז געקומען. געווען אוודאי אויך נייגעריק צו זען און צו הערן ווי אזוי דאס קומט פאָר, וואָסערע רייד מען רעדט, ווי אזוי עס קלינגט. זי איז אלט געווען דרייאונ־צוואנציק יאר, אבער זי איז נאָך געווען לגמרי א קינד. מיט דער תּמימותדיקער ווייבערשער קינדישקייט, וואס זעט די וועלט לויט די מעשהלעך פון דער גוווערנאנטין און לויט די געפּייערטע געבורטסטאגן אין איר היים, צוזאמען מיט דער מאַמען, שוועסטערן און חברטעס.

שטייען מיר אצינד אזוי ביידע ביים ראָג און וואַרטן אויף א טראַמוויי, אוועקצופארן אין אויאזדאָווער פּאַרק. דאָרט, דאָרט, אויף דער לעשנאָ־גאַס, איז מען נאָך אַלץ אין דער סביבה וואס דערמאנט אין ביוראָ, אין רעכענונגען, אין שרייב־מאשינען, אין וואָכנדיקע טאגטעגלעכקייטן.

אין אויאַזדאָווער פּאַרק איז שטענדיקער יום־טוב. דאָרטן זענען די מענטשן אנדערע און די ביימער זענען אנדערע ווי דאָ, אויף דער לעשנא גאַס.

אנגעקומען אין פּאַרק, זענען מיר אוועק אין א זייטיקער אלייע. איך האב געבענטשט דעמלט די ביימער פאר זייער

שטילן וויגן די צווייגן, פאַר זייער שאָקלען זיך אויף: „יאָ", „יאָ", „יאָ". זיי האבן געפלאכטן שאָטנדלעך פאר אונזערע טריט, באַהעלט מיט זון־אינזעלעך, געשטיפט און געהנדלט מיט אונז. אבער רעדן האב איך נאָך אלץ נישט געקאנט, אלע ווערטער האבן זיך ערגעץ פארשטעקט, פארהאקט. איך האב שוין גע־וואלט פאַרלייגן צוריקצוגיין, וואס שנעלער ארויס פונעם פאַרק, צוריקפאָרן און זיך אפגעזעגענען. באותו הרגע איז ווער אָ־רויסגעשפרונגען ערגעץ פון א זייט און אונז פאַרלאָפן דעם וועג. דאס איז געווען א יונג, באָרוועס שיקסל, מיט בינטלעך בלומען אין א געפלאכטן קיישעלע. א שמייכלענדיקע און אָ־רויטפאָדערנדיקע לייגט זי מיר פאָר צו קויפן א בינטעלע פרישע בלומען, קאָנוואַליעס. מיין פאַרטנערין האט מיך א כאפּ געטון פאַרן אָרעם:

— ווי וווּנדערבאַר! קאָנוואַליען! די ערשטע קאָנוואַליען! מיינע שעמעוודיקע, ווייסע קעפעלעך! ליכטיקע קאָנוואַליען מיינע!

איך האב געקויפט אזא בינטעלע און עס איר דערלאנגט. זי האט זיי א לייכטן קוש אפגעגלעט. אירע אויגן האבן גע־שמייכלט גליק. פון נישט וויסן וואס צו זאגן, האב איך, מעשה לערער, איר אויפגעקלערט:

— אויף יידיש הייסן קאָנוואַליען: מאַי־גלעקלעך, אויף רוסיש הייסן זיי — לאַנדיש.

און מיין בארעדעוודיקייט האט גענומען שפרודלען, איך וואָרט איז פאַרלאָפן דעם וועג א צווייטן, זיך איבערגעיאגט, אריבערגעשפרונגען. איך האב שוין גערעדט און גערעדט, גע־

שמייכלט, געלאכט, אלץ אין מיר האט זיך געפרייט און גע־
זונגען.

ג.

יעדעס יאר, ערב פסח פארנאכט, האב איך אין אונזער שטוב איר ארייגעבראכט א מתנה א בינטל קאנוואליען. אויך דאַמאָלט, ווען זי איז שוין געווען א מאמע, ווען אונזער טעכ־טערל איז שוין ארומגעלאפן איבער דער שטוב און זיך גע־שפילט מיט זון־שטראלן און דאס גלאזווארג אויפן קרעדענס האט אונטערגעציטערט פון איר הילכיק, קוועלנדיק געלעכ־טערל. בעת איך האב איר דערלאנגט דאס בינטעלע קאנוואליען, האט זי זיך דערמיט אראפגעבויגן צום טעכטערל, אונז ביידן ארומגענומען.

ד.

ערב פרילינג. ערב פסח. יאר ניינצן זעקס און פערציק. די לאַדזשער גאַסן זענען פול מיט יידן צוריקגעקומענע פון די פארשידנסטע לאַגערן. טייל זענען ערשט אויסגעשטיגן פון די וואַגאָנען, וואס האבן זיי געפירט וואכן צייט פון די ווייטע, סיבירער שליאַכן. די צוריקגעקומענע, ס'רוב נאָך אין וואטענע פופייקעס און וואַטענע הויזן. זייערע בגדים, שיך, פונקט ווי זייערע פנימער און אויגן, זענען אויסגעגעסן פון שטויב. זיי־ערע בליקן זענען משונהדיק־איילִיקע, אויפגעריסענע, ניש־טערנדיקע, בויערנדיקע. זיי זוכן, זיי זוכן! זיי זוכן זייערע

געלאָזענע נאָענטסטע, זייערע פרויען און קינדער, זייערע מאַ־
מעס און שוועסטערן. זיי קוקן זיך איין אין יעדן פאַרבייגייער,
זיי קוקן אויף די הייזער, זיי זוכן אויף דער ערד, זיי הייבן
זייערע בליקן צו די הימלען — ווו זענען זייערע נאָענטסטע?
זיי זוכן די אומגעקומענע, זייערע אייגענע. אַלע יידישע אויגן
זענען דאמאָלט פרעגנדיקע און זוכנדיקע — אפשר ?! טאָמער ?!
ווו אהינגעקומען?! ווו זענען זיי?! ווו זענען זיי?!

און איך בין אויך געווען איינער פון די דאזיקע זוכנדיקע.
איך האב שוין געהאט געוווסט, גיכער געאַנט, אז מיין פרוי
און טעכטערל זענען אומגעקומען. אין יאר 1941 אדער 1942.
גענוי — ווען, ווי אזוי און ווו — ווייס איך נישט עד היום.
זוך איך, קוק איך, ווו זענען זיי? אפשר? טאָמער? דאָך...

און אזוי גיי איך דאַמאָלט א לויפנדיקער איבער די
לאָדזשער גאַסן און דערזע פלוצים אין אַן אויסשטעל־פענצ־
טער —

קאָנוואַליען!

איך דערזע זי! אָט דאס זענען דאָך אירע אויגן! אָט
דערזע איך דאָך איר שמייכל! אָט־־אָט־דא איז זי דאָך! זי,
זי! זי פארבאהאלט זיך אין די קאנוואַליען!

## ה.

איך בין אריין אין דעם בלומען־געוועלב. איך האב גע־
קויפט אזא בינטעלע. איך בין גיך דערמיט געלאפן אין
פּליטים־הויז, דאָרט איז ביי מיין געלעגער געשטאנען א שטול.
איך האב די קאנוואליען אריינגעשטעלט אין א גלאז וואסער
און אוועקגעשטעלט אויפן שטול.

איך האָב געקוקט אויף די שעמעוודיקע, ווייסע בלומען־קעפּלעך און געזען איר בליק, שמייכל, אָבער נישט לאַנג האָט דאָס געדויערט, איך האָב דערזען אַנגעצונדענע פייער־לעך. אוודאי, דאָס זענען די יאָרצייט־ליכט, איך זע דאָך! אָט גייט אַ פלאַם פון די בלומען, זיי ברענען, זיי ברענען, זיי פלאַ־קערן! איך שריי אויס איר נאָמען, איך וואַרף זיך קושן די פלאַמען, ווערן זיי קלענער די פלעמעלעך. עס טריפט פון זיי קליינע טראָפּנס פייער, נייִן, עס זענען גאָר טרערן. זי שמייכלט און וויינט, זי וויינט און שמייכלט — קאַנוואַליען איז דאָך איר באַליבטסטע בלום, איר גליק, נאָר זי קען נישט פאַר־געסן דאָס טעכטערל. וויינט זי, וויינט. און די יאָרצייט־ליכט ברענען און טריפן.

קאַנוואַליען.

קאַנוואַליען!